# רפאל פעדערמאַן

•

# ביי די טייכן וואַרטע
# און
# איסט־ריווער

דאָס בוך איז אַרויס פון דרוק דעם 24סטן מערץ, 1957

# בײַ די טײַכן װאַרטע און איסט ריװער

פון


## רפאל פעדערמאַן


אילוסטרירט פון

נאָטע קאָזלאָװסקי

איניציאַלן פון

בן־ציון צוקערמאַן




אַרויסגעגעבן פון רפאל פעדערמאַן

175 איסט בראָדװײ, ניו־יאָרק 2, נ. י.

תשי״ז — ניו־יאָרק, נ. י. — 1957

# BEI DI TAICHEN WARTE UN EAST RIVER

**(From the Warta River to the East River)**

**By RAFAL FEDERMAN**

Illustrated by

**Note Koslowsky**

**Initials by Ben-Zion Zukerman**



**Published by**

**RAFAL FEDERMAN**

**175 East Broadway**

**New York 2, N. Y.**

Printed in the U.S.A.
by Futuro Press, Inc., New York, N. Y.


200

דאָס בוך איז געהייליקט דעם טייערן אָנדענק פון מיינע נאָענטסטע, מיינע עלטערן, מיינע ברידער און מיינע שוועס־טער, זכרונם לברכה, די חברים פון „בונד", די העלדן און מאַרטירער, דער יידישער קהילה פון טשענסטאָכאָוו, מיין שטאָט, די אומגעקומענע פון די נאַצישע רוצחים.

כ ב ו ד ז י י ע ר אָ נ ד ע נ ק !



## עטלעכע ווערטער פון מחבר

מיט אַן אומרואיק געפיל טראָג איך צו דעם לייענער דאָס דאָזיקע בוך „ביי די טייכן וואַרטע און איסט־ריווער".

איך האָב בלויז געוואָלט פאַרצייכענען אַ כראָניק פון דער צייט, און פון דער סביבה, אין וועלכער איך האָב געלעבט איבער זעכציק יאָר.

... איך האָב אַ סך דורכגעמאַכט אין די אַלע יאָרן פון מיין לעבן. צוויי וועלט־מלחמות, ליידן, מאַטערנישן, סיי אייגענע, סיי די ליידן וואָס איך האָב זיך אָנגעזען ביי מיינע חברים. און איצט, דער מוראדיקער חורבן פוילן, דער חורבן פון מיין חיים און די פאַרטיליקונג פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע; דאָס אַלץ האָט געזוכט אין מיר אַן אויסדרוק. איך האָב געטראַכט, זאָל כאָטש אַ טייל פון מיינע איבערלעבונגען און די איבערלעבונגען פון מיינע חברים, — ערגעץ וואו פאַרצייכנט ווערן.

ניט אַלץ וואָס איך דערצייל דאָ האָט אָבער צו טאָן נאָר מיט ליידן. עס איז אויך געווען אַ לעבן פול מיט פרייד, ליידנשאַפטן און אויך שטרויכלונגען. איך האָב געפילט, אַז אויך וועגן דעם דאַרף איך דערציילן. אַנדערש וואָלט עס נישט געווען קיין כראָניק פון אַ פול לעבן. דאָרט וואו עס איז דאָ ליכט מוז אויך זיין שאָטן. האָב איך אויך די שאָטנדיקע זייטן פון זיך און פון מיינסגלייכן געוואָלט אַרויסברענגען אין אָט דעם בוך.

צי האָב איך גוט געטאָן?

ווייס איך נישט! דאָס לאָז איך איבער פאַרן לייענער צו משפטן!

איך האָב, חלילה, מיט דעם בוך נישט געהאַט בדעה אָנצושרייבן װעלכן עס איז קינסטלערישן ראָמאַן. דאָס בלייבט איבער פאַר דעם אמתן קינסטלער, װאָס װעט, האָפנטלעך, אַמאָל יאָ זיך קענען באַנוצן מיט דעם שלל בילדער און פּאַסירונגען, צום טייל אמתע, פון מיין אייגענעם לעבן, און צום טייל פונעם לעבן פון אַנדערע.

די שטאָט װאַרטע איז אויף דער מאַפּע נישטאָ. װאַרטע קען אָבער זיין מיין און אייער שטאָט, און די פאַרשװינדענע — מיינע און אייערע באַקאַנטע. אויך יוסף, דער הויפּט־העלד פון די דאָזיקע עפּי־זאָדן און בילדער, איז, לויט מיין באַשיידענער מיינונג, מער װי איין באַשטימטער העלד. איך האָב דאָס געפיל, אַז מער װי איין מאָדער־נער ייד װעט זיך אַליין דערקענען אין די בלעטלעך פונעם דאָזיקן בוך.

אויב דער לייענער װעט אין איינעם פון די פּערזאָנען געפינען אַן ענלעכקייט צו מענטשן װאָס ער קען, איז עס אַ ריינער צופאַל.

רפאל פעדערמאַן

ניו־יאָרק, אויגוסט, 1955.

אַ שאָטן איז דעם מענטשנס לעבן,
אוי יאָ, עס איז אַזוי.
ער יאָגט דאָס גליק און טרעפט דערנעבן
און יאָגט און פֿאַלט אוי־אוי!

ה. ד. נאָמבערג

# 1



י זיידעס זיינע האָט יוסף נישט געקענט. ער האָט בלויז געקענט זיין באָבע רבקה פון דער מוטערס צד. איר מיידלשער נאָמען איז געווען רודניק. זי האָט יאָרן לאַנג געוואוינט מיט יוספס עלטערן און מיטגעהאָלפן אין דער פרנסה.

יוספס פאָטער, דוד שאַליט, איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ בראָנפן־סקלאַד. דער בראָנפן־סקלאַד האָט זיך געפונען אויף טילנע גאַס. יוספס פאָטער איז געגאַנגען לאַנג געקליידט, אָבער ער האָט געטראָגן אַ שטייפן קאָלנער און ער פלעגט צושערן די באָרד. ער האָט געדאַוונט אין ראָספּזשער שטיבל און געפאָרן צום ראָספּזשער רבין נאָך אַן עצה, ווען נאָר ער האָט זיך געפונען אין אַן עת־צרה. יוספס מאַמע, גוטשע, האָט געהאַלטן אַ שענק אויף גאַרנצאַרסקע גאַס.

יוסף איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט וואַרשע, אין הויז וואו עס איז געווען די שענק. אין אַ יידיש ספר זיינען געווען פאַרשריבן די ריכטיקע געבורט־דאַטעס פון אים און פון אַלע זיינע ברידער און שוועסטער. עס איז אַפילו אָנגעוויזן געווען געגנוי די שעה פון זייער געבאָרן ווערן. דאָס ספר איז מער נישטאָ, אָבער לויטן אָפיציעלן רוסישן, און שפעטער לויטן פוילישן פאַס, איז יוסף געבאָרן געוואָרן דעם 24טן מערץ, 1892. ווייזט אויס אַז ער איז נישט פאַרשריבן געוואָרן ריכטיק, ווייל מיט אַ צייט שפעטער האָט יוספס פאָטער דערמאָנט, אַז ער האָט עס געטאָן צוליב דעם עלטערן ברודער, זלמן, מחמת דעם, אַז ער זאָל נישט זיין צופיל אָפגערוקט אין

יאָרן פון יוספן, און כדי זלמן זאָל האָבן אַ געוויסע פאַרלייכטערונג ביים פריזיוו.

ווען ס׳איז אַרויס דאָס געזעץ אַז יידן טאָרן נישט האַלטן קיין שענקען מיט בראָנפן, האָט זיך יוספס משפחה איבערגעצויגן אויף דעם צווייטן עק פון גאַרנצאַרסקע גאַס, נאָענט פון אַלטן מאַרק, לעבן דער אַלטער שול און בית־המדרש. דער פאָטער האָט פאַרלאָרן, זיין לאַנגיאָריקע שטעלע ביי קרוקן (דר. יוסף קרוקס פאָטער), צוליבן איינפירן דעם בראָנפן־מאָנאָפּאָל. אָבער דערפאַר האָט ער דורך פּראָטעקציע באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ בירשענק.

מיט פרנסה איז געווען שווער. די מאַמע, די עלטסטע שוועסטער, הינדע, און אַפילו די באָבע רבקה האָבן שווער געאַרבעט כדי אַרויסצוציען חיונה פאַרן גאַנצן הויז־געזינד. יוספס עלטסטער ברודער, ישעיה, האָט געלערנט אין בית־המדרש. יוספס עלטערער ברודער, זלמן, איז שוין געגאַנגען אין שול און האָט זיך געגרייט אַריינצוטרעטן אין פּראָגימנאַזיע. ער, יוסף, איז געגאַנגען אין חדר.

ווען יוסף איז געגאַנגען אין חדר, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון עטלעכע תלמידים, האָט ער זיך געחברט מיט אַ יינגל, לייזער. די חברשאַפט האָט אָנגעהאַלטן ביז זייער רייפסטער יוגנט. דאָס חדר האָט זיך געפונען אויף דער נאַדרזשעטשנע גאַס, נישט ווייט פון די קאַסטענעס, ביי דעם טייך וואַרטע. ווינטער פלעגט יוסף גיין אין חדר גאַר פרי, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער. אין האַנט האָט דער קליינער יוסף געטראָגן אַן אָנגעצונדן לאַמטערנדל.

אַלס קינד איז יוסף געווען שטאַרק געהאָרכזאַם און פרום. די מאַמע האָט נישט געהאַט קיין צייט מיט אים צו מאַכן אַ ברכה, יוסף פלעגט אַריינלויפן צום שכן זייערן, ר׳ איתמר, אַ ייד מיט אַ ברייטער באָרד, מיט גרויסע ברילן אויף דער נאָז. ר׳ איתמר האָט אויסגעזען ווי אַ רב. ער האָט מיט יוספן געמאַכט די ברכה. אַנדערש האָט יוסף נישט געוואָלט טועם זיין. ר׳ איתמר האָט יוספן שטאַרק ליב געהאַט און אויף אים געהאַט אַ גרויסע השפעה.

צוזאַמען מיט זיין פאָטער איז יוסף געגאַנגען דאַוונען אין ראָספּזשער חסידים־שטיבל, נישט איין מאָל איז יוסף אויך מיטגעפאָרן צום רבין קיין ראָספּזשע. פון די שטיבל־מענטשן זיינען יוספן געבליבן אין זכרון די יום־טובדיקע בעלי־תפילות, ר׳ כתריאל, ר׳ איטשע מאיר און ר׳ משה שבתי. צום שטאַרקסטן איז יוספן פאַרבליבן אין זכרון ר׳ איטשע מאיר. דאָס איז געווען אַ ייד אַ הויכער, שטענדיק מיט אַ ליולקע אין מויל. ער האָט געהאַנדלט מיט פעלעכלעך און איז געווען אַ בעל־תפילה אין דעם

שטיבל, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט ביי ר׳ איטשע מאירן אין שטוב. ר׳ איטשע מאיר פלעגט ראש־השנה דאַוונען מוסף און אַליין אויך זיין דער בעל־תוקע. זיינע זין, יאָסל און שמואל, האָבן אים אונטערגעהאַלטן ווי משוררים.

יוסף געדענקט אַ פאַל, ווען איטשע מאירס עלטסטער זון, יאָסל, אַ בחור מיט אַ שיין לענגלעך פּנים און געקרייזלטע פּאות, האָט דעם פאָטער עפּעס נישט געהאָרכט, האָט ער באַקומען פון פאָטער זיינעם אַ פּאַטש, אַז יאָסלען איז אַרויסגעפאַלן אַ צאָן. פון דעמאָלט אָן האָט יאָסל פאַרן פאָטער זיינעם שטאַרק מורא געקראָגן. דער צווייטער בעל־תפילה, ר׳ כתריאל, איז געווען אַ ברייטער ייד, אַ פריילעכער, אַ זינגענדיקער און אַ גוטמוטיקער. יוסף געדענקט כתריאלן צום בעסטן פון זיינע שמחת־תורהדיקע טענץ. די התלהבות, ר׳ כתריאלס, האָט דעם קליינעם יוספן ממש מיטגעריסן. אַלס יינגל איז יוסף, אגב, אויך באַרימט געווען מיט זיין טאַנצן אַ קאָזאַק יעדן שמחת־תורה. יאָר־איין יאָר־אויס איז דער פינאַל פון די חסידים־טענץ אין שטיבל געווען: „יוסף וועט טאַנצן אַ קאָזאַק!"

צוליב יוספס שיין טאַנצן האָבן זיך מיט אים געחברט אַלע קינדער פון שטיבל און אויך שמואל, איטשע מאירס יינגערער זון. כאָטש שמואל האָט געקענט מער לערנען פון יוספן, דאָך האָט שמואל געקלעפּט צו יוספן. יוספן האָבן אַלע געקענט, ווייל ביי זיין טאַטן האָט מען געקויפט די פעסלעך ביר צו אַלע מלוה־מלכה׳ס. און נישט איין מאָל האָבן די יינגלעך מיט יוספן צוזאַמען געשלעפּט איבערן גאַס די פעסלעך ביר פון שענק אין שטיבל אַריין.

נאָך יוספן זיינען געווען נאָך צוויי שוועסטערלעך, צירל און רייזל. זייער געבוירן ווערן געדענקט נישט יוסף געניי. עפּעס ווי פאַרנעפּלט גע־דענקט ער ווי די מאַמע איז געלעגן אין קימפּעט מיט דער יינגסטער, מיט רייזלען. דערפאַר געדענקט ער שוין גאָר גוט, ווען רייזל, אַ פּרעכטיק־שיין מיידעלע פון אַ יאָר פיר־פינף, איז פּלוצעם קראַנק געוואָרן אויף שאַרלעך און באַלד דערנאָך געשטאָרבן. דאָס איז געווען אַ גרויס אומגליק אין שטוב. די מאַמע מיטן טאַטן האָט מען צו דער לוויה נישט געלאָזט גיין. יאָרן לאַנג, געדענקט יוסף, האָבן די עלטערן זיינע, באַזונדערס די מאַמע, נישט איינ־געשלאָפן ביז זיי האָבן זיך נישט גוט אויסגעוויינט אויף דעם גרויסן אומ־גליק. יוסף געדענקט ווי ער פלעגט גיין אויפן אַלטן בית־הקברות, און שעהען לאַנג קוקן אויפן קליינעם מצבהלע אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן: „פּ. נ. רייזל שאַליט", און די דאַטע פון רייזעלעס געבורט און איר טויט. יוסף האָט דערפאַר נאָך שטאַרקער ליב געקראָגן זיין יינגערע שוועסטער, צירל.

די מאַטעריעלע לאַגע אין יוספס שטוב איז געווען ווייט נישט קיין

גלענצנדיקע, הגם די עלטערן האָבן געהאַלטן אַ שענק; אַפילו אַ שטיקל הערינג איז געווען ביי די קינדער אַ גאַנצע מציאה! די מאַמע פלעגט זיי צוטיילן בלויז דאָס איבערגעבליבענע קעפּל פון הערינג, אָדער דעם עק. אַ זעמל האָט מען געמוזט עסן אָן פּוטער. די שטענדיקע שרעק פאַר די סמאָטשיקעס (רעוויזאָרן) איז געווען גרויס. אין שענק האָט מען אויך פאַר־קויפט בראָנפן אין געהיים. די מאַמע, אָדער יוספס עלטערע שוועסטער, פראַדל, פלעגט טראָגן דאָס פלעשל בראָנפן אונטערן פאַרטעך, און מ׳האָט בלויז פאַרקויפט צו יידן אָדער צו גאָר גוט־באַקאַנטע קריסטן. נישט איין מאָל האָבן רעוויזאָרן געשמעקט צו די גלעזלעך, ווען־דיק אויסגעפינען, צי אין זיי איז טאַקע געווען בראָנפן. איז מען אַמאָל אַריינגעפאַלן, האָט שוין געמוזט קאָסטן אַ שפּאָר ביסל „לאַפּאַווקע״ (כאַבאַר), אַז מען זאָל די „עבירה״ פאַרווישן.

יוספס פאָטער איז דער דאָזיקער עסק און די שטענדיקע שרעק נמאס געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן זוכן עפּעס אַ נייע פרנסה.



# 2



יין מאָל אין אַ ווינטער־פרימאָרגן, ווען יוסף איז געקומען אין חדר, האָט זיין רבי, פּייוול אביגדור, אים באַגעגנט מיט אַ ברייטן גוט־מאָרגן און אים אָפּגעגעבן מזל־טוב. יוסף האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט און געמיינט אַז דער רבי מאַכט פון אים לצנות, אָבער דער רבי מיט דער רביצין האָבן יוספן מיט אַן ערנסטער מינע מודיע געווען, אַז זיין פאָטער האָט געוואונען אויף דער לאָטעריע „דאָס גרויסע געווינס". יוסף האָט נישט געוואָלט גלייבן, אָבער זיי האָבן אים פאַרזיכערט אַז דאָס איז אמת, ווייל דער שוסטער וואָס וואוינט אין קעלער אויף דעם זעלבן הויף האָט אויך געוואונען אויף דעם זעלבן צעטל.

יוסף האָט זיך גלייך אויפגעהויבן און איז אַהיימגעלאָפן העגדום־פּעגדום אָנזאָגן זיינע עלטערן די גוטע בשורה. אַהיים־קומענדיק האָט ער געטראָפן דער מאַמען פאַרריכטן דעם אויוון אין קיך און דער טאַטע האָט זיך געגרייט אַראָפּצוגיין אין שענק. זיי האָבן געוואוינט איבער דער שענק, אויפן ערשטן שטאָק. דער טאַטע האָט יוספן אויסגעהערט און געזאָגט צו אים מיט די ווערטער: — „גיי, מיין קינד, צוריק אין חדר. ווען עס וואָלט געווען אמת, אַז איך האָב געוואונען אויף דער לאָטעריע „דאָס גרויסע געווינס", וואָלט מען מיר שוין געווען צו וויסן געגעבן. און ווייטער — איך האָב גאָרנישט קיין צעטל. איך שפּיל דאָרט עפּעס אויף אַ האַלבן רובל אויף יהושע־לייזערס צעטל. יהושע־לייזער איז נעכטן ביינאַכט געווען ביי מיר און ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט דערפון. מ'האָט אַוודאי געוואונען די „סטאַווקע" (קרן), זאָגן באַלד מענטשן: „דאָס גרויסע געווינס!"

יוסף האָט אַ טרויעריקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז צוריק גע־גאַנגען אין חדר מיט אַ פאַרביטערט האַרץ אויפן רבין, דערפאַר וואָס ער האָט אים אָפּגענאַרט. דער רבי האָט אָבער ווייטער יוספן פאַרזיכערט אַז ער האָט נישט געמאַכט קיין שום שפּאַס און אַז מענטשן ווייסן בעסער. אַז מען זאָגט, מוז עס זיין אמת. ער האָט גאָר חושד געווען, אַז יוספס פאָטער וויל זיך אפשר נישט מודה זיין וועגן זיין „גרויסן געווינס", כדי נישט אויפרייסן ביי מענטשן די אויגן.

נאָכן אָפּלערנען עטלעכע שעה, איז יוסף מיט זיין חבר לייזער געגאַנגען אַהיים עפּעס כאַפּן אין מויל אַריין. צוקומענדיק נענטער צום הויז, האָט ער באַמערקט אַז די שענק איז געשלאָסן. יוסף האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען און ס'איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז ס'איז מן הסתם אמת, אַז דער טאַטע האָט טאַקע יאָ געוואונען „דאָס גרויסע געווינס".

ער האָט געטראָפן אין שטוב דער מאַמען אַ פאַרוויינטע און דעם טאַטן — אַ פאַרנומענעם, אַזוי ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס געגרייט. אויף זיין פראַגע צי עס איז אמת די בשורה, וואָס ער האָט זיי געבראַכט אין דער פרי, איז דאָס געווין פון דער מאַמען געוואָרן העכער. דער טאַטע איז צו אים צוגעגאַנגען און מיט נאַסע, פאַרוויינטע אויגן האָט ער יוספן אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אין קאָפּ, זאָגנדיק צו אים:

— „ס'איז אמת! דו האָסט אונדז דער ערשטער אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה!"

דאָ האָט יוסף אַליין אויך אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין. ער האָט געוויינט אי פאַר פרייד, אי פאַר פאַרדרוס, וואָס זיי האָבן אים פריער נישט געוואָלט גלייבן.

— „כ'האָב באַלד געוואוסט אַז דער רבי וועט מיך נישט אָפּנאַרן" — האָט יוסף מיט טרערן אויסגערופן.

דאָס איז געווען דער ערשטער און אפשר גאָר דער איינציקער קוש, וואָס דער טאַטע האָט אים ווען עס איז געגעבן, הגם דער טאַטע האָט אים זייער שטאַרק ליב געהאַט, שטענדיק פון אים אָנגעקוואָלן, און גאָר באַ־זונדערס ווען ער האָט געטאַנצט דעם „קאָזאַק" שמחת־תורה אין שטיבל. יידן אַמאָל האָבן, ווייזט אויס, אַנדערש אויסגעדריקט זייער ליבשאַפט צו קינדער און ווינציק וואָס געהאַלטן פון קושן זיך.

צוריק אין חדר אַריין איז יוסף שוין דעם טאָג נישט געגאַנגען. ער איז בלויז צוריקגעלאָפן זאָגן דעם רבין אַז ס'איז אמת, זיי זיינען שותפים צום „גרויסן געווינס". דער טאַטע שטייט אויפן צעטל מיט אַ גאַנצן רובל. דער

רבי האָט אים אויף ס׳ניי אָפּגעגעבן מזל־טוב און האָט אים געהייסן ברענגען מאָרגן בראָנפֿן און לעקעך אין חדר אַריין.

אין יוספֿס שטוב האָט זיך געקאָכט ווי אין אַ קעסל. עס זיינען געקומען מענטשן, מען האָט זיך געסודעט און גערעדט הויך, מ׳האָט געהאַלטן אין איין אָפּגעבן מזל־טוב. די טיר איז געשטאַנען אָפֿן, מ׳איז אַריין און אַרויס. נאָכן טומל מיט די מזל־טובס האָט זיך אָנגעהויבן דער וויכוח מכוח דער גרייס פֿון דעם חלק אין דעם געווינס. שיינע טעג האָט געדויערט ביז מען איז געקומען צו אַן אויסגלייך, וויפֿל עס פֿאַלט אויס אויפֿן טאַטנס חלק. יוסף געדענקט ווי דער טאַטע האָט אים מיטגענומען צו יהושע־לייזערן, דעם הויפּט־שותף פֿון געווינס. דעם טאַטנס חלק האָט באַטראָפֿן מער ווי דריי טויזנט רובל. אָבער יהושע לייזער האָט דעם שותף זיינעם, דודן, נישט געוואָלט געבן מער ווי 2800 רובל. יוסף געדענקט ווי ביי דער „אסיפֿה" האָט ער געהאַלטן אַ רעדע (זיין ערשטע רעדע) און אויפֿגעוויזן יהושע־לייזערן אַז עס קומט דעם טאַטן אַ סך מער. יוסף האָט פּראָטעסטירט קעגן דער עוולה, וואָס מען וויל זיין טאַטן טאָן. יוספֿס ווערטער האָבן געהאָלפֿן, ווייל דער טאַטע האָט טאַקע געקראָגן אויסגעצאָלט מיט הונדערט רובל מער. יהושע־לייזער האָט שפּעטער געזאָגט זיין שותף ר׳ דודן, אַז נאָר צוליב זיין זון יוסף גיט ער די הונדערט רובל מער, אָבער למען השם די איבעריקע שותפֿים זאָלן דערפֿון נישט וויסן.

צענדלינגער יידן זיינען דעמאָלט אין שטאָט אויפֿגעריכט געוואָרן פֿון דעם „גרויסן געווינס". זיי זיינען געווען שותפֿים צו דעם זעלבן צעטל. דאָס איז געווען דאָס גרעסטע געווינס מיט אַ פּרעמיע פֿון דער „ברוינשווייגער לאָטעריע". ביי יוספֿן אין זכרון איז אַפֿילו פֿאַרבליבן דער נומער פֿון צעטל: 52935.

דאָס געווינס האָט אַריינגעבראַכט גרויס פֿרייד און גרויסע האָפֿענונגען אין יוספֿס שטוב. דער פֿאָטער האָט באַצאָלט חובות און האָט געטראַכט וועגן אַוועקלייגן נדנס און צו טאָן גוטע שידוכים מיט די טעכטער.

אין שטוב האָט זיך אַביסל געענדערט די פֿירונג אויך לגבי דער דערציאונג פֿון די קינדער. דער עלטערער ברודער, זלמן, וואָס האָט פֿריער געלערנט ביי זלאָטניקן, איז איצט אָנגעקומען אין פּראָגימנאַזיע. יוסף האָט זיך פֿאַרקוקט אויף זיין חבר לייזער און אַריינגעטראָטן אין דער „נאַראָדנאָיע אוטשילישטשע".

אין די פּאָר וואָכן וואָס יוסף איז געגאַנגען אין דער שול אין דער „ווסטעמפּנע" (פּאָרקלאָס) האָט ער געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות פֿון זיינע חברים, די יינגלעך, אין חסידים־שטיבל. יעדן שבת, ווען יוסף פֿלעגט

קומען דאַוונען, האָבן די חברה יינגלעך אים פאַרגעוואָרפן אַז ער איז געוואָרן אַ „גוי". יוסף האָט געמוזט צוריק אויסטאָן זיין קורץ רעקל, דאָס היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק און אָנגעטאָן די לאַנגע קאַפּאָטע. ער האָט ווידער אָנגעהויבן לערנען ביי פּיוול־אביגדורן מיט גרויס התמדה. יעדן שבת אין די פרימאָרגנס פלעגט ער אַליין פאַר זיך לערנען גמרא, מיט אַ ניגון, מעביר זיין די סדרה און טאַטע־מאַמע האָבן אָנגעקוואָלן פון אים און זיך געגרויסט מיט אים:

— „יאָסעלע, קיין עין־הרע, וואַקסט אַ לייט!"



# 3



ען יוסף איז אַלט געווען אַרום צען יאָר, איז ער אויפגעדרייסלט געוואָרן ביז אין די טיפענישן פון זיין קינדישער נשמה. עס איז אויסגעבראָכן אַ בלוטיקער פּאָגראָם אויף די יידן אין שטאָט. צענדליגער יידן זיינען שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן און גאַנצע גאַסן מיט יידיש האָב און גוטס זיינען צעראַבירט געוואָרן. ביז היינט שוועבט נאָך פאַר זיינע אויגן דאָס שרעקנדיקע בילד; אין אַ פאַרנאַכט זיינען פאַרהאַקט געוואָרן אַלע יידישע געוועלבער. ביי זיי אין שטוב האָבן זיך פאַרזאַמלט די שכנים. די ווירטין פון הויז, וועלכע איז געווען באַפריינדעט מיט יוספס עלטערן, האָט אַלעמען באַרואיקט. פּלוצעם איז אַ גרויסער שטיין אַריינגעפאַלן אין פענצטער פון שטוב און צעבראַזגעט די שויבן אויף פּיצלעך. אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרן ביי די ווענט. די ווירטין האָט אָנגעצונדן ליכט אין די פענצטער און אַרויסגעשטעלט צלמים. דער ווירטינס מאַן, בענטקאָווסקי, איז יעדעס מאָל געלאָפן אין גאַס אַריין און צוריקגעברענגט פון דאָרט די לעצטע נייס. יוסף האָט אָבער געהאַט אַ חשד, אַז דער ווירט אַליין העלפט מיט אין דעם פּאָגראָם און אַז ער קומט יעדע פאָר שעה אַהיים כלומרשט צו באַרואיקן. שפּעט אין אָוונט איז קעגנאיבער יוספס שטוב, אין צווייטן ראָג, אין דעם געוועלבל פון קאַווע־ברענער, ר׳ משה האסענפעלדס הויז, אַריינגעפאַלן אַ באַנדע שקצים. זיי האָבן צעראַבירט דאָס געוועלבל און עס אונטערגעצונדן. עס האָט זיך געזען אַ רויטער שיין דורך די פענצטער ביי יוספן אין שטוב. דער יאָמער ביי אַלעמען איז געוואָרן גרעסער.

אין מיטן דער נאַכט האָט מען דערהערט אַ שיסעריי. דערווירט פון הויז, בענטקאָווסקי, איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער און אָנגעזאָגט אַז מ׳זאָל זיין רואיק. די „מאַסקאַלעס״ שיסן, די אָנפאַלן האָבן אויפגעהערט, ס׳זיינען פאַראַן פאַרוואונדעטע אין גאַס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אין שטאָט ווידער גערעדט וועגן אַ פּאָגראָם. דער פּחד איז געווען אַזוי גרויס ביי יוספן, אַז ער האָט זיך געבעטן ביי זיינע עלטערן אַז זיי זאָלן אים אַוועקשיקן. ער האָט גענומען מיט זיך דאָס ייִנגסטע שוועסטערל, צירל, און איז אַוועקגעפאָרן קיין פּיעטראָקאָוו צו דער מומע הינדע, דער מאַמעס שוועסטער. אין פּיעטראָקאָוו האָט די קליינע צירל באַקומען פּיבער און איז קראַנק געוואָרן אויף שאַרלעך. יוסף האָט זיך געפילט שולדיק, וואָס ער האָט צירלען אַוועקגענומען פון דער היים. דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געקומען צו לויפן קיין פּיעטראָקאָוו און געוואָלט יוספן אַהיימשיקן, כדי ער זאָל, חלילה, זיך נישט אָנשטעקן. יוסף האָט אָבער באַין אופן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זיין קראַנקער שוועסטערלס בעט. ער איז ערשט דעמאָלט אַהיימגעפאָרן, ווען דאָס שוועסטערל איז געקומען צו זיך און האָט זיך שוין געקענט אויפהויבן פון בעט.

* * *

אַלס קינד האָט אַ גרויסן רושם אויף יוספן געמאַכט די גרויסע שׂרפה אין לאָנדויס צעלעלאָיד־פאַבריק. ס׳זיינען דאָרט פאַרברענט געוואָרן אויף טויט זעקס יידישע מיידלעך. אַ טייל פון זיי פון דער גאָרנצאַרסקע גאַס, וואו יוסף האָט געוואוינט. אין יענער גאַס איז טאַקע פאָרגעקומען די גרויסע לוויה פון די אומגעקומענע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער מענטשן. רעדנער זיינען געשטאַנען אויף די אַקסלען פון די מענטשן וואָס זיינען געקומען באַווינען דאָס גרויסע אומגליק. אָן דעם וויסן פון די עלטערן איז יוסף אַוועק אויפן בית־עולם צוזאַמען מיט דעם טויזנט־קעפּיקן עולם און דאָרטן בייגעוואוינט די קבורה.

עס שטייט נאָך היינט פאַר יוספן לעבעדיק פאַר די אויגן דער געלער יונגערמאַן מיטן לאַנגן פּנים, וואָס האָט מספּיד געווען די זעקס יונגע קרבנות. זיינע רייד, אין אַ ליטווישן יידיש, קלינגען נאָך איצט יוספן אין די אויערן. דאָס איז געווען אהרן טשענסטאָכאָווער, אָדער, דער געלער אהרן, ווי מ׳פלעגט רופן דעם שטאָטישן סאָציאַליסטישן רעדנער און אַגיטאַטאָר. אהרנס רייד האָבן זיך איינגעקריצט אין יוספס זכרון.

אין חדר איז יוסף מער נישט געגאַנגען. פון זיין ברודער זלמן, וועל־כער איז געגאַנגען אין דער פּראָגימנאַזיע, האָט יוסף גענאַשט אַ ביסל רוסיש און אַריפמעטיק. ער האָט זיך באַמיט צוריק אַריינצוקומען אין דער „נאָ־

ראַדנאָיע אוטשילישטשע". לסוף איז ער אָנגעקומען אין צווייטן קלאַס. זיינע לערערס זיינען געווען — יהודה, אבנר און מאָריס לערער.

אין שול האָט זיך יוסף זייער גוט איינגעלעבט מיט זיינע חברים. זיי האָבן אַלע געוואוינט נישט ווייט פון הערצנס קאַזאַרמעס. די בעסטע פאַרוויילונג אין שול איז געווען דאָס שפּילן זיך אין זעלנער. אין דער דאָזיקער שפּיל האָבן אָנטייל גענומען אַלע קינדער פון שול. מען האָט געפירט מלחמות און באַשאַנקען די אָנטיילנעמער מיט אויסצייכענונגען. יעדער האָט באַקומען אַ ביכל וואָס האָט געקאָסט פון 1 ביז 5 קאָפּיקעס. אין די ביכלעך זיינען געווען פאַרצייכנט, אַז דאָס ביכל ווערט געגעבן דעם און דעם פאַר גוטע דערגרייכונגען אין די „שלאַכטן". אונטערגעשריבן האָבן זיך פּיזול דער „גענעראַל" און יוסף דער „פּאָלקאָווניק".

יוסף האָט זיך צונויפגערעדט מיט די שילער פון צווייטן קלאַס, אַז די שוואַרצע היטלען מיט די גלאַנציקע דאַשקעס, וואָס די שילער טראָגן, זיינען עפּעס צו איינפאַך אין פאַרגלייך מיט די היטלען וואָס עס טראָגן די גימנאַזיסטן. יענע פלעגן טראָגן פאַרשיידן־קאָלירטע בענדלעך און שטערנדלעך אויפן היטל. יוסף און זיינע חברים האָבן זיך געווענדט צום שול־אינספּעקטאָר און פאַרלאַנגט פון אים אַז די שילער פון דער פאָלקס־שול זאָל באַקומען שענערע אוניפאָרמען און אויך שענערע היטלען.

נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען און נאָך דעם פּערזענלעכן באַזוך פון דעם שול־אינספּעקטאָר אין דער שול, איז דער פאַרלאַנג פון די שילער דערפילט געוואָרן. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן די שילער פון דער „נאַראָדנאָיע אוטשילישטשע" שוין אַלע פּאַראַדירט אין די „טאַבעלני דיענס", אָדער „גאַלאָוואָקעס", אין היטלען פון טונקל־בלויען קאָרט מיט גרין אַרומגעזוימט. די זעלבע היטלען זיינען דערנאָך געטראָגן געוואָרן פון די שילער אויך אין אַנדערע שטעט.

דעם צווייטן קלאַס האָט יוסף געענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג. אין דעם דריטן קלאַס האָבן די שילער שוין פאַרלאַנגט גרעסערע זאַכן, און שטענדיק איז יוסף געווען דער אָרגאַניזאַטאָר. דער נייער פאַרלאַנג איז געווען, אַז אין שול זאָל מען לערנען די פּוילישע און דייטשישע שפּראַכן. אָרגאַניזירט די שילער האָט יוסף אויף אַזאַ אופן: אַלס „דעזשורני" פון קלאַס האָט ער איין מאָל פאַרשריבן אַלע שילער, אַז זיי האָבן זיך פאַרשפּעטיקט. ווען דער לערער איז אַריינגעקומען אין קלאַס און דערזען אויף דעם טאָוול דעם באַריכט וועגן דער שולדיקייט פון די שילער, האָט ער זיי אַלעמען באַשטראָפט מיט דעם, אַז נאָך דער לעקציע דאַרפן אַלע פאַרבלייבן אין קלאַס. יוסף איז מיט זיי אויך פאַרבליבן.

די שילער זיינען פון דער דאָזיקער שטראָף געווען זייער צופרידן. זיי האָבן איצט געהאַט די געלעגנהייט זיך דורכצורריידן און אַרויסקומען מיט אַ נייער פאָדערונג. די שילער האָבן דאָס מאָל פאַרלאַנגט אַז מ׳זאָל לערנען פויליש, די לאַנד־שפּראַך, וואָס די רוסן האָבן אונטערגעדריקט. דייטש האָבן די שילער פאַרלאַנגט דערפאַר זוייל מען וואוינט נישט ווייט פון דער דייטשישער גרענעץ, דאַרף מען קענען די שפּראַך פון שכנותדיקן לאַנד.

דער לערער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַן אָרגאַניזירטער „סטרייק" פון די שילער, און אַז די פאָדערונג האָט אַ פּאָליטישן אונטערשלאַק. דאָס איז געווען אין די צייטן, ווען עס פלעגן פאָרקומען סטודענטן־סטרייקס אין די אוניווערסיטעטן. דער לערער האָט אין משך פון צוויי טעג גערעדט צו די שילער און געזאָגט זיי מוסר. ער האָט דערמאָנט די שילער אַז זיי באַקומען די לערע גאַנץ אומזיסט; אַז זיי זיינען קינדער פון אָרעמע עלטערן, און אויב זיי וועלן זיך נישט באַרואיקן און נישט אויפגעבן די פאָדערונגען, וועט די שול פאַרמאַכט ווערן און זיי וועלן נאָך אַמאָל באַשטראָפט ווערן אויך.

דער לערער האָט אויך געשיקט נאָך די עלטערן פון די קינדער און זיי וועגן דעם געמאָלדן. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ טרויעריקע. אייניקע שילער האָבן זיך צעוויינט און דער גאַנצער קלאַס האָט רעזיגנירט פון די פאָדערונגען.

נאָך דעם פאַרשפּילטן „סטרייק" האָט יוסף זיך מער אין שול נישט געוויזן. צו די עקזאַמענעס איז ער אָבער יאָ געקומען. און צום גרויסן חידוש פון אַלעמען, פאַרענדיקט די שול מיט אַן אויסצייכענונג. די אויס־צייכענונג איז באַשטאַנען פון אַ רויט רוסיש ביכל מיט אַ סך חתימות. דאָס נישט קומען אין שול עטלעכע חדשים האָט יוסף פאַרענטפערט דערמיט, וואָס זיין פאָטער איז דעמאָלט קראַנק געוואָרן און ער האָט געמוזט זיין אין שטוב אַרויסצוהעלפן מיט פרנסה.

יוסף האָט געזאָגט דעם אמת. דער פאָטער איז געווען קראַנק און יוסף האָט אַלץ מער געהאָלפן אין דער פרנסה. געאַרבעט אין דער סאָדע־וואַסער פאַבריק, וואָס דער פאָטער האָט אין יענער צייט געפירט.

כדי צו עפענען אַ סאָדע־וואַסער פאַבריק האָט מען געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון פּיעטרקאָווער גובערנאַטאָר. יוספס פאָטער האָט געמוזט צושטעלן אַ צייגעניש פון אָרנטלעכקייט. ר׳ דוד האָט געהאַט אויס־צושטיין פון די מסירות וואָס די אַנדערע יידישע סאָדע־וואַסער פאַבריקאַנטן האָבן כסדר אונטערגעטראָגן צו דער פּאָליציי. מען האָט געמוזט אונטער־שמירן, „אָפּסמען" די פּאָליציי־באַאמטע, כדי זיי זאָלן די אַלע אַריינגע־טראָגענע מסירות צונישט מאַכן. די פּאָליציי פלעגט לאָזן וויסן ווי עס האַלט

מיט דעם ענין ביי דער העכערער מאַכט. אַ פאַרמעגן האָט ר׳ דוד געפּטרט, כדי צו באַקומען די דערלויבעניש אויף דער דאָזיקער אונטערנעמונג, אויף וועלכער ער האָט געבויט זיין גאַנצע צוקונפט. מען האָט ר׳ דודן עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט די דערלויבעניש און ער האָט געהאַט צוליב דעם גרויס עגמת־נפש, און טאַקע צוליב דעם איז ער קראַנק געוואָרן.

די לעצטע האַפענונג צו באַקומען אויף דאָס ניי די דערלויבעניש איז געווען פאַרבונדן מיט יוספן. מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין פּיעטרקאָוו צו דער מומע הינדע און ער מיט דער מומען זיינען אַוועק צום גובערנאַטאָר און געבעטן ביי אים אַן אוידיענץ. מיט אַ „פּראָשעניע" (ביטע) אין האַנט איז יוסף געשטאַנען פאַרן גובערנאַטאָר און אים געבעטן ער זאָל באַוויליקן און געבן דעם פאָטער די דערלויבעניש אויף דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. אויף רוסיש האָט יוסף אים געזאָגט, אַז געקומען איז ער ווייל דער פאָטער איז קראַנק. ווען די מומע האָט אים שטילערהייט אַ זאָג געטאָן אַז ער זאָל דעם גובערנאַטאָר אַ קוש טאָן אין דער האַנט אַריין, האָט יוסף זיך צעוויינט. דער גובערנאַטאָר האָט אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געזאָגט: „אין דריי טעג אַרום וועט איר באַקומען אַן ענטפער, אַלץ וועט זיין גוט".

ווען יוסף איז אַרויס פון גובערנאַטאָר מיט זיין מומען, האָט זי צו אים געזאָגט:

— „מיר דוכט זיך אַז דו האָסט געפּועלט, דאָס איבעריקע זאָל גאָט צוהעלפן."

און טאַקע אין דריי טעג אַרום, דאָס איז געווען אין אַ שבת אין דער פרי, האָט דער פּריסטאַוו גערופן ר׳ דודן דורכן פענצטער און אים אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה, אַז ס'איז אָנגעקומען פאַר אים די דערלויבעניש אויף דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. ר׳ דוד איז אַוועק אין חסידים־שטיבל דאַוונען מיט אַ שטראַלנדיק פּנים, און געטראַכט אַז נאָר דורך יוספס מזל איז ער געהאָלפן געוואָרן.

די סאָדע־וואַסער פאַבריק האָט ר׳ דוד איינגעאָרדנט אין דעם זעלבן הויף, וואו ער האָט געהאַט די ביר־שענק, ביי בענטקאָווסקין אין הויז. מיט אַ האַנט־וועגעלע פלעגט יוסף, צוזאַמען מיטן פאָטער, פונאַנדערפירן די סיפאָנען מיטן סאָדע־וואַסער איבער די געוועלבער אין די דערבייאיקע גאַסן. אַנשטאָט צו גיין אין שול לערנען האָט יוסף מיטגעהאָלפן דעם פאָטער. ער האָט מיט גרויס חשק זיך געלערנט ווי צו מאַכן דעם גאַז און אָנגיסן די סיפאָנען מיט סאָדע־וואַסער. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען געמוזט זיין זייער אָפּגעהיט. אויב דער גאַז איז נישט פּינקטלעך געמאַכט געוואָרן האָט

געקענט קומען צו אַן אומגליק — די קעסלען האָבן געקענט אויפרייסן; דאָס זעלבע אויך די סיפאָנען בעתן אָנפילן זיי מיט וואַסער.

יוסף האָט זיך איינגעאיבט אין דער מלאכה און מ׳האָט זיך אויף אים שוין געקענט פאַרלאָזן. ער האָט אויך געהאָלפן פון צייט צו צייט שטופן דאָס וועגעלע מיט די סיפאָנען וואַסער. ער פלעגט אויך איינקאַסירן דאָס געלט ביי די קרעמער.

אין אַ צייט אַרום איז אַרויס אַ געזעץ, אַז די סאָדע־וואַסער פאַבריקן טאָרן זיך נישט געפינען אין קיין באַוואוינטע הייזער. ר׳ דודס פאַבריק איז איבערגעפירט געוואָרן אין אַ שכנותדיקן הויז, צו יאַנקל דאַווידאָוויטשן. יאַנקל, דער באַלעבאָס פון הויז, האָט ספּעציעל פאַר דער פאַבריק אויסגעבויט אַ הייזל פון אייניקע צימערן לויט די פאַרלאַנגטע פאָרשריפטן. אין זעלבן הויז האָט זיך אויך געפונען די „טשיינע״ (טיי־הויז) פון יעקב בער סילווער, וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען די בונדיסטן פון שטאָט.

* * *

אין דער פרייער צייט נאָך דער אַרבעט האָט יוסף זייער פיל געלייענט רוסישע, פּוילישע און יידישע ביכער און בראָשורן. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט יוסף געשלונגען די צייטונגען מיט די נייעס. פון צייט צו צייט פלעגט יוסף ברענגען אין שטוב אַריין די דינינקע ביכלעך, געדרוקט אויף פליס־פּאַפּיר, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין חבר לייזער.

יוסף האָט אָנגעהויבן גיין אויף דער בירזשע וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אַגראַדאָווע גאַס פון עק „נייער מאַרק״ ביז די „קאַפּעלושאַרניע״.

די בירזשע איז געווען דאָס צוזאַמענטרעף־אָרט, וואו די אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן מיט זיך געבראַכט די נאָך נישט אָרגאַניזירטע אַרבעטער און זיי אַגיטירט און איבערגעגעבן די אָנווייזונגען און באַשלוסן פון דער אָרגאַ־ניזאַציע צו די שוין אָרגאַניזירטע אַרבעטער. שפּאַצירנדיק האָט מען דיסקו־טירט איבער פאַרשיידענע פּאָליטישע פּראָבלעמען, פּאַרטיי־פּראָגראַמען, אָר־גאַניזירט די פאַרשיידענע פּאַכן, כדי, ווי אַ קאָלעקטיווער כח, צו קענען שטעלן פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים וועגן שכירות און אַרבעטס־שטונדן. די בירזשע האָט געהאַט אין דער שטאָט אירע באַזונדערע גרופּעס מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט מער אינטעליגענטערע אַרבעטער. דאָס איז געווען די בירזשע פון דער פּאַרטיי ס.ד.ק.פּ.ל. (שפּעטערדיקע קאָמוניסטן). אין דער דאָזיקער בירזשע איז אויך געווען אַ יידישע גרופּע, ס. ד. ק. פּ. ל., וואָס האָט זיך גערופן „גרופּאַ זשאַרגאָנאָווא״. צוליב די פעאיקייטן זיינע איז יוסף גע־וואָרן איינער פון די אָנפירער פון דער יידישער גרופּע.

עס איז אין יענע טעג פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פאַרשיידענע עקסיסטירנדיקע עסדעקישע גרופעס אין איינע פון די גרויסע פאַבריקן אין וואַרטע. די קאָנפערענץ איז באַשטאַנען פון דעלעגאַטן פון פוילישע און יידישע קרייזלעך („דזשעלניצעס") און פון דעם צענטראַלן קאָמיטעט אין וואַרשע. צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז געקומען דער שפּעטערדיקער טרויעריק־באַרימטער פירער פון דער באָלשעוויסטישער „טשעקאַ" אין סאָוועט רוס־לאַנד — פעליקס דזשערזשינסקי. אויף דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ הייסע דיסקוסיע וועגן די „זשאַרגאָנאָוואַ־גרופּעס", דאָס הייסט, די קרייזלעך וואָס האָבן אָנגעפירט זייער אומלעגאַלע סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך. יוסף האָט דעמאָלט שטאַרק פאַרטיידיקט די יידישע גרו־פעס. ער האָט גערעדט אין אַ גוטן פויליש און אין זיין רעדן געוועקט חשיבות צו דער יידישער שפּראַך. ער האָט געטאַדלט יענע אַסימילירטע יידישע אינטעליגענטן, וואָס שעמען זיך מיט יידיש, און געפאָדערט פון דער קאָנפערענץ צו קענען אָנגיין מיט די יידישע קרייזלעך. ער האָט געפאָדערט אַ באַשלוס אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע אויפקלערונגס־ליטעראַטור אין יידיש.

ביי דער קאָנפערענץ איז יוסף אויך באַשטימט געוואָרן צו ווערן דער פאַרבינדונגס־מענטש צווישן דער יידישער און פוילישער גרופּע פון שטאָט. ער פלעגט באַקומען די ליטעראַטור פאַר דער יידישער גרופּע, די צייטונגען אין פויליש: „טשערוואָני שטאַנדאַר", „פשעגלאָנד ספּאָלעטשני" און די פאַר־שיידענע פּראָקלאַמאַציעס פאַר דער יידישער גרופּע. יוספן איז אויסגעקומען צו זיין אָפט אין וואַרשע, פון דאָרטן געבראַכט די ליטעראַטור פאַר דער גאַנצער געגנט און באַזונדערס פאַר דער שטאָט און זאַגלעמביע־דאָמבראָווסקע. די ערשטע נסיעה קיין וואַרשע געדענקט יוסף זייער גוט.

יוסף האָט זיך איבערגעטאָן אין די קליידער פון זיין חבר לייזער. לייזער איז שוין געגאַנגען קורץ געקליידט און מיט אַ קאַפּעלוש, מעשה דייטש. יוסף האָט גענומען לייזערס פּאַספּאָרט און אַוועקגעלאָזט זיך אויף דער רייזע. ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע, איז ער אַוועקגעגאַנגען אויף אַן אַדרעס וואָס מען האָט אים אָנגעגעבן. פון דאָרט האָט מען אים אַוועק־געפירט אין אַ צוקערניע, וואו עס האָט שוין אויף אים געוואַרט אַ סטודענט. זיין נאָמען, פאַרשטייט זיך, האָט יוסף נישט געוואוסט. דער סטודענט האָט מיט אים געהאַט אַ קורצן געשפּרעך, און זיך איבערצייגט, אַז אַלץ איז „כשר", האָט ער יוספן געגעבן אַ צווייטן אַדרעס, וואו ער האָט באַדאַרפט קריגן די „ליטעראַטור". אין הויז, לויט דעם דאָזיקן אַדרעס, האָט געוואוינט אַ פוילישער אַרבעטער. דאָס איז געווען ערגעץ אויף „וואָליע" (אַ פוילישער אַרבעטער־געגנט אין וואַרשע). די חברים, פּאָליאַקן און יידן, האָבן דאָרט אַ

היפש ביסל געטרונקען. מען האָט יוספן, פאַרשטייט זיך, מכבד געווען מיט אַ גלעזל שנאַפּס און מיט צובייסן. יוסף האָט עפּעס געגעסן אָבער ער האָט נישט פאַרזוכט דעם בראנפן. ער האָט מורא געהאַט שיכור צו ווערן און איינשטעלן די גאַנצע נסיעה, וואָס איז אויך געווען פול מיט סכנה...

אין זיין יונגן מוח האָט זיך דעמאָלט אַריינגעגנבעט אַ נישט־אָנגענעמער געדאַנק: ווי קען מען טרינקען בעת אַזאַ וויכטיקער און פאַראַנטוואָרטלעכער, אומלעגאַלער אַרבעט? ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט, גענומען די „סחורה", וואָס איז איינגעפּאַקט געוואָרן אין אַן עלעגאַנטער וואַליזע. יוסף האָט זיך אויפגעזעצט אויף אַ דראָזשקע און צוגעפאָרן צו דעם וואַרשעווער־ווינער וואָקזאַל. אויפן וועג האָט מען גראָד געהאַט אָפּגעשטעלט אַ יונגנמאַן מיט אַ פּעקל. זיצנדיק אין דער דראָזשקע האָט יוסף געזען, ווי אַ פּאָליציאַנט האָט מיט זיין שווערד אויפגעשניטן דעם יונגנמאַנס פּעקל. עס האָט זיך פונאַנ־דערגעשאָטן אַ גאַנצער פּאַק מיט „ליטעראַטור". אַרום זיי האָט זיך גלייך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם דורכגייער און סתם נייגעריקע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם אינצידענט. אין זכות פון יענעם יונגנמאַנס פאַרהאַלטן ווערן איז יוסף ניצול געוואָרן מיט זיין פּעקל „סחורה".

דערמיט איז אָבער די סכנה נאָך נישט אַריבער. ביים אַריינגאַנג פון וואָקזאַל זיינען, ווי געוויינלעך, געשטאַנען פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרן און רעווידירט אַלעמענס וואַליזעס און פּעקלעך אויף וועלכע עס איז נאָר געפאַלן אַ שטיקל חשד. צוקומענדיק צום וואָקזאַל האָט יוסף הויך אויפן קול, מעשה גביר, צוגערופן אַ „נאָסילשטשיק" (טרעגער) ער זאָל אים אַראָפּנעמען די וואַליזע פון דער דראָזשקע. ער האָט אויפן הויכן קול דעם טרעגער באַפוילן צו קויפן פאַר אים אַ בילעט אויפן קוריער צווייטע קלאַס... קודם־כל איז יוסף באַפרייט געוואָרן פון דער וואַליזע. אויב מ'וואָלט דעם טרעגער אָפּגעשטעלט, וואָלט ער, נאַטירלעך, נעלם געוואָרן.

אין וואַגאָן האָט זיך יוסף אָפּגערוקט פון דער וואַליזע. ער האָט זיך געזעצט אויף אַן אַנדער באַנק און די וואַליזע אַוועקגעלייגט אויף אַ פּאָליצע ווייטער. די פאָרזיכטיקייט איז געווען נייטיק, ווייל מען האָט אָפט אויך אין די וואַגאָנעס אַדורכגעפירט רעוויזיעס. אַזוי איז ער אָנגעקומען אין שטאָט אַריין. דאָרט איז פאָרגעקומען די זעלבע פּראָצעדור: גענומען אַ טרעג־ער, געהייסן אים צוטראָגן די וואַליזע צו אַ דראָזשקע, מיט וועלכער יוסף איז צוגעפאָרן אין דער ריכטונג פון „סטראָדעם" (אַן אַרבעטער־געגנט אין שטאָט). אַראָפּשטייגנדיק פון דער דראָזשקע האָט יוסף צופוס אַוועק־געלאָזט זיך צו אַ נאָענטן פעלד (וואָס איז שוין פון פריער אָפּגעשטימט געוואָרן) און דאָרט, צווישן דער תבואה, אַוועקגעשטעלט די וואַליזע. צו אַ

באַשטימטער שעה זיינען געקומען חברים, גענומען די וואַליזע און אַוועק־געטראָגן אין אַ שטוב פון אַ פּוילישן אַרבעטער. אויפן וועג האָט מען נאָך געדאַרפט אויסמיידן די גרענעץ־וועכטער וועלכע האָבן, צוליב דער נאָנטקייט פון דער שטאָט וואַרטע צו דער דייטשישער גרענעץ, אָפט געזוכט קאָנ־טראַבאַנדע. די אויסבאַהאַלטענע רעוואָלוציאָנערן האָבן איינגעאָרדנט אַן אייגענע וואַך, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס. ווען נאָר די רעוואָלוציאָנערע וואַך האָט באַמערקט אָנקומען אַ פּאַטרול פון דער גרענעץ־וואַך, האָט זי געגעבן אַ צייכן, האָבן די חברים זיך באַהאַלטן אין אַ הויף און אָפּגעוואַרט דאָרט ביז דער פּאַטרול איז פאַרבייגעגאַנגען.

נאָך אַזוי פיל מאַטערנישן און איינשטעלענישן איז ענדלעך די וואַליזע מיט דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור אָנגעקומען אויפן באַשטימטן אַדרעס.



# 4



ס איז דאָס יאָר 1904. יוסף איז שטאַרק אַקטיוו אין דער אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דערביי איז ער אויך גלייכצייטיק דער פּרנסה־געבער אין שטוב. אין יענעם יאָר איז יוספס פאָטער, אין עלטער פון 42 יאָר, נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט געשטאָרבן. די קראַנקהייט האָט איינגעשלונגען אַ סך געלט. געשטאָרבן איז ר׳ דוד פון אַ ראַק (קענסער) אין מאָגן. יוספס מאַמע האָט יאָרן לאַנג געוויינט אויף איר מאַנס פריצייטיקן טויט. זי פלעגט שטענדיק זאָגן:

— „אַזוי גייט אויס לאָטעריע־געלט"...

יוסף איז געוואָרן דער גאַנצער פּרנסה־געבער און געאַרבעט אין דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. דער הויפּט־מייסטער איז געווען אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען פּיעטרעק. יוסף איז געוואָרן מיט אים נאָענט באַפריינדעט און אַפילו געמאַכט אים פאַר אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי. דער דאָזיקער פּאָליאַק האָט אָבער שפּעטער יוספן שיר נישט פאַרראַטן.

אין דעם הויף פון דער פאַבריק איז אויך געווען, ווי שוין אויבן דערמאָנט, די בונדישע „טשאַינע". יוסף איז מער געזעסן אין דער „טשיינע" — און פאַרנומען זיך מיט פּאַרטיי־אַגיטאַציע און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער, — ווי געאַרבעט אין דער פאַבריק. אויפן בוידעם איבער דער פאַבריק, צו וועלכן עס זיינען נישט געווען קיין שטיגן און מען האָט געדאַרפט צושטעלן אַ לייטער, — זיינען געלעגן די ליידיקע גלעזערנע באַלאָנען פון

פּיטריאַל. דאָרט האָט יוסף געפֿונען דאָס פּאַסיקסטע אָרט וואו צו באַהאַלטן די אומלעגאַלע ליטעראַטור. דאָרט זײַנען אויך געלעגן גאַנצע פּעק פֿון „די רויטע פֿאָן" — דער אָרגאַן פֿון דער עסדעקישער פּאַרטיי. אויך די בראָשורן: „וואָס ווילן מיר?" פֿון ראָזע לוקסעמבורג, און צענדלינגער אַנדערע פּעקלעך פֿון דער „טרפֿהנער סחורה". אַ טייל פֿון די דאָזיקע ביכלעך זײַנען געווען אײַנגעבונדן מיטן זעלבן באַנד פֿון יוספֿס לעגאַלע ביכער אין זײַן היים־ביבליאָטעק. ווען די פּאָליציי געפֿינט, חלילה, די בײַדע ביבליאָטעקן, וואָלט זי לײַכט געקאָנט וויסן ווער עס איז זייער ריכטיקער באַלעבאָס.

איין מאָל, ווינטער, אין אַ קאַלטער, פֿראָסטיקער נאַכט, איז דער שטאָטישער פּריסטאַוו אַרבוזאָוו מיט פּאָליציי באַפֿאַלן די פֿאַבריק און אָנגעהויבן אַ שטרענגע רעוויזיע. זיי האָבן אויפֿגעוועקט דאָס גאַנצע הויז און געפֿאָדערט די שליסלען פֿון דער סאָדע־וואַסער פֿאַבריק. די רעוויזיע האָט אויך געמוזט בײַוואוינען יוספֿס מאַמע, גוטשע. זי איז געווען בײַ זיך זיכער, אַז זי איז גאָט די נשמה שולדיק און איז מיטגעגאַנגען מיט דער פּאָליציי. זי האָט אי זיך דערשראָקן, אי געוואונדערט זיך וואָס די גויאישע קעפּ געפֿינען נישט קיין אַנדער אָרט וואו צו זוכן אומלעגאַלע ליטעראַטור!

בײַ יוספֿן אָבער איז די נשמה שיר נישט אַרויס פֿון שרעק. ער איז אויך מיטגעגאַנגען אין דער פֿאַבריק. די פּאָליציי האָט דורכגענישטערט אַלע ווינקעלעך און גאָרנישט געפֿונען. דער פּריסטאַוו אַרבוזאָוו האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— „וואו איז דער אַרויפֿגאַנג אויפֿן בוידעם?"

יוספֿן איז פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן און ער האָט געפֿילט ווי די פֿיס ברעכן זיך אונטער אים פֿון שרעק.

— „דער אַרײַנגאַנג אויפֿן בוידעם איז דורכן הויף!" — האָט רואיק געענטפֿערט יוספֿס מאַמע.

די פּאָליציי האָט צוגעשטעלט אַ לייטער און אין אַ פּאָר מינוט אַרום — זיי האָבן לאַנג נישט געדאַרפֿט זוכן — האָט זיך דערהערט די באַפֿעלערישע שטימע פֿון פּריסטאַוו:

— „וּסיעך אַרעסטאָוואַט!" (אַלעמען אַרעסטירן).

יוספֿס מאַמע האָט אָנגעהויבן צו וויינען. זי האָט זיך פֿאַרענטפֿערט אַז זי איז אומשולדיק. דער בוידעם איז אַן אָפֿענער, עס איז אַפֿילו קיין טיר און שליסל צו אים נישטאָ. זי ווייסט פֿון גאָרנישט... און דאָס איז דאָך געווען דער אמת. זי האָט טאַקע פֿון גאָרנישט געוואוסט. פֿון דער גאַנצער פֿאַמיליע איז בלויז יוסף געווען דער איינציקער, וואָס האָט יאָ געוואוסט.

אין אַ רגע האָט עפּעס יוסף׳ן אַ בליץ געטאָן אין קאָפּ. ער האָט זיך דערמאָנט אין די געבליבענע לעגאַלע ביכלעך אין דער היים, די וואָס זיינען געבונדן מיטן זעלבן איינבונד ווי די אומלעגאַלע, זיי קענען דאָך אַרויספירן אויף די ריכטיקע שפּורן. יוסף האָט באַשלאָסן די ביכער זיינע אין דער היים צו פאַרניכטן, אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס?

ווען די ביכלעך פון בוידעם האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן אויפן הויף, און עס איז געקומען דער באַפעל פון פּריסטאַוו: „וסיעך אַרעסטאָוואַט״, (אַלע־מען אַרעסטירן), האָט יוסף געמאַכט אַן אומשולדיקע מינע און זיך דערנענטערט צום פּריסטאַוו, וואָס איז דערוויל שוין מיט אַ טריאומפירנדיקער מינע אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם, און געפרעגטביים פּריסטאַוו: — „יאַ טאָזשע?״ (איך אויך?)...

— „פּאָשאָל וואָן!״ (טראָג זיך אָפּ!) — האָט דער פּריסטאַוו אויף יוסף׳ן אַ געשריי געגעבן און אַראָפּגעלאָזט אים אַ הילכיקן פּאַטש. די פּאָליציי האָט דאָס פאַרשטאַנען ווי אַ באַפעל און יוסף׳ן אָפּגעלאָזט.

יוסף האָט צוגעכאַפּט דעם פּאַטש ווי אַ טייערע מתנה און געלאָזט זיך שנעל לויפן אַהיים. ווען ער איז אַ פאַרסאָפּעטער אַריינגעקומען אין שטוב, האָט ער מיט אַ פאַרשטיקט קול אַ געשריי געטאָן צו זיין שוועסטער:

— „טראָג אַרויס די ביכער!״

די גאַנצע ביבליאָטעק וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי אָנגעזאַמלט איז תיכף־ומיד אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אָפּטריט אַריין, — אויס ביב־ליאָטעק!

יוספס מאַמע און דער באַלעבאָס פון הויז, דאַווידאָוויטש, זיינען אָפּ־געפירט געוואָרן אין תפיסה אַריין. די גאַנצע שטאָט איז אויפגערודערט געוואָרן פון דעם דאָזיקן אַרעסט. אַלע האָבן באַשולדיקט אין דער דאָזיקער צרה, די „בונדישע טשיינע״. אָבער יוסף האָט ביי זיך געוואוסט ווער ס׳איז דער שולדיקער.

נאָך אייניקע טעג זיצן אין תפיסה, און נאָך פיל שתדלנות האָט דער גובערנאַטאָר באַשטראָפט יוספס מאַמע און דעם ווירט פון הויז מיט דריי חדשים תפיסה פאַרן האַלטן דעם בוידעם אָפן, און מיט דעם פאַראורזאַכט אַז דער בוידעם זאָל ווערן אַ נעסט פון „קראַמאָלנע ליטעראַטור״. מיט גרויס מי האָט מען צונויפגעשטעלט אַ נקשהדיקע סומע געלט צו באַצאָלן פאַר דער שטראָף, אַז די מאַמע זאָל נישט דאַרפן זיצן אין תפיסה.

יאָרן לאַנג האָבן די שוועסטער און ברידער ביי יעדע געלעגנהייט פאַרגעוואָרפן יוסף׳ן: „דאָס איז געווען דיין שטיקל אַרבעט, יאָסעלע!״...

אינגאַנצן זיכער אין דער דאָזיקער באַשולדיקונג זיינען זיי אָבער נישט געווען. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען פּוילן איז שוין געווען זעלבסט־שטענדיק און פון די צאַרישע זשאַנדאַרמען איז שוין נישט געווען קיין שפּור האָט זיך יוסף פאַר זיי זיך מודה געווען.

יוסף האָט שפּעטער אויסגעפונען, אַז דאָס איז געווען פּיעטרעק, וואָס האָט, ביי אַ גלעזל בראָנפן מיט אַ פּאָליציאַנט, זיך אַרויסגעכאַפּט וועגן דעם סקלאַד פון אומלעגאַלער ליטעראַטור. פּיעטרעק האָט אָבער בעת דער אויס־פאָרשונג נישט אויסגעזאָגט ווער עס האָט דאָרט די פּעקלעך מיט די ליטע־ראַטור אַרויפגעלייגט. דאָס האָט יוספן געראַטעוועט פון יאָרן טורמע.



# 5



ין יאָר 1905, בשעת דעם גרויסן אַלגעמיינעם סטרייק, אין די טעג פון דער רעוואָלוציע, האָט יוסף זיך געפונען אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם סטרייק אין דער פאַבריק „פעלצער און זין". צוזאַמען מיט די חברים לייזער, חיים, דוד און אַנדערע, איז יוסף געשטאַנען פאַרן טויער פון דער פאַבריק מיט אָנ־געלאָדענע רעוואָלווערן אין די קעשענעס. די פּאָליציי און מיליטער זיינען אָנגעקומען און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיי־סעריי. עס זיינען געפאַלן זעלנער, פּאָליציאַנטן און אַ סך רעוואָלוציאָנערן. צווישן זיי אויך דער שפּעטער לעגענדאַרער העלד יוזשאַק, וועגן וועלכן די אַר־בעטער אין וואַרטע האָבן דערנאָך געזונגען „יוזשאַק ביל אַדוואָזשני ס'פּאַרטי באָיעוואָי". ביי יוזשאַקס קבר האָט יוסף זיך געזעגנט מיט אים, זינגענדיק דאָס באַליבטע רעוואָלוציאָנערע ליד „שאַלעיטשע טיראַני" (ווילדעוועט טיראַנען).

שפּעטער, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די „קאָנסטיטוציע", איז די פּאַרטיי ס.ד.ק.פּ.ל. אויף אַ געוויסער צייט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. די ביוראָ פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. האָט זיך געפונען אויף טעאַטראַלנע גאַס. צו קורץ אָבער איז געווען די פרייהייט. אין יוסעפס זכרון איז דערעבער ווייניק וואָס איבערגעבליבן וועגן דער טעטיקייט אין יענע טעג. יוסף געדענקט נאָר אַז אַ געוויסע קורצע צייט איז די טעטיקייט געווען אַ מער לעבעדיקע.

אין יענער צייט איז יוסף שיר נישט אַרעסטירט געוואָרן. ניצול גע־

וואָרן איז ער אַ דאַנק דעם חבר פייערשטיין.ביידע זיינען דעמאָלט געגאַנגען פון דער פוילישער בירזשע־אָפּטיילונג אויף דער וואַרשעווער גאַס. עס איז געווען אין די שעהען ווען די אַרבעטער גייען פון די פאַבריקן. יוסף האָט ביי זיך געהאַט „ליטעראַטור" פונאַנדערצוטיילן. מיט אַ מאָל איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַ פּאַטרול פון פּאָליציילייט און סאָלדאַטן, וואָס האָבן יוספן מיט זיין חבר אָפּגעשטעלט. יוסף, וואָס האָט געטראָגן ביי זיך די „ליטעראַטור", איז אַנטלאָפן, און זיין חבר, פייערשטיין, וועלכער האָט ביי זיך גאָרנישט געהאַט, איז געבליבן שטיין. מ'האָט אים, נאַטירלעך, צוליב יוספס אַנטלויפן, אַרעסטירט. נאָך אייניקע טעג זיצן האָט מען פייערשטיינען באַ־פרייט. ער האָט געטענהט, אַז ער קאָן גאָר נישט יוספן, אַז זיי זיינען בלויז צופעליק געגאַנגען איינער לעבן אַנדערן.

יוספן איז אָבער פאַרט באַשערט געווען צו פאַרזוכן דעם טעם אַרעסטירט צו ווערן. דאָס איז אוממעגלעך ביי אומלעגאַלער אַרבעט אויסצומיידן. עס איז געווען די צייט פון די וואַלן צו דער צווייטער דומע און יוסף האָט אַגיטירט פאַר אַן אייגענעם קאַנדידאַט, עמנואל קליינמאַן, פון דער ס. ד. ק. פּ. ל. עמנואל איז געווען יוספס חבר, הגם ער איז געווען אַ סך עלטער פון יוספן. עמנואל קליינמאַן האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף יוספן, און אין שייכות מיט דער רירעווודיקער אַגיטאַציע איז יוסף צוזאַמען מיט זיין חבר זעליג ראַט־באַרד אַרעסטירט געוואָרן. זיי זיינען געזעסן אייניקע טעג אין פּאָליציי־צירקל פון פּריסטאַוו דעניסאָוו, און דערנאָך זיינען זיי באַפרייט געוואָרן טאַקע דורך דעם דאָזיקן פּריסטאַוו. שפּעטער האָט זיך יוסף און זעליג דערוואוסט, אַז דער פּריסטאַוו איז געווען אין דער באַוועגונג. דער דאָזיקער פּריסטאַוו איז טאַקע שפּעטער געשטאָרבן אַלס אַרעסטאַנט אין דער פּיעטראָקאָווער טורמע.

* * *

אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרטע האָבן צווישן די יידישע פּאַר־טיי־טוער אויך זיך אָנגעזען זייער שטאַרק זין און טעכטער פון דער אַסי־מילירטער יידישער אינטעליגענץ. צווישן זיי האָבן זיך געפונען יחיאל לערנערס געראָטענע טעכטער. אויך דאדעק שיינוועקסלער, מאַמלאָקס, סעניאָר און בירנבוים, דעם שטאָטישן חזנס זון. יוסף פלעגט זיך טרעפן אויך מיט די חברים וואָס פלעגן קומען אין וואַרטע. די, וואָס דער צענטראַלער קאָ־מיטעט אין וואַרשע פלעגט ספּעציעל אַראָפּשיקן אין אַ שליחות אויפצו־טרעטן אויף די אומלעגאַלע „מאַסאָוועקעס", אָדער אין די פאַבריקן פון וואַרטע. יוסף האָט זיי אַלע גוט געקענט, די חברים אַדאַם, קאָנראַד, די חברטע באַשקע און אַנדערע. די חברטע באַשקע, וואָס איז אַ לאַנגע צייט

געווען אין וואַרטע די הויפּט טוערין פון דער ס.ד.ק.פּ.ל., איז באַוואונדערט געוואָרן פון אַלעמען. זי איז געווען אַ העלע שאַטינקע, מיט גלאַטיק־צוגע־קעמטע האָר. זי פלעגט שטענדיק טראָגן אַ לאַנג שוואַרץ קלייד. דאָס איז זי געווען אין טרויער נאָך איר ברודער איסאַק, וואָס איז געהאַנגען געוואָרן נאָך אַ געריכטס־אורטייל אין וואַרשע פאַרן געהערן צו דער עס־דעקישער פּאַרטיי. מיט אירע אַרויסטרעטונגען האָט די חברטע באַשקע זיך שטאַרק באַליבט געמאַכט ביי די פּוילישע אַרבעטער. זי האָט גערעדט נאָר פּויליש. יידיש האָט זי בלויז פאַרשטאַנען, אָבער עס איז איר אָנגעקומען שווער צו רעדן אויף יקדיש. פון איר האָבן די גלחים אין די קירכעס אַ סך צרות געהאַט. זיי האָבן געפּריידיקט פאַר זייערע צוהערער, אַז די דאָזיקע „זשי־דאָווקע" דעמאָראַליזירט די פּוילישע אַרבעטער, און אַז זי האָט זיך אַפילו אַ מאָל דערלויבט צו פאַראומרייניקן אַ „צמענטאַזש", ריידנדיק אויף דער לוויה פון אַן אומגעקומענעם אַרבעטער וואָס איז דערשאָסן געוואָרן בעת אַ דעמאָנסטראַציע.

די פּוילישע אַרבעטער האָבן געקריצט מיט די ציין, ווען זיי זיינען געוואָר געוואָרן פון די גלחימס גיפטיקע רעדעס. די חברטע באַשקע פלעגט אויך אַרויסטרעטן אויף די פאַרזאַמלונגען אין אַלע גרויסע פאַבריקן, ווי ראַקאָוו, שפּאַגאַטשאַרניע און אַנדערע. זי האָט געהאַט זייער אַ שווער לעבן אין דער שטאָט וואַרטע. וואו זי האָט גענעכטיקט האָט זי נישט געטאָגט. יוסף איז אַ געוויסע צייט געווען איר באַגלייטער. זי איז אָפט איינגעשטאַנען ביי די לערנערס, ביי לעאָן קאָפּינסקי אין דער פאַבריק, אויף „זאַוואָדזשע" און אין אַנדערע הייזער.

ערשט אין אַ צייט שפּעטער האָט זיך יוסף דערוואוסט, אַז איר פאַמיליע־נאָמען איז שפּירא און אַז זי איז שלום אַשס שוועגעריז.



# 6



ערווייל איז יוסף געוואָרן אויס פּרנסה־געבער, זיין אָרט האָט פאַרנומען זיין עלטסטער ברודער, ישעיה. יוסף האָט באַקומען אַ פּאָסטן אַלס ביוראָ־אַנגע־שטעלטער ביי מאָריס ליפּסקי. נאָך איניקע חדשים אַרבעט איז ער פון דאָרט באַזייטיקט געוואָרן. יוסף האָט געלערנט צו ביסלעך און איז ווייטער געווען פאַרנומען מיט פּאָליטישער אַרבעט. ער האָט זיך דאַמאָלט באַקענט מיט די טוער פון דער „ציוני־סטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי" („ס. ס."), מיט די חברים מענדל שוכטער, ישעיה־יעקב מיענטקעוויטש, (מינקאָף) הערשל גאַטיינער און אַנדערע. אים איז געוואָרן ענג אין דער היים און ער האָט איצט געוואוינט צוזאַמען מיט זיין נאָענטן חבר קליינמאַן אין אַ מעבלירטן צימער. טאָג־איין, טאָג־אויס פלעגט יוסף זיצן מיט חברים און דיסקוטירן וועגן דער יידן־פראַגע. אונטערן איינפלוס פון דעם פּאַרטיי־טוער מענדל שוכטער איז יוסף, צוזאַמען מיט זיין חבר עמנואל קליימאַן, אַריינגעטראָטן אין דער פּאַרטיי „ס. ס." ווייל זיי זיינען נישט געווען צופרידן מיט דער שטעלונג פון דער ס. ד. ק. פּ. ל. צו יידישע פּראָבלעמען. אין דער היים האָט מען איינגעזען אַז סוף־כל־סוף וועט יוסף אַריינפאַלן אין טורמע. דער ברודער זלמן, וועלכער האָט געאַרבעט אויף אַ פּאָסטן אין אַ פאַרבן־פאַבריק, האָט אונטערגענומען צו העלפן יוספן, בתנאי ער זאָל אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד. יוסף איז טאַקע בקרוב אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע מיטן צוועק צו דערגרייכן אַ גימנאַזיע־מאַטורע.

* * *

אין קראָקע האָט יוסף געוואוינט אין „פּאָדגורזשע" אויף קאַלאַנטאַיאַ גאַס. דאָרט האָט ער געלעבט צווישן די עמיגראַנטן פון קיניגרייך פּוילן

ווענען מען האָט גערופן „קרולעוויאַצי". יוסף האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז אין פאַרלויף פון יאָר זאָל ער מאַכן די מאַטורע. דערווייל האָט ער זיך דאָרט געטראָפן מיט אַ סך באַקאַנטע חברים, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון פאַר־שיקונגען, פון סיביר. ער האָט זיך דאָרט געטראָפן מיט סתם אַנטלאָפענע מחמת די שווערע רעפּרעסיעס, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין פוילן. עס זיינען געקומען הערשל גאַטיינער, וואָס איז אַנטלאָפן פון סיביר נאָכן אָפּזיצן פריער עטלעכע יאָר אין פּיעטרקאָווער טורמע; דוד געריכטער, וועלכער האָט באַקומען אַ פרייע „ווערסילקע" (פאַרשיקונג) אַרויסצופאָרן פון לאַנד, און עס האָט זיך אין קראָקע אויך געפונען דער חבר מיכאל אַלטער. אַלס עקסטערניסטן זיינען דאָ אין קראָקע געווען מאָטל אַש, אַלעקסאַנדער האַפּטקע און דוד באָזשיקאָווסקי. עס האָט אויך דאַן אין קראָקע געוואוינט דער יידישער שרייבער אברהם וועוויאָרקע. פון די באַגעגענישן מיט די אַלע באַקאַנטע האָט יוסף פיל געלערנט.

אין קראָקע איז דעמאָלט דערשינען דער ס. ס.־ישער זשורנאַל „די פריי־הייט". יוסף האָט אין קראָקע נישט אויפגעגעבן די פּאַרטייאישע אַרבעט. הגם דאָס שטודירן האָט עס פאַרלאַנגט פון אים. צוביסלעך האָט ער זיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט אַרום דעם זשורנאַל „פרייהייט". פון ווין פלעגט צו יוסף אָנ־קומען די צייטשריפט „פריילאַנד", וואָס ער פלעגט פון דאַנען איבערשיקן קיין פוילן. אין קראָקע האָט זיך יוסף אין דער צייט אויך זיך באַקאַנט מיט דעם דיכטער יוסף הלל לעווי, און מיט דעם פועלי־ציוניסטישן טוער שכנא זאַגאַן.

יוספן איז נישט איין מאָל אויסגעקומען, אין משך פון דער דאָזיקער צייט, צוצופאָרן אין דער שטאָט וואַרטע און צוריק קיין קראָקע. גענוצט האָט יוסף אַ מאָל לעוויס פּאַס, אַ מאָל זאַגאַנס. די הילף פון ברודער זלמן איז אָפט ניט געווען גענוג ער זאָל האָבן זיין אויסקומעניש. און יוסף האָט ניט איין מאָל געמוזט פאַרקויפן די שול־ביכער, כדי צו קויפן ברויט און דערנאָך די ביכער צוריקקויפן, ווי באַלד ס׳איז נאָר געקומען פון זיין ברודער די חודשלעכע פּענסיע.

אַ שווערן איינדרוק האָט דעמאָלט אויף יוספן געמאַכט די אויסטערלישע ידיעה וועגן דער חברטע באַשקע. איין מאָל האָט יוסף זיך באַגעגנט מיט דעם ס.־ד. טוער יוזעף דאָמאַנסקי, פון וואַרטע, וואָס האָט אים געוויזן אַ נומער פון „טשערוואָני שטאַנדאַר". אין דעם דאָזיקן נומער איז געווען אָפּ־געדרוקט אַ וואָרענונג, אַז די חברטע באַשקע, די עסדעקישע טוערין, איז אין דינסט פון דער צאַרישער אָכראַנע. יוסף איז געווען דערשיטערט פון דער דאָזיקער ידיעה. ער האָט זיך אַזש גענומען צום ביטערן טראָפּן פאַר פאַר־

צווייפלונג. זיך אָנגעשיכורט און אויפן וועג אַהיים פאַרלוירן אַלע זיינע לערנביכלעך. אַ לאַנגע צייט האָט ער דאָס נישט געקאָנט פאַרגעסן, אַזוי גרויס איז געווען זיין אַנטוישונג. יאָרן שפּעטער האָט שלום אַש אויפגעקלערט דעם דאָזיקן וויטיקלעכן ענין: עס איז פּשוט געווען אַ טעות פון פעליקס דזשערזשינסקי. דזשערזשינסקי האָט, על פּי טעות, באַשקען אומזיסט באַשולדיקט אין פאַרראַט.

כמעט צוויי יאָר האָט יוסף פאַרבראַכט אין קראָקע. די מאַטורע האָט יוסף נישט באַקומען, פונדעסטוועגן האָט ער דאָך דערוואָרבן אַ ביסל וויסן.

* * *

ווען די רעפּרעסיעס אין דער שטאָט וואַרטע האָבן זיך אַביסל איינגעשטילט איז יוסף צוריקגעקומען אַהיים. ער האָט באַקומען אַרבעט אין אַן אַפּטייק־סקלאַד. דאָרט האָט אויך געאַרבעט די חברטע אירא. צו איר האָט יוסף געפילט אַ געוויסע סימפּאַטיע. דאָס איז געווען די צייט ווען די באַוועגונג איז געווען טויט. די יוגנט האָט געלייענט ראָמאַנטישע ביכער און מ׳איז וויניקער געווען פאַרקאָכט אין פּאָליטישע פראַגעס. ליבע, ראָמאַנטיק איז געווען אין דער לופט. אַרציבאַשעוו איז געווען דער געלייענסטער שרייבער. דבורה, דעם לערער וואָלף־יענקעלס טאָכטער, האָט פאַרכאַפּט יוספס האַרץ. יוסף האָט דבורהן אַ סך צייט אָוועקגעגעבן, כדי זי זאָל קענען שטייגן אויף דעם לייטער פון לעבן און מיטגיין מיטן גייסט פון יענער צייט. יוסף האָט איר אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער „ליראַ״, און שפּעטער אין דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט״. דבורה האָט געהאַט טאַלאַנט צו שפּילן טעאַטער און יוסף האָט איר אַ סך געהאָלפן, געלערנט מיט איר, ביז דבורה איז אונטער זיין ווירקונג אַרויסגעטראָטן מיט דעקלאַמאַציעס און אין טעאַטער־שפּילן. זי האָט שטאַרק אויסגענומען. דבורה האָט געהאַט אַ טבע צו רעדן וועגן זיך און דערציילן איבערטריבענע, פאַנטאַסטישע מעשיות. זי האָט, קענטיק, געוואָלט מיט די דאָזיקע מעשיות אויסנעמען ביי יוספן. דאָס האָט, אָבער, געהאַט אויף יוספן אַ פאַרקערטע ווירקונג. ער האָט זיך פון דבורהן ביסלעכווייז דערווייטערט. דורך דער צייט פון זייער פריינדשאַפט איז זי דאָך געווען אים אַ נאָענטע חברטע אין לעבן. אין דער זעלבער צייט איז יוסף אויך געווען באַפריינדעט מיט דבורהס אַ חברטע מיטן נאָמען יעטשע. יוסף פלעגט אָפט קומען אין יעטשעס הויז. איר שטוב איז געווען אַ פּשוטע. איר פאָטער, מענדעל קאָוואַל, האָט מיט זיין גרויסער ליבע צו זיין פרוי און קינדער באַשאַפן אַן אַטמאָספער פון ליבע און פריינדשאַפט אין זיין הויז. מענדל קאָוואַל איז געווען אַ טיפּ ווי „יאַנקל דער שמיד״, וואָס דוד פּינסקי מאָלט

אין זיין דראַמע מיט דעם נאָמען. אין דער דאָזיקער שטוב זיינען געבוירן געוואָרן אידייען. אין דער דאָזיקער שטוב האָבן אַלע זיך געריסן צו אַ נײַ לעבן. דאָ האָבן זיך געטראָפן אַ סך פריינד און חברים. ווען מענדל קאָוואַל איז געשטאָרבן, נאָך אַן אָפּעראַציע אין וואַרשעווער שפּיטאָל, האָט זיין טויט איבערגעלאָזן אַ טיפן ריס אין יוספס נשמה. ער האָט דערפילט ווי ער וואָלט פאַרלוירן זיין צווייטע היים.



# 7



ס איז דעמאָלט געווען דער רענעסאַנס פון דער יידישער ליטעראַטור. עס איז געגרינדעט געוואָרן אין שטאָט וואַרטע די „יידישע ליטעראַרישע געזעל־שאַפט” אַלס קעגנזאַץ צו דער עקסיסטירנדיקער פויליש־העברעאישער „ליראַ”. עס זיינען פאָרגעקו־מען שאַרפע קאַמפן דעמאָלט פאַר יידיש. אויך יוסף האָט אין יענעם יאָר געהאַלטן זיין ערשטע פאָרלעזונג וועגן דער יידישער שפּראַך. יוסף גע־דענקט אַפילו, ווי ער האָט די פאָרלעזונג פאַרענדיקט מיט אַ ציטאַט פון ל. קאַווע, אין וועלכער עס איז געווען אויסגעגאָסן די „תוכחה” אויף יעדן וואָס שעמט זיך מיט יידיש. אַלס ענטפער אויף יוספס פאָרלעזונג איז געקומען אַ צווייטע פאָרלעזונג פון לעאָן קאַפּינסקי, וואָס האָט פאַרטיי־דיקט העברעאיש ווי די נאַציאָנאַלע שפּראַך ביי יידן.

עס איז דעמאָלט אַראָפּגעקומען אין דער שטאָט וואַרטע דער דיכטער און שוישפּילער מאַרק שווייד און די שוישפּילערין מרים איזראַעלס, די פרוי פון דעם יידישן סקולפּטאָר קראַטקע. זייער אָנקומען אין וואַרטע איז געווען פאַר דער יוגנט אַ גרויסער יום־טוב. יוסף האָט זיך באַטיי־ליקט אין אייניקע איין־אַקטערס פון י. ל. פּרץ, וועלכע שווייד און איזראַעלס האָבן אויפגעפירט. אויף מרים איזראַעלס האָט יוסף געקוקט ממש ווי אויף אַ ביבלישער געשטאַלט. איר קליידן זיך, איר גאַנצער אויסזען האָט דער־מאָנט אַלט־ביבלישע געשטאַלטן. מרים האָט פאַרבראַכט אין שטאָט אייניקע חדשים. יוסף געדענקט ווען זי האָט געדאַרפט קומען פון וואַרשע דאָס צווייטע מאָל. אין זיין האַרצן האָט געטליעט צו איר אַ ליבשאַפט, אָבער ער

האָט דאָס קיינעם נישט געזאָגט. איר, מרימען, אויך נישט. יוסף האָט זי אָפּגעוואָרט ביי דער באַן מיט אַ בוקעט בלומען, אָבער צו זיין גרויסער אַנטוישונג איז מרים איזראַעלס דעם טאָג נישט געקומען. ער האָט אָבער די בלומען באַהאַלטן, און ערשט צומאָרגנס האָט ער די בלומען געבראַכט אין דעם הויז פון אהרן פרץ, וואו מרים איז איינגעשטאַנען.

אין מרימס געזעלשאַפט איז געווען זייער אנגענעם און אינטערעסאַנט צו פאַרברענגען. זי האָט וואונדערלעך אינטערפּרעטירט לידער, צושפּילנדיק אויף אַ קעסטעלע מיט מעטאַלענע פּליטן. מרים האָט ריטמיש געטאַנצט אונטער די קלאַנגען פון מוזיק. אין דער זעלבער צייט וואָס זי האָט אויפגעפירט איין־אַקטערס אין יידיש, האָט די „לירא״ מרימען אויך איינגעלאַדן אויפצופירן אין פויליש די דראַמע „האַנושאַ״ פון גערהאַרדט הויפּטמאַן.

דעם אמת געזאָגט, האָט דעמאָלט יוסף שטאַרק פאַרדראָסן וואָס מרים שפּילט טעאַטער אין פויליש. און מער פון אַלץ פאַרוואָס זי שענקט, מער ווי אים, די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איר פוילישן מיטשפּילער. פון מרימען איז יוסף געבליבן לזכרון צוויי פאָטאָגראַפיעס, אויף איינער זעט מען איר איידל עכט־יידיש פּנים אין פּראָפיל, אין אַ הוט מיט אַ גרויסער פעדער, און אויפן צווייטן בילד זיצט מרים אין אַ ספּאָרט־קאָסטיום און פאַר איר שטייט קוזשמינסקי, דער פוילישער אַמאַטאָר־מיטשפּילער. די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס האָט יוסף אָפּגעהיט אין זיין אַרכיוו ביז די לעצטע טעג פון זיין בלייבן אין פוילן.

אין די יאָרן נאָכן ערשטן וועלטקריג האָט יוסף צופעליק געטראָפן מרימען אין וואַרשע אין אַ טראַמוויי אַלס טאָטשאַ אַרצישעווסקאַ. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך פויליש. ער האָט איצט געזען פאַר זיך אַן אַנדער מרים איזראַעלס. שוין נישט די, וואָס ער האָט אין האַרצן אַמאָל אַזוי פאַרגעטערט.

* * *

אין יענע טעג, ווען די רעאַקציע האָט אָנגעהויבן אָפּצולאָזן אירע צוימען, איז אָנגעקומען אין דער שטאָט וואַרטע חבר בערל גוטמאַן אַלס שליח פון צ. ק. פון דער ס. ס־ערשער פּאַרטיי. די גרופּע „ס. ס.״ איז זיך צונויפגעקומען אין אַ פּריזיר־אַנשטאַלט. דער שליח האָט אינפאָרמירט וועגן דעם צוזאַמענפאָר פון דער טעריטאָריאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס דאַרף פאָרקומען אין ווין, און וועגן דער קאָנפערענץ פון די ס.ס. וואָס וועט דאָרט אויך אָפּגעהאַלטן ווערן ביי דער געלעגנהייט. צו דער קאָנפערענץ זיינען געפאָרן פרייוויליק אַלס געסט, יוסף, דער ברודער זלמן און חבר פּיניע קאַלקע.

אין ווין זיינען שוין דעמאָלט געווען די טוער — יוספס לאַנדסלייט — ד״ר יוסף קרוק, מאיר פיינרייך און יצחק גורסקי. זיי זיינען געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון יענער ווינער קאָנפערענץ.

אַ צייט שפּעטער, נאָך יוספס צוריקקומען פון ווין, זיינען זשאַנדאַרמען און פּאָליציי באַפאַלן אין מיטן נאַכט יוספס שטוב און געמאַכט אַ רעוויזיע. קיין פאַרדעכטיקע זאַכן האָבן זיי נישט געפונען. ביי דער רעוויזיע האָט מען צוגענומען עטלעכע ביכער פון דער הויז־ביבליאָטעק, אָבער מ׳האָט קיינעם נישט אַרעסטירט. וועמען מען האָט געמיינט מיט דער רעוויזיע — אים, צי זיין ברודער זלמן — האָט קיינער נישט געוואוסט. שפּעטער, ווען יוסף איז אַרויסגערופן געוואָרן צו דער זשאַנדאַרמעריע אויף אַן אויס־פאָרשונג, האָט ער דערשנאַפּט אַז די רעוויזיע האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער ווינער קאָנפערענץ.

יוספס ברודער, זלמן, האָט געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי ד״ר וואַלבערג אין דער פאַרבן־פאַבריק און נישט שלעכט פאַרדינט. עס איז געוואָרן אַ פּראָבלעם ווי אַזוי אים אָפּצוראַטעווען פון די גויאישע הענט, וואָרעם, טאָמער וואָלט זלמן געדאַרפט גיין אין מיליטער, וואָלט די שטוב פאַרלוירן דעם הויפּט פּרנסה־געבער. זלמן האָט דעריבער זיך געמאַכט אַ שטיקל פעלער, אָבער אַפילו מיטן פעלער האָט מען אים צוגענומען. ערשט אין אַ צייט אַרום איז ער דורך אַ „מאַכער״ פון לובלין באַפרייט געוואָרן. אויף זיין אָרט איז געגאַנגען דינען אַ „מלאך״. (אַ „מלאך״ האָט געהייסן דאָס שיקן צום מיליטער אַ פּערזאָן אויפן אָרט פון דעם צוגענומענעם סאָלדאַט).

ווען זלמן איז אַהיימגעקומען פון מיליטער־דינסט איז דאָס פּראָבלעם פון פּרנסה געוואָרן פאַרענטפערט. אין גיכן אָבער האָט אויך יוסף זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו.

ביז זיין שטיין צום פּריזיוו האָט יוסף געאַרבעט אין אַן אַפּטייק־סקלאַד אַלס געהילף־בוכהאַלטער. דער באַלעבאָס און די פרוי זיינע זיינען געווען פּויליש־אַסימילירטע יידן. זיי האָבן געהאַט די בעסטע באַציאונג צו אים. דער באַלעבאָס אַליין, מוריצי נויפעלד, איז אַליין געווען אַ ראַדיקאַלער מענטש; געווען אַמאָל אַפילו פאַרשיקט אין אויסלאַנד צוליב זיינע פּאָ־ליטישע איבערצייגונגען. ער האָט געוואוינט אַלס פאַרשיקטער אין דייטשלאַנד, און פון דאָרט אָנגעפירט מיט זיינע געשעפטן. אין 1905 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער גרויסער דעמאָנסטראַציע, בעת דער צאַר ניקאָליי האָט געגעבן די קאָנסטיטוציע. ביי דער דעמאָנסטראַציע האָט ער געטראָגן אַ פּרוכת פון נאַפּאָלעאָנס צייטן, אויסגעשטריקט מיט אַ פּוילישן אָדלער.

פאַר דער דאָזיקער עבירה איז ער טאַקע אָפּגעקומען די שטראָף. זיין טאָכטער וואַנדע, אַ באַרימטע פּיאַניסטין, האָט חתונה געהאַט מיט אַ טשעך, אַ פּראָפעסאָר פון מוזיק, מיטן נאָמען קאָפּעצקי. ביידע פלעגן זיי געבן פון צייט צו צייט קאָנצערטן פאַר וואוילטעטיקע צוועקן. וואַנדע האָט אין אירע יונגע יאָרן געהערט צום „בונד". די שטוב פון אירע עלטערן איז געווען דאָס אָרט פאַר פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע צוזאַמענקונפטן. די לעצטע יאָרן האָט מוריצי נויפעלד געלעבט איינזאַם. אַלע קינדער זיינע, חוץ די טאָכטער וואַנדע, זיינען אויף אַ טראַגישן אופן געשטאָרבן. ער איז אויף דער עלטער געבליבן בלויז מיט דער טאָכטער וואַנדע, ווייל דער מאַן אירער, דער טשעך, האָט אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה איר פאַרלאָזט.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט איז געווען טויט. די יוגנט האָט געטאַנצט. יוסף האָט דאַן איבערגעלעבט אַ סך אַנטוישונגען. ס'האָט אים געפעלט אַ נאָענטער מענטש, ער זאָל זיך קאָנען מיט וועמען עס איז טיילן מיט זיינע איבערלעבונגען, די אַנטוישטע טראַכטענישן אין די יאָרן פון דער רעאַקציע.

אין יענער צייט האָט יוסף זיך באַקענט מיט אַ מיידל, העלע. אין דער דאָזיקער מיידל האָט יוסף דעמאָלט געפילט אַז ער האָט ענדלעך געפונען דעם נאָענטסטן מענטשן און אַ פריינדשאַפט אין וועלכער ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געניטיקט. העלע איז געווען אַן אינטעליגענט מיידל. זי פלעגט שטענדיק אַרומגיין מיט אַ בוך אונטערן אָרעם. זי איז געווען ביי אירע עלטערן אַן אויסגעצערטלטע טאָכטער. זי האָט געהאַט אַ קליין, צאַרט פנים. איר שטענדיק חנעוודיקער שמייכל, איר איידלקייט און איר באַ־האַוונטקייט אין דער וועלט־ליטעראַטור האָט יוסף צוגעצויגן. ער האָט זי ליב באַקומען. יוסף האָט איר באַקענט מיט דער יידישער ליטעראַטור, פון וועלכער זי האָט קיין צו גרויסע אַנונג נישט געהאַט. ער האָט פאַר העלען אָפּט געלייענט פון די ווערק פון יידישע שרייבער. כאָטש אירע עלטערן איז נישט אָנגעשטאַנען דער שידוך מיט יוספן צוליב יוספס נישט גענוג פאַרדינען אויף חיונה, האָבן יוסף און העלע געשריבן תנאים. פון חתונה האָבן האָט דערווייל נאָך נישט געקענט זיין קיין רייד, ווייל יוסף איז נאָך נישט פריי געווען פון פּריזיוו.

אין 1913 איז יוסף געשטאַנען צום פּריזיוו און ביי דער מיליטעריש־מעדיצינישער אונטערזוכונג איז ער אָנגענומען געוואָרן און איז געשיקט געוואָרן קיין פּיעטרקאָוו אויף אַ גובערניאַלער אונטערזוכונג. דאָרט איז ער אויך אָנגענומען געוואָרן אַלס „גאָדיען", דאָס הייסט פּעאיק צום מיליטער

דינסט. יוספן האָט זייער נישט געגלוסט דינען פּאָניען. ער האָט געזוכט אַלערליי וועגן זיך דערפון אַרויסצודרייען. בינו לבינו, זיינען דערווייל איין מאָל ביינאַכט געקומען זשאַנדאַרמען און יוספן אַרעסטירט. ער איז ווידער געפּאַרשט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין פּאַרן קיין ווין אויפן צוזאַמענפאָר פון דער „ס. ס.‟ נאָך דער אויספאָרשונג איז יוסף פאַרבליבן אין תּפיסה.

די ערשטע פּאָר טעג איז יוסף געזעסן אין תּפיסה איינער אַליין אין אַ קאַמער. שפּעטער האָט מען אין זיין קאַמער אַריינגעזעצט אַן אַרעסטאַנט, אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען יאַן. יאַן האָט געטראָגן קייטן אויף די פיס, ער זאָל נישט קענען אַנטלויפן. דער דאָזיקער יאַן איז געווען אַ גוי מיט לאַנגע וואָנסעס און מיט אַ פּאָר פעסטע ידים. נאָר אויגן האָט ער געהאַט מילדע, און געווען איז ער די גוטסקייט אַליין. יוסף האָט אויסגעפונען פאַרוואָס יאַן איז געבונדן אין קייטן. דאָס האָט ער, יאַן, דערהרגעט זיין שכן, דעם פּאָליאַק וואָיטשעך, דערפאַר וואָס יענער האָט זיך צופיל געטשעפּעט צו יאַנס ווייב. נו, אַ שיכור איז יאַן געווען, ער האָט איין מאָל שיכורערהייט זיי טאַקע געכאַפּט ביי גאָר נישט קיין שיינע אומשטענדן, און יאַן האָט וואָיטשעכן אַוועק־געלייגט. איצט וועט מען אים אַוודאי הענגען. נאָך דער דאָזיקער געשיכטע וואָס יאַן האָט יוספן דערציילט, איז אין צעל געוואָרן מוראדיק שטיל און יוסף איז געזעסן אַ טרויעריקער און געהערט דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ. יאַן ווידער האָט געשמייכלט אַ רעזיגנירטער. אים האָט ווייזט אויס הנאה געטאָן, וואָס ער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט וואָיטשעכן דעם אויסוואורף. יאַן פלעגט אַרומשפּאַנען אין צעל און דאָס קלינגען פון די קייטן אויף זיינע פיס האָט יוספן דענערווירט. פון פחד וואָס ער געפינט זיך אין איין קאַמער מיט אַ מערדער, האָט יוספן נישט געלאָזט שלאָפן אין די נעכט. פינצטערע מחשבות זיינען אים געקומען אין קאָפּ. ביסלעכווייז אָבער איז ער היימישער געוואָרן מיט יאַנען, און איז געוואָרן מיט אים אַ גוטער ברודער. ווען מען האָט יאַנען לכבוד די חגאס געבראַכט אַ „וואָלאָווקע‟ אין וועלכן עס האָט זיך געפונען עסנס פון כל טוב, האָט יוסף געמוזט מיטעסן מיט יאַנען, ווייל יאַן וואָלט זיך געפילט באַליידיקט ווען יוסף עסט נישט.

מיט יעדן טאָג איז יאַן געוואָרן רעדעוודיקער און האַרציקער. דאָס זיצן אין תּפיסה איז געוואָרן גרינגער. אַ וועלט מיט מעשיות האָט דער דאָזיקער יאַן געהאַט צו דערציילן, און אַזוי איז די צייט געלאָפן אין טונקעלן תּפיסה־קאַמער, וואו דאָס פענצטערל איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ הילצערנעם לאָדן. די זון איז קיין מאָל נישט צוגעקומען צום דאָזיקן תּפיסה־פענצטערל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום גאָרטן פון שטאָטישן מאַגיסטראַט.

יוספס כלה, העלע, פלעגט יעדן טאָג קומען צו דער תפיסה און ברענגען עסן פאַר יוספן. אָבער זען זיך מיט איר האָט מען יוספן נישט דערלויבט. יוסף איז דאַן געזעסן ביים פענצטערל און זיין בענקשאַפט צו העלען און צום פרייען דרויסן פלעגט יוסף א יסדריקן מיטן זינגען אומעטיק־יידישע פאָלקס־לידער. זיינע פאַרלאַנגען פלעגט ער איבערגעבן מיט ווערטער און מעלאָדיעס.

לויט יוספס זינגען פלעגט העלע שוין פאַרשטיין וואָס ער וויל איר זאָגן. זי פלעגט שטיין הינטערן פענצטערל און הערן יוספס קול, כאָטש זיין פנים האָט זי נישט געזען. טרערן זיינען גערונען פון אירע אויגן. יוסף האָט אינסטינקטיוו געפילט העלעס נאָענטקייט און ס'איז אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן.

פיר וואָכן צייט איז יוסף אָפּגעזעסן אין תפיסה. מען האָט אים געמאָלדן, אַז דער פּראָצעס קעגן אים ווערט בטל און ער ווערט אָפּגעשיקט מיט אַ ספּעציעלן קאָנוואָי צום מיליטער־דינסט קיין פּיעטרקאָוו אין „זבאָרני פונקט".

יאַן האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט יוספן דעם לעצטן טאָג פון זיין זיצן אין תפיסה. יוסף האָט אים געטרייסט, אַז זיין משפט ועט אַדורך גוט, און מען וועט אים זיכער באַפרייען. יאַן האָט אים געדאַנקט פאַר די טרייסט־ווערטער און יוספן געוואונטשן גליק און אים געעצהט זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דאָס נאַרישע און זינלאָזע זיך פאַרנעמען אַראָפּצואוואַרפן דעם צאַר. — „בעסער זאָרג פאַר זיך אַליין, יוסף" — האָט ער אים געזאָגט און זיך מיט אים אויף אַ האַרציקן אופן צעקושט.

ווען מען האָט יוספן אָפּגעפירט מיטן ספּעציעלן קאָנוואָי קיין פּיעטרקאָוו, איז העלע מיט אים מיטגעפאָרן.

יוספן איז דאָך געלונגען פון דאָרטן זיך אַרויסצובאַקומען. עס האָט אים דערין צוגעהאָלפן דער מיליטערישער שניידער, באום, פון וואַרטע, וועל־כער האָט דעמאָלט געוואוינט אין פּיעטראָקאָוו. יוסף האָט זיך דאַן געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן „מאַכער", אַ ייד מיטן נאָמען בערל בלום, אַ חסידישער ייד פון לובלין, וואָס האָט פריער געהאַט באַפרייט יוספס ברודער, זלמן. דער „מאַכער" האָט קודם כל זיך באַמיט אַז מען זאָל פון יוספס מיליטערישע פּאַפּירן באַזייטיקן דאָס צוגעלייגטע פּאַפּירל, אַז ער איז פּאָליטיש פאַרדעכ־טיקט. צוליב דעם איז דער „מאַכער" געקומען פון לובלין קיין פּיעטראָקאָוו. דערנאָך האָט יוסף באַקומען די נייטיקע פּאַפּירן.

מיט די פּאַרטיקע פּאַפּירן איז יוסף געפאָרן קיין וויניצע. דאָרט האָט דער „מאַכער" אים אָפּגעוואַרט אין אַ האָטעל און צוגענומען פון אים די פּאַפּירן. בערל בלום האָט יוספן געהייסן פאָרן קיין לובלין, ביז ער וועט

אים צו וויסן געבן אַז ער איז פריי. אויף יוספס אָרט איז געגאַנגען דינען אַ „מלאך". זיין נאָמען האָט יוסף זיך קיין מאָל נישט דערוואוסט. ער האָט דעם דאָזיקן „מלאך" געזען בלויז אַן איינציק מאָל אין קאָרידאָר פון האָטעל אין ווינעצע. שפּעטער האָט יוסף זיך דערוואוסט פון באַקאַנטע אויסגעדינטע סאָלדאַטן, אַז זיי האָבן געדינט מיט אַ געוויסן יוסף שאַליט, וועלכער איז געווען אַ וויסטע קאַליקע, אַ מוראדיק שלעכטער סאָלדאַט און איז גלייך באַפרייט געוואָרן פון פּאָלק...

* * *

דורך דער צייט וואָס דער „מלאך" האָט געדאַרפט דינען האָט יוסף געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פרעמדער שטאָט. איז ער געווען אַ שטיקל צייט אין וואַרשע, אָבער לאַנג האָט ער דאָרט נישט געקענט בלייבן. צופיל באַקאַנטע פון שטאָט וואַרטע זיינען געקומען אַהין. אַ פּאָר מאָל איז יוסף געווען ביים „מאַכער" אין שטוב אין לובלין, ביז איין מאָל איז אים איינ־געפאַלן דער געדאַנק צו באַזוכן זיינס אַן עלטער־פעטער, וואָס ער האָט ביז דאַן נאָך קיין מאָל נישט באַגעגנט, אָבער וועגן וועלכן ער האָט אָפט געהערט רעדן אין שטוב. דער דאָזיקער עלטער־פעטער האָט אויך, ווי יוספס פאָטער, געהייסן דוד. דער עלטער־פעטער איז געווען אַמאָל אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָל־דאַט און ער האָט דאָרט, אין רוסלאַנד, חתונה געהאַט. צוליב דעם איז ער טאַקע געוואָרן אָפּגעפרעמדט פון דער פאַמיליע און איז קיין מאָל צו דער משפּחה נישט געקומען. ער האָט זיך באַזעצט אין אַווגוסטאָוו און ער איז דאָרט געווען אַ פעלדשער.

אָנגעקומען קיין אַווגוסטאָוו איז יוסף אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט. ער האָט זיך דערפרעגט צום פעלדשער דוד שאַליט. מען האָט אים אָנגעוויזן וואו דער פעלדשער וואוינט. יוסף האָט פאַר זיך דערזען אַ הויכן, ברייט־בייניקן מאַן, מיט אַ צעקעמטער באָרד און וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רוסי־שער גענעראַל. אין שטעטל איז ער געווען באַקאַנט ווי דער „פּאָוויאַטאָווער סטאַרשי פעלדשער". ווען יוסף האָט אים דערציילט ווער ער איז, האָט ער יוספן אַרומגענומען און אים געהאַלדזט און געקושט, ווי דעם ערשטן פון זיין משפּחה וואָס ער האָט קיינעם פון זיי שוין יאָרן נישט געזען. פאַר גרויס פרייד האָט זיך דער אַלטער צעכליפּעט ווי אַ קליין קינד.

יוסף האָט דעם עלטער־פעטער דערציילט פון דעם פריצייטיקן טויט פון זיין פאָטער, פון די פאַרבליבענע קינדער און וועגן דעם נישט פריילעכן מצב פון דער פאַמיליע. גאַנצע טעג פלעגט דער פעטער זיצן און דערציילן מעשיות פון די יאָרן ווען ער איז געווען אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. דער פעטער האָט זיך אויך פאַר יוספן באַקלאָגט אויף זיין איינזאַמקייט. די פרוי

זיינע איז דאָ ערשט נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן. די צוויי טעכטער זיינען שוין פאַרהייראַטע. איינע פון זיי איז אין אַמעריקע און די צווייטע וואוינט אין כאַרקאָוו. פּרנסה ב״ה איז דאָ. ביי די פּויערים אין די דערפער איז ער אַ גאַנצער דאָקטער, און אויך יעדן האַלטן פון אים שטאַרק. אין דעם פעטערס רייד האָט יוסף דערפילט די בענקשאַפט נאָך אַ פאַמיליע־לעבן. יוספן איז געקומען אויפן זינען די שטענדיק־וויינענדיקע מאַמע זיינע, די אלמנה. וואָס וועט זיין פון איר דער תכלית? אפשר איז ער דער שליח?... אפשר וועט די מאַמע ווערן אויס אלמנה? דער פעטער הייסט דעם זעלבן נאָמען. יאָ, עס איז אפשר באַשערט אַזוי?

פאַרן אַוועקפאָרן האָט יוסף פאַרשעמטערהייט געגעבן דעם פעטער אָנ־צוהערן. דער פעטער האָט מיט פרייד זיך צוגעהערט צו יוספס שטאַמלדיקע רייד. ער איז גרייט געווען צו קומען קיין וואַרטע, ווי באַלד נאָר מ׳וועט אים לאָזן וויסן. און עס איז געבליבן אַזוי. ווי נאָר יוסף וועט זיך דורכריידן מיט דער מאַמען, זאָל ער שיקן דעם פעטער אַ טעלעגראַמע און ער וועט גלייך קומען.

אין יענעם טאָג קריגט יוסף אַ טעלעגראַמע אַז ער מוז תיכף קומען קיין וויניצע, זיין מיליטער־דינסט האָט זיך שוין פאַרענדיקט. אין וויניצע האָט יוסף באַקומען זיין באַפרייאונגס־בילעט. ווי אַן אמתער „פּאַניע״ פאַרלאָזט זיך יוסף וואָנסעס, און ער טוט זיך אָן אַ פּאָר שטיוול און סאָלדאַטסקע קליידער און פאָרט אַריין קיין וואַרטע. אַלע זיינע פריינד און באַקאַנטע האָבן געקוקט אויף יוספן ווי אויף אַן אמתן סאָלדאַט. מען האָט אים באַטראַכט אין מיט באַדויערן האָט איינער אַ זאָג געטאָן:

— „זעט נאָר וואָס אַ פּאָר וואָכן דינען פּאַניען קאָן מאַכן פון אַ מענטשן! יאָ, די קאַזאַרמע לייגט אַ שטעמפּל אויפן פּנים!״

יוסף איז אַהיים געקומען אַ באַפרייטער פון מיליטער און נישט אויפ־געהערט טראַכטן וועגן פעטער דוד. ער האָט צוזאַמענגערופן די שוועסטער, ברידער, דער מומע הינדע, דעם טאַטנס ברודער, דעם פעטער שלום. מען האָט זיך דורכגערעדט און אַלע האָבן צוגעשטימט, אַז ס׳איז אַ גלייכע זאַך. מען האָט געלאָזט וויסן דעם פעטער דוד, אַז ער זאָל קומען. און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער פעטער דוד געקומען. די מאַמע האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט. די מאַמע האָט אָבער איר צווייטן מאַן קיין מאָל נישט גערופן ביים נאָמען, נאָר „פעטער״. און אַז זי האָט גערעדט צו אים, פלעגט זי זיך ווענדן צו אים אין דער דריטער פּערזאָן: „זאָל דער פעטער גיין״, „זאָל דער פעטער נעמען עפּעס עסן״, וכדומה.

די מאַמע איז אַוועק מיטן פעטער קיין אַווגוסטאָוו. אין הויז איז געוואָרן אַביסל אומעטיק. יוסף, דער ברודער זלמן, די שוועסטער צירל האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. זיי האָבן מיט אַלע כּוחות אָנגעהאַלטן די שטוב. אויף אַ ווייל האָט זיך געדוכט אַז דאָס לעבן וועט זיין אַ פרידלעכס, אָבער דאָ האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און אַלץ אַרום האָט באַקומען אַן אַנדער פּנים.



# 8



ען דאָס דייטשישע מיליטער איז אַריין אין וואַרשע זיינען די רוסישע סאָלדאַטן אין שטאָט שוין נישט געווען. זיי זיינען אַנטלאָפן מיט אַ פּאָר טעג פריער. און די דייטשן האָבן איינגענומען וואַרטע אָן אַ ווידערשטאַנד. די צאַרישע מאַכט האָט נאָר באַוויזן, אין יענע ערשטע בהלהדיקע טעג פון דער מלחמה, צו מאָביליזירן הונדערטער יונגע מענער פון שטאָט, צווישן זיי, אויך אַ סך יידן.

תחילת האָבן יידן אויפגענומען דאָס דייטשישע מיליטער זייער פריינד־לעך. אַזוי אויך די פּאָליאַקן. מען האָט זיך קודם כל געפרייט אויף דער מפּלה פון דער צאַרישער מאַכט. ס'רוב יידן האָבן געהאָפט אַז מיטן דייטש וועט דאָס לעבן ווערן בעסער. פאָרט אַ ציוויליזירטע מדינה דאָס דייטש־לאַנד. עפּעס אַ קלייניקייט די דייטשישע קולטור! דאָס פאָלק פון געטע און שילער! פאַר יידן האָט דאָס דייטשישע לשון געקלונגען היימישער אין די אויערן ווי די רוסישע שפּראַך. וועלכער ייד פאַרשטייט דאָס נישט קיין דייטש? יידן האָבן זיך געקענט צונויפרעדן מיט די דייטשן פיל בעסער ווי מיט די צאַרישע באַאמטע און פּאָליציי, פון וועלכע מ'האָט קיין מאָל קיין פריינדלעך וואָרט ניט געהערט. די דייטשן פון ערשטן וועלט־קריג זיינען טאַקע, לכל הפחות, אויבנאויף געווען גאַנץ אַנדערע דייטשן, ווי די היט־לער־מערדער אין צווייטן וועלט־קריג. יענע דייטשן האָבן געהאַט מאַניערן. מ'האָט אין אָנהייב פון זיי כסדר געהערט דעם „דאַנקע שעהן" און דעם „ביטע זייער". — „ווער ווייס?" — האָבן יידן געטראַכט — „אפשר וועט די ישועה קומען דורך זיי, די ציוויליזירטע דייטשן מיט זייער ריינקייט און מיט זייערע פיינע און איידעלע מאַניערן?"

יוסף איז געווען צווישן די געציילטע אין דער שטאָט וואַרטע וואָס האָט גאָר אַנדערש געטראַכט פון די דייטשן. געווען אַ קליינע מינאָריטעט יידן, וואָס זיינען געווען אויף דער רוסישער זייט און דווקא קעגן די דייטשן. יאָ, געווען דעמאָלט אַזעלכע וואָס האָבן געוואָלט אַז די מלחמה זאָלן די רוסן געווינען, און נישט די דייטשן. יוסף האָט געהאָפט אויף אַ רעוואָלוציע אין גרויסן רוסישן לאַנד! און מיט אַ דייטשישן זיג, האָט יוסף געטראַכט, וועט קומען אַ נייע פּרייסיש־רעאַקציאָנערע מאַכט פון וועלכער די אַרבעטער וועלן זיך קיין מאָל נישט קענען באַפרייען... ביי די פאַרשיידענע רייד און דיסקוסיעס מיט זיינע חברים און מיט דער משפחה, האָט יוסף אויסגעדריקט זיין מיי־נונג און געזאָגט אַז ער האָפט אַז די רוסן וועלן געווינען. אין אַ הייסן שמועס מיט זיין ברודער זלמן האָט יוסף זיך אַזוי צעקאָכט קעגן די דייטשן, אַז דער ברודער, וואָס איז געווען אויף דער זייט פון די דייטשן, איז געוואָרן אין כעס און יוספן דערלאַנגט אַ פּאַטש! יוסף האָט דעם ברודער פאַרשוויגן. אין האַרצן אָבער איז ער געבליבן ביי זיינע געדאַנקען און ביי זיינע מיינונגען וועגן די דייטשן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטיקל האַנדל מיט די דייטשן. ביסלעכווייז איז דער האַנדל געוואַקסן. טייל יידן האָבן אין די ערשטע יאָרן פון קריג געהאַנדלט מיט סחורות, וואָס זיי פלעגן שמוגלען פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, אָדער פון דעם טייל פּוילן וואָס עסטרייך האָט אָקופּירט, צו דער זייט וואָס די דייטשן האָבן פאַרנומען. דייטשישע באַאמטע, אָפיצערן און גענעראַלן האָבן זיך איינקוואַרטירט אין די רייכע יידישע הייזער אין שטאָט. מ'האָט אויך אָפט געזען אויסגעפּוצטע יידישע טעכטער פון די רייכע הייזער, און אַפילו פון דעם מיטלקלאַס, שפּאַצירן מיט דייטשישע אָפיצערן. ווער עס האָט געהאַט ביי זיך דייטשישע מיליטער־לייט איינקוואַרטירט איז געווען פאַרזיכערט מיט פּרנסה. דייטשן האָבן דאָס רוב געוואוינט ביי יידן, ווייל מיט די יידן האָבן זיי זיך געקענט בעסער פאַרשטענדיקן.

ביסלעכווייז איז אָבער די דייטשישע העפלעכקייט איבערגעגאַנגען אין אַ שטרענגער מיליטערישער מאַכט. די מאַכט ביים רעגירן איז נאָך אַלץ פאַרשטעלט. כלומרשט איידל. די דייטשן האָבן זיך, למשל, גענייטיקט אין אַרבעטער פאַר די פאַבריקן אין דייטשלאַנד. איז גלאַט נעמען און כאַפּן מענטשן אין גאַס, אַרעסטירן זיי פאַר גאַרנישט, איז נישט געווען לויט די גוטע מאַניערן פון די דייטשן! וואָס טוען זיי? האָבן זיי דעמאָלט אין וואַרטע, אין די ערשטע טעג, אָפּגעטאָן אַ ביטרע שטיקל אַרבעט. כדי צו האָבן אַ תירוץ צו טאָן וואָס זייער האַרץ גלוסט. די דייטשן האָבן אין איין שיי־

נעם טאָג, דערשאָסן דריי פערד אויף איינע פון די שענסטע גאַסן אין שטאָט, אין די אַלייען נישט ווייט פון דעם באַרימטן קאַטוילישן קלויסטער „יאַסנאַ גוראַ". און גלייך האָט די שטאָט־מאַכט געוואָרפן די שולד אויף דער ציווילער באַפעלקערונג. די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט גאַנצע גאַסן פון אַלע זייטן אַלייען און אַרעסטירט די מער יונגע, געזונטע מענער און פרויען, יידן און ניט־יידן, און זיי אַלעמען פאַרשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. אַ פּאָר אומשולדיקע פאַרבייגייער האָבן די דייטשן גלאַט אַזוי אַרעסטירט און שפּעטער דערשאָסן, כדי אַנצוואַרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג און אַז מען זאָל זיין געהאָרכזאַם און אויספאָלגן אַלע באַפעלן און גזירות וואָס די דייטשן האָבן שוין, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, שטילערהייט געגרייט אויף דער באַפעלקערונג. אין אַלע שטעט פון פּוילן, אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג.

עס זיינען אָנגעקומען יאָרן פון הונגער. פּאַרדינט האָבן נאָר געציילטע, די רייכערע פּאַמיליעס, די וואָס האָבן געהאַנדלט גרויס און געשמוגלט סחורות. די אַרבעטער האָבן פּשוט געהונגערט. ס'רוב פּאַבריקן זיינען געשטאַנען פּאַרשלאָסן, נישט געווען קיין אַרבעט. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די דייטשן האָבן כסדר באַרויבט דאָס לאַנד, צוגענומען די שפּייז, כלומרשט געקויפט און באַצאָלט מיט די פּאַפּירענע מאַרקן, וואָס האָבן קיין גרויסן ווערט נישט געהאַט. נישט נאָר שפּייז האָבן די דייטשן צוגע־נומען און אָפּגעשיקט אַהיים נאָך דייטשלאַנד, אויך מאַשינען, אייזן, קופּער, מעש און אַנדערע מאַטעריאַלן אין וועלכע זיי האָבן זיך געניטיקט פאַר זייער קריגס־פּראָדוקציע. אין אַ געוויסן טאָג זיינען די דייטשן באַפאַלן אַלע שטיבער אין שטאָט און אַראָפּגענומען די מעשענע קליאַמקעס פון די טירן און פאַר זיי באַצאָלט מיט פּאַפּיר־געלט, לויט זייער אייגענעם חשבון.

קורץ, די דייטשישע מיליטערישע מאַכט האָט ברוטאַל געהערשט איבער פּוילן. און וואָס אַ יאָר אַלץ שטרענגער. מיט דער מפּלה וואָס זיי האָבן געהאַט, אַלץ ברוטאַלער איז געוואָרן זייער הערשאַפט. די נויט אין די אַרבעטער־היימען איז געוואַקסן. די פּוילישע און יידישע באַפעלקערונג, די אַרבעטער און דער מיטלקלאַס, פלעגן זיך אָפּט פאַרזאַמלען. באַזונדערס די פּאַליאַקן אין די טעג פון די פּוילישע יום־טובים. דער פּוילישער פּאַטריאָ־טיזם האָט זיך פאַרשטאַרקט ביי יעדן פּאָליאַק. רעדנער זיינען אַרומגעפאָרן אין די גרויסע שטעט, אַגיטירט און גערעדט קעגן די דייטשן, די פיינטלעכע „ניעמצעס", וואָס באַרויבן דאָס לאַנד און זויגן אויס דאָס בלוט פון די פּוילישע בירגער. די פּוילישע פּאַטריאָטן האָבן געטרייסט און אָנגעזאָגט אַז

ס׳איז נאָענט דער טאָג ווען פּוילן וועט ווידער ווערן פריי און די פּוילישע מלוכה וועט ווידער אויפגעשטעלט ווערן

* * *

אין די לעצטע חדשים און וואָכן פונעם קריג האָבן זיך אַלץ מער גע־הערט גוטע בשורות, אַז די דייטשן ציען זיך צוריק פון רוסישן פראָנט, און אַז זיי ווערן אויך געשלאָגן אין פראַנקרייך. די פּאָליאַקן האָבן געקראָגן מער מוט און אָפן גערעדט קעגן די „ניעמצעס״, די דייטשן הייסט עס, וואָס דאַרפן פאַרטריבן ווערן פון פּוילן. דער פּאַטריאָטיזם פון די פּאָליאַקן האָט זיך געשטאַרקט. אַלץ מער און מער האָט מען געהערט זינגען דאָס ליד: „יעשטשע פּאָלסקאָ ניע זגינעלאָ״. אויך די יידן, באַזונדער די יוגנטלעכע און די סטודענטן פון די פּוילישע הויך־שולן און גימנאַזיעס, זיינען צוגע־שטאַנען אין דעם קאַמף פאַר אַ באַפרייט פּוילן!

אין וואַרטע פלעגן אין יענע פרילינג טעג פון יאָר 1918 פאַרק׳מען אָפטע דעמאָנסטראַציעס קעגן די דייטשן. די דייטשישע פּאָליציי פלעגט גאָר אָפט באַפאַלן אַזעלכע פּויליש־פּאַטריאָטישע צוזאַמענקונפטן. באַזונדערס האָבן די דייטשן אַרויסגעוויזן זייער אכזריות קעגן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס. ביי איין אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אַזאַ, איז אַרעסטירט געוואָרן ראַמאַלד יאַר־מולאָוויטש, דער שטאָטישער פעלדשער, בעת ער האָט געהאַלטן אין מיטן רעדן פאַר אַ גרויסן עולם אויף דער „יאַסנאַ גוראַ״. יאַרמולאָוויטש, אַ מיטגליד פון דער פּ. פּ. ס., איז נאָך דעם אַרעסט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. די דייטשן האָבן אָבער דעם פּסק־דין נישט געוואַגט דורכצופירן. קענטיק אַז די פעל האָט אויף זיי שוין דעמאָלט געציטערט פון די אָפטע מפּלות אין קריג און פון די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס אין דייטשלאַנד גופא. זיי האָבן דעם טויט־שטראָף אורטייל אויף יאַרמולאָוויטשן פאַרביטן אויף לעבנסלענגלעכער תּפיסה. יאַרמולאָוויטש איז פאַרשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אין אַ תּפיסה־לאַגער. אין דער זעלבער תּפיסה איז אויך געווען פאַרשפאַרט דער דעמאָלטדיקער רעוואָלוציאָנער, סאָציאַליסט און פּוילישער פּאַטריאָט יוזעף פּילסודסקי.

נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, ווען דער קייזער ווילהעלם איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון טראָן, און גלייך נאָכדעם ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט און פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה, איז יאַרמו־לאָוויטש באַשטימט געוואָרן פון דער ניי־פּוילישער רעגירונג צו ווערן דער פּרעזידענט פון דער שטאָט וואַרטע.

* * *

יוסף און זיין ברודער זלמן זיינען דורך דער צייט פון דער מלחמה געבליבן אויף די אַרבעטס־פּלעצער. די שוועסטער צירל האָט געפירט די

ווירטשאַפט. דאָס לעבן איז געוואָרן אַלץ שווערער. די אַרבעטער אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. עס זיינען אַנטשטאַנען פּראָפעסיאָנאַלע פאַראיינען. אַפילו די שוואַכע, קוים עקסיסטירנדיקע פאַראיינען אין דער צייט פון צאַריזם, האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן אַ רירעוודיקע טעטיקייט. אַרום די פאַראיינען האָט זיך אָרגאַניזירט אַ געוויסע הילפס־אַרבעט, ווי אַ שטייגער, אַ טיי־האַלע פאַר אַרבעטער, אַ קיך מיט מאָלצייטן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל, וכדומה. גלייכצייטיק האָבן גענומען אויפלעבן די פּאָליטישע פּאַר־טייען. יוסף האָט זיך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דער דאָזיקער אַרבעט. הגם אָפּגעריסן פון דער איבעריקער וועלט, האָט מען פונדעסטוועגן געהאָפט אויף דער רעוואָלוציע, וואָס ס׳וועט קומען נאָך דער מפּלה פון צאַריזם.

אין שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, און אַ „בילדונגס־פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער". די געוועזענע ס. ס.־אָווצעס האָבן זיך צו־נויפגעזאַמלט און עס האָט צוריק אויפגעלעבט די אָרגאַניזאַציע. ווען וואַרשע איז שוין געהאַט גענומען געוואָרן דורך די דייטשן האָט יוסף, ווי אַ וויכטיקער טוער אין דער ס. ס.־פּאַרטיי, זיך באַמיט צו קריגן אַ „פּאַסיר־שיין", כדי צו קענען פאָרן קיין וואַרשע. גלייך ווי יוסף האָט באַקומען דעם „פּאַסיר־שיין" איז ער אַוועק קיין וואַרשע. ער האָט זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן חבר שלמה זוסמאַן, וועלכער איז דעמאָלט געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ס. ס.־שער פּאַרטיי אין וואַרשע.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זיינען אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ריי קולטורעלע, ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דראַמאַטישע קרייזן אין וועלכע יוסף האָט געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע. יוסף איז אין די יאָרן פון דער מלחמה גייסטיק אויסגעוואַקסן. די אַרבעטער־באַוועגונג איז געוואָרן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. הונדערטער יונגע אַרבעטער און אַר־בעטאָרינס, פאָלקס־מענטשן האָבן זיך גרופּירט אַרום די אַרבעטער־אינסטי־טוציעס אין שטאָט.

* * *

צום סוף פון דער מלחמה, ווען עס איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז ווילהעלם דער צווייטער האָט אַבדיקירט, האָט יוסף אויף שנעל צונויפגערופן אַ זיצונג פון די אַקטיווסטע חברים פון דער ס.ס.־ישער אָרגאַניזאַציע און אויך איינ־געלאַדן פאָרשטייער פון אַלע אַנדערע עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס ווי: „בונד" און „פּועלי־ציון". יוסף האָט פאָרגעשלאָגן צו מאַכן אַ בשותּפותדיקע דעמאָנסטראַציע איבער דער שטאָט. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. ס׳איז געווען אין אָוונט. די יידישע אַרבעטער זיינען געווען די ערשטע, וואָס

זיינען מיט רויטע פאָנען אַרויס אין גאַס און דעמאָנסטרירט פאַרן נצחון פון דער דייטשישער רעוואָלוציע און פאַר אַ זעלבסטשטענדיק, פריי און אומאָפּהענגיק פוילן!

די דייטשישע פּאַטרולן, וואָס האָבן נאָך שפּאַצירט איבער די גאַסן, האָבן פון גרויס איבעררעשונג מאָמענטאַל נישט רעאַגירט. אדרבה — זיי האָבן מיט גרויס דרך־ארץ סאַלוטירט און אָפּגעגעבן כבוד דער דעמאָנסטראַציע. דערפאַר אָבער האָבן דאָס נישט געקענט פאַרטראָגן די פוילישע כוליגאַנישע סטודענטלעך, וואָס האָבן זיך מיט גרויס כעס געוואָרפן אויף די יידישע דעמאָנסטראַנטן און זיי צעטריבן. מיט גרויס מסירת נפש זייענען די רויטע פאָנען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, אייניקע חברים און חברטעס זיינען דערביי שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. צומאָרגנס זיינען די פירער פון די אָרגאַני־זאַציעס געזוכט געוואָרן דורך דער דייטשישער געהיים־פּאָליציי.

ווען די דייטשן האָבן צומאָרגנס פאַרלאָזט די שטאָט וואַרטע, האָבן די מיטגלידער פון ס.ס. אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער אַנטוואָפונגג פון די רעשטלעך פון דער דייטשישער אַרמיי און צונויפגעזאַמלט דאָס געווער אין אַרבעטער־קלוב. יידישע אַרבעטער האָבן גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין דער אַנטשטייאונג פון די אַרבעטער־ראַטן און פון דער פאָלקס־מיליץ. עס איז געווען אַ מאָמענט ווען די פוילישע ווייסע מיליץ, ווי מ׳האָט זיי גערופן, האָבן נישט געקאָנט פאַרליידן וואָס די יידישע אַרבעטער זיינען באַוואָפנט. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם קלוב. צוזאַמען מיט נאָך חברים איז יוסף פאַרבליבן אין קלוב, פאַרמאַכט די טירן און נישט דערלאָזט אַז די מיליץ זאָל זיי אנטוואָפענען. אַלס פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע האָט יוסף זיך אַנידערגעשטעלט ביי דער טיר פון קלוב און זיי געמאָלדן, אַז נאָר איבער זיין קערפּער וועלן זיי אַריינקומען אין קלוב. דערווייל האָבן צוויי פון די חברים, שיע נירענבערג און דוידעק שלעזינגער, זיך פאַרבונדן מיט דער פאָלקס־מיליץ און געבראַכט מיט זיך זייערס אַן אָפּטיילונג צו הילף, און די ווייסע מיליץ איז אַרעסטירט געוואָרן.

זייענדיק איבערגעגעבן דער געעזעלשאַפטלעכער אַרבעט און וויסנדיק אַז מיט זיין דערפאַרונג איז ער נייטיק פאַר דער פאַרטיי, האָט יוסף פאַר־לאָזט די שטעלע אין אַפּטייק־סקלאַד און איבערגענומען די אָנפירונג פון דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער ס. ס.־באַוועגונג. די געזעלשאַפטלעכע אַר־בעט איז געוואָרן דער אינהאַלט פון זיין לעבן. יוסף האָט פאַרוואָרפן דעם געדאַנק פון אַ פאַמיליע־לעבן. די עלטערן פון זיין כלה העלע איז די נייע באַשעפטיקונג יוספס סיי ווי נישט געווען צום האַרצן. יוסף האָט זיך אויך געשראָקן פאַר די פליכטן פון אַ פאַמיליע־מענטש. אין אַ שיינעם העלן טאָג

האָט יוסף צוריקגעשיקט די תנאים. יוספס געוועזענע כלה האָט אין אַ קורצע צייט אַרום חתונה געהאַט און איז אָפּגעפאָרן קיין פּיעטראָקאָוו. אין טאָג פון דער חתונה איז זי געקומען צו יוספן זיך געזעגענען. זיי האָבן זיך זייער פריינדלעך געזעגנט, ער האָט זי באַגלייט פון שטוב אַרויס מיט בלומען און זיי זיינען געבליבן גוטע פריינד.

* * *

אין יענע סוף־יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז דער באַוואוסטער חבר אלקנה כראַבאָלאָווסקי האַלט ביים באַפרייט ווערן פון דייטשישן געפאַנגען־לאַגער, און אַז ער וועט אין גיכן אַהיים קומען צוריק קיין וואַרטע.

מיט אלקנהן האַלט יוסף אָן אַ טיפע פריינדשאַפט נאָך פון זיין יוגנט אָן. געקומען איז אלקנה פון ערגעץ אַ שטעטל אין דער ליטע. „דער ליטוואַק" — פלעגט מען אים רופן. אלקנה איז גיך היימיש געוואָרן אין שטאָט אין די יידיש־נאַציאָנאַלע אַרבעטער קרייזן. זיי האָבן, ווי נאָענטע חברים, געאַרבעט אין דעם פאַראיין „ליראַ", שפּעטער אין דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט". מ׳האָט זיי תמיד געזען צוזאַמען. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אלקנה מאָביליזירט געוואָרן אַלס זעלנער אין דער צאַרישער אַרמיי. ער איז געווען אויפן פראָנט און איז געפאַנגען געוואָרן פון די דייטשן.

אין די מלחמה־יאָרן, ווען די שטאָט איז געווען פאַרנומען פון די דייטשן, און ווען דאָס יידישע לעבן האָט באַקומען אַ לעבעדיק־פּולסיוון כאַראַקטער און פעאיקע יונגעלייט האָבן שטאַרק געפעלט אין שטאָט, האָט מען שוין גע־וואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם חבר אלקנהס באַפרייאונג.

יוסף געדענקט גוט די ערשטע באַגעגעניש מיט אלקנהן. באַגעגנט זיך מיט אלקנהן האָט יוסף אין גאַס, אויפן ברוק„ אין אַ געזעמל צווישן בחורים און מיידלעך. זיי זיינען זיך געוואָרן געטרייע און איבערגעגעבענע פריינד און געאַרבעט צוזאַמען יאָרן־לאַנג אין דער ס. ס. אַ קורצע צייט אין דער פּאַרטיי „פאַראייניקטע", און שפּעטער אויך אין דער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי".

דער דאָזיקער „ליטוואַק" האָט פאַרמאָגט אַ ים מיט ענערגיע. ער איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט אַלע צווייגן פון יידישן אַרבעטער־לעבן אין שטאָט. ער איז געווען דער טעאָרעטיקער און אויסטייטשער פון די אידייען וואָס די שפּעטער פאַראייניקטע ס. ס. פּאַרטיי האָט געפּריידיקט. ער און יוסף האָבן תמיד געאַרבעט האַנט אין האַנט; אלקנה איז געווען דער טאָרעטיקער, און יוסף — דער פּראַקטיקער.

ווען אלקנה האָט געלאָזט וויסן, אַז ער פאָרט אָפּ אין אַ קורצער צייט

אַרום קיין אַמעריקע איז עס פאַר אַלע זיינע נאָענטע חברים געווען אַ גרויסער קלאַפּ. מ׳האָט געוואוסט, ווי ער וועט אויספעלן אין דער סביבה פון די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער.

גראָד דעמאָלט האָט יוסף פאַרלאָזט די ס.ס. פּאַרטיי און איז אַריבער צום „בונד". אלקנה האָט דאָס נישט געקענט מוחל זיין יוספן און געפירט קעגן אים אַ פאַרביטערטן קאַמף. שוין זייענדיק אין אַמעריקע האָט אלקנה זיין פאַרבינדונג מיט זיין פּאַרטיי און מיט די חברים נישט איבערגעריסן, און פון וויטן געשטיצט און געהאָלפן די יידישע אַרבעטער־קרייזן אין שטאָט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז יוספס מאַמע, און דער פעטער דוד שאַליט, וואָס זיינען געווען אַוועק מיט דער רוסישער אַרמיי אין טיף רוס־לאַנד, צוריקגעקומען קיין פוילן. זיי האָבן געהאַט דורכגעמאַכט די רוסישע רעוואָלוציע, אַ סך זיך אָנגעליטן, אָבער סוף כל סוף צוריקגעקומען אין שטעטל אַוגוסטאָוו אין זעלבסטשטענדיקן פוילן.

יוסף איז געווען אַריינגעטאָן אין געברויז פון יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן אין נייעם, זעלבסטשטענדיקן פוילן. ער האָט ענערגיש דורכגעפירט זיינע פּאַרטייאישע פליכטן. די ס.ס.־ישע אָרגאַניזאַציע אין וואַרטע, מיט אירע פאַרצווייגטע אינסטיטוציעס, האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן. אויף אים איז אויסגעפאַלן צו זיין דער פּאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע. פאַרטרעטער אין אַרבעטער־ראַט, ראַטמאַן און סעקרעטאַר אין שטאָט־ראַט, און דער פאַר־טרעטער אין די הויפּט־קאָמיסיעס ביים מאַגיסטראַט. יוסף פלעגט אַרויס־טרעטן אויף אַ סך פאַרזאַמלונגען, און האָט זיך אויך באַטייליקט אין פאַר־שיידענע אונטערנעמונגען. דאָס זיינען געווען די גליקלעכסטע יאָרן פון זיין לעבן. ער האָט געפונען פולקאָמע באַפרידיקונג אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין ווירדיקן קאַמף פאַר מענטשלעכער רעכט פאַר זיין פאָלק.

די ס. ס.־פּאַרטיי אין וואַרטע — אָדער ווי מען פלעגט זי שפּעטער רופן — „די פאַראייניקטע", איז געווען צווישן די אַקטיווסטע אָרגאַניזאַציעס איבערן לאַנד. די פאָרשטייער פון דעם צענטראַלן קאָמיטעט פלעגן זייער גערן קומען קיין וואַרטע, און כמעט יעדער פון די הויפּט־פירער אין וואַרשע פלעגט אָפּט קומען באַזוכן די חברים ס.ס. אין וואַרטע. עס זיינען געקומען די חברים שלמה זוסמאַן, ש. גילינסקי, יעקב פּאַט, יצחק גאַרדין, בערל גוטמאַן, לעאָן פייגענבוים, דר. יוסף קרוק, פּיניע בוקסהאָרן, מאיר מענדלסבערג, וויקטאָר פישמאַן, גוטע מאַרגאָליס, ד"ר אייגער, איסר גאָלדבערג, ש. באַסטאָמסקי, יאַנקעלע דאַנציגער, האַלפּערן, חיים ראָזענבעס, גייסט און אַנדערע. אין די קריזיס־יאָרן פון דער פּאַרטיי, איז די „ס. ס." אין וואַרטע געבליבן די

איינציק שטאַרק־אָרגאַניזירטע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען די פערזענלעכקייט פון ד״ר יוסף קרוק.

די שטאָט ווארטע האָט זיך גענייטיקט אין נייע יונגע מענטשן. מען האָט געדאַרפט האָבן לערער פאַר די יידישע שולן און פראָפעסיאָנעלע טוער אין די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די דאָזיקע מענטשן האָט מען געזוכט אומעטום, צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט און אַפילו צווישן די אַרבעטער ביי די מאַשינען. אַ סך פון זיי האָט מען אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. איינע פון זיי איז געווען אַ יונג מיידל, אַ חנעוודיקע, אַ באַוועגלעכע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ים מיט ענערגיע. איר נאָמען איז געווען מירל עפשטיין.

פאַר די קינדער איז מירל געווען די „לערערין מירעלע״. האָט מען געדאַרפט שפּילן מוזיק, באַגלייטן די קינדער אין זייערע ריטמישע טענץ און מיט זיי זינגען — האָט מירעלע אי געשפּילט אויף דער פּיאַנע, אי געלערנט די קינדער זינגען; האָט די אָרגאַניזאַציע זיך גענייטיקט אין אַ רעדנערין פאַר אַ פּרויען־פאַרזאַמלונג, איז זי אַ רעדנערין געוואָרן; אָרדנט איין די אָרגאַניזאַציע אַ מאַסקן־באַל פאַר מאַטעריעלע צוועקן, איז זי דאָ אויפן מאַסקן־באַל מיט אַ מאַסקע און העלפט מיט דעם דערפאָלג פונעם אָוונט; ווען אַ קעגנער רעדט און זי האַלט עס נישט פאַר ריכטיק, בלייבט זי נישט שולדיק מיט אַ צווישנרוף; דאַרף מען גיין צו אַ דעמאָנסטראַציע, איז מירל די ערשטע צו רופן אַלעמען און אַליין איז זי אין די פאָדערשטע רייען. מירל קריגט דעם צוטרוי אי פון דעם קליינוואַרג, אי פון די דערוואַקסענע. זי איז ביי אַלעמען באַליבט. יעדער ווייסט אַז זי איז ערלעך און געטריי יעדן, מיט וועמען נאָר זי האַלט אָן פריינדשאַפט. זי איז קיין מאָל נישט צוויידייטיק. זאָגט מען מירלען אַ שבח, נעמט זי עס צו מיט צופרידנקייט און מיט אַ שמייכל, אָבער דערביי פאַררויטלט זי זיך און לאָזט אַראָפּ די אויגן. טוט מען איר אָן עוולה, גייט זי אַוועק אין אַ זייט און נישט איין מאָל צעוויינט זי זיך. מירל פלעגט יעדע אַרבעט טאָן מיט האַרץ און נשמה.

# 9



פאַרנומען יוסף איז געווען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז ער דאָך געווען איינזאַם. די דאָזיקע איינזאַמקייט האָט ער ערשט דערפילט אין די פאַרנאַכטן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. אַהיימקומענדיק האָט ער די שטוב געטראָפן אַ פוסטע. ער איז געווען אַליין. דער ברודער זלמן האָט חתונה געהאַט. די יינגסטע שוועסטער, צירל, האָט יוספן בעסער פאַרשטאַנען. זי איז געווען שטאָלץ מיט זיין טעטיקייט צו וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן. אָבער אויך זי, צירל, האָט זיך אָפּגעזוכט אַ יונגנמאַן, אַ וויכטיקן טוער אין דער פאַרטיי, מיטן נאָמען מיכאַל אַלטער, און מיט אים חתונה געהאַט. יוסף האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט איינער אַליין.

ער פלעגט זיך אָפט טרעפן מיט מירלען. יוסף מיט זיין אינטעליגענץ און אָנזען וואָס ער האָט געהאַט אין שטאָט, איז אויך מירלען געפעלן. זיי פלעגן, אין די פרייע שעהען אין די זומער־פאַרנאַכטן, נעמען לאַנגע שפּאַצירן. עס האָט לאַנג ניט גענומען און זיי זיינען געוואָרן זייער נאָענט.. מירל האָט געפונען אין יוספן אַ נאָענטן מענטשן מיט וועלכן זי קען טיילן אירע איבערלעבונגען, און יוסף, אין זיין איינזאַמקייט, האָט דערפילט ווי גאָט אַליין וואָלט זי אים צוגעשיקט. שפּעטער האָט זיך אויך געפונען, צווישן די ניי־אָנגעקומענע לערערינס, — די יונגע לערערין רבקה.

זי איז אַ הויך־געוויקסיקע, אַ שטאַלטנע, מיט אַ פּאָר פעך־שוואַרצע אויגן, קלוגע, וואָס האָבן יעדן געלאָזט וויסן, אַז זי ווייס וואָס זי וויל. רבקה איז געווען פונקט דער היפוך פון דער צאַרטער מירל. רבקה האָט פאַרמאָגט אַ פעסטן כאַראַקטער. געווען אָבער מינוטן ווען זי האָט אויך געקענט

פאַרבלענדן מיט איר יידישן חן נישט ווינציקער ווי מירל. אַ זעלטענע קאָמ־בינאַציע פון חכמה און שיינקייט האָט די דאָזיקע רבקה פאַרמאָגט. מיט דער צייט זיינען רבקה און מירעלע געוואָרן נאָענטע חברטאָרינס.

מיט דער צייט איז אויך רבקה געוואָרן נישט גלייכגילטיק צו יוספן. ווי עס טרעפט אָפט צווישן נאָענטע פריינדינס, וואָס טיילן דעם זעלבן גע־שמאַק אין קליידער, אין אופן פון רעדן, אין וויסן — האָבן סיי מירל, סיי רבקה געזען אין יוספן זייער אידעאַלן יונגנמאַן, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער, — אַזוי האָט יעדע פון זיי געטראַכט ביי זיך, — זיין איר באַשער־טער. אַ שטילער גייסטיג איז אָנגעגאַנגען צווישן ביידע חברטעס צו געווינען יוספס האַרץ. אין דעם פּרט איז מירל געווען זיכערער מיט יוספס ליבע, דערפאַר שטאָלצער און מער צוריקגעהאַלטן. רבקה, ווידער, האָט מיט אַלע חנען פון אַ ניי־געקומענער שיינער מיידל, מיט אַ קלינגענדיקער שטים אָפט געזונגען לידער פאַר אים און יוספן אַלץ מער צוגעצויגן צו זיך. מיט מירלען פלעגט יוסף רעדן, דיסקוטירן און פאַרברענגען שעהען אין שטילער ליבשאַפט. מיט רבקהן אָבער האָט ער אַנדערש פאַרבראַכט. רבקה האָט אין אים אַרויסגערופן פאַרלאַנגען וואָס ער האָט פריער קיין מאָל ניט געהאַט.

אַרום יענער צייט איז יוסף פּלוצעם קראַנק געוואָרן. דאָקטוירים האָבן גע־עצהט אַן אָפּעראַציע. מען האָט אים אָפּערירט. יוספס לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר. דער קריזיס נאָך דער אָפּעראַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט. עס איז געווען אַ פראַגע פון 24 שעה. אויב דער קראַנקער וועט איבערקומען דעם מעת־לעת איז דאָ אַ האָפענונג אַז ער וועט בלייבן לעבן. דער חבר שיע נירענבערג, וואָס איז די גאַנצע נאַכט בעת דער אָפּעראַציע נישט אָפּגעטראָטן פון יוספס בעט, האָט נישט געקענט איבערגעבן וואָס די דאקטוירים האָבן אים געזאָגט. שיע האָט אָנגעהויבן רעדן, אָבער אין מיטן רעדן האָט ער גע־נומען חלשן. אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ חולה־מסוכן יוסף איז. ער דאַרף רחמים. די יידן אין שול, וואָס האָבן געקענט יוספן, און האָבן גוט געקענט דעם פאָטער זיינעם, ר׳ דוד שאַליט, האָבן געזאָגט תהילים און מתפּלל געווען פאַר יוספס געזונט.

דעם גאַנצן מעת־לעת פון דעם קריזיס זיינען די משפּחה, די נאָענטע חברים נישט אָפּגעטראָטן פון יוספס בעט. באַזונדערס האָבן יוספן געפלעגט און באַדינט די צוויי חברטעס, מירל און רבקה. ווען יוסף האָט געעפנט די אויגן, ווען דער קריזיס איז געווען אַריבער, האָט ער געפרעגט: „וואו איז מיין שוועסטער צירל?" רבקהן האָט עס נישט געאַרט, נאָר מירלען האָט עס וויי געטאָן.

ווען יוסף איז געזונט געוואָרן און גענומען ווידער ווערן טעטיק אין דער

פּאַרטיי, האָט ער איין מאָל געדאַרפט אָפּפאָרן אין אַ נאָענטן שטעטל אויף אַ לעקציע. רבקה האָט שוין געזען, אַז נאָר זי, און נישט מירל, זאָל מיטפאָרן מיט יוספן.

מירל האָט זיי ביידן באַגלייט. אין האַרצן האָט מירל דעמאָלט געפילט ווי עפּעס רייסט זיך אין איר אָפּ. זי האָט כלומרשט אַ פריילעכע זיך געקושט מיט איר חברטע רבקה, און יוספן פעסט געדריקט די האַנט, ווי זי וואָלט זיך געזעגנט מיט אים צום לעצטן מאָל. עפּעס האָט איר אין האַרצן געזאָגט אַז דורך דער דאָזיקער נסיעה, וואָס רבקה און יוסף מאַכן איצט, פאַרלירט זי יוספן אויף שטענדיק.

צוריק געקומען פון יענעם שטעטל זיינען יוסף און רבקה אין אַ פּאָר טעג אַרום און נישט אויף צומאָרגנס, ווי יוסף האָט געפּלאַנט. דער עולם דאָרט האָט יוספן נישט געוואָלט אָפּלאָזן, אַזוי האָט זיין רעדן אויסגענומען. רבקה איז געבליבן מיט אים און אים נישט אָפּגעלאָזט אויף אַ מינוט. אין שטעטל האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז די שיינע רבקה איז יוספס פרוי.

אין די באַגעגענישן מיט מירלען האָט יוסף, נאָכן צוריקקומען פון יענעם שטעטל, זיך געפילט שולדיק. מירל האָט קלאָר געזען אַז עפּעס איז פאָר־געקומען דאָרט צווישן רבקהן און יוספן, וואָס וועט זיי ביידן שוין האַלטן צוזאַמען, און אַז איר ליבשאַפט צו יוספן, ווי ס׳האַרץ האָט איר געזאָגט, וועט ווייטער בלייבן אַזאַ צנ׳עהדיקע און אומשולד־ריינע ווי געוועזן, נאָר חתונה האָבן וועט רבקה מיט יוספן, און נישט זי, מירל. אַזוי איז טאַקע געוועזן.

חדשים שפּעטער, ווען יוסף האָט דערציילט מירלען אַז ער איז גע־צוואונגען חתונה האָבן מיט רבקהן צוליב דעם קינד וואָס דאַרף אין גיכן קומען אויף דער וועלט, איז עס פאַר מירלען שוין קיין סוד נישט געווען. רבקה אַליין האָט עס איר געלאָזט וויסן. מירל האָט טיף געליטן, און ווי תמיד, ווי איר טבע איז געווען, באַהאַלטן אין האַרצן אירע ליידן. זי האָט עס אָנגענומען ווי אַ באַשערטע זאַך. אַזוי איז שוין איר גורל. מאָדנע — זי האָט קיין כעס אויף יוספן נישט געטראָגן. אין האַרצן האָט זי אים מוחל געווען און די גאַנצע שולד געוואָרפן אויף איר פריינדין, אויף רבקהן. זי איז מיט רבקהן ברוגז געוואָרן, אָבער די פריינדשאַפט מיט יוספן איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. פאַרקערט, די ליבשאַפט צו אים איז גאָר שטאַרקער געוואָרן. מירל האָט אָבער געפילט אַז לענגער פאַרבלייבן אין שטאָט קען זי נישט.

מירל און רבקה זיינען שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט דער פריינד־שאַפט פון חברים און חברטעס. יוספס חתונה איז פאַר זיי געווען אַ גרויסע

איבערראַשונג. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים. איין צד איז געווען פאַרביטערט אויף יוספן וואָס ער האָט איבערגעריסן מיט מירלען, און מער נאָך איז דער דאָזיקער צד אין כעס געווען אויף רבקהן, וואָס האָט אַזוי טיף ווי געטאָן איר נאָענטסטע חברטע, און אויף אַזאַ אומגעריכטן שטייגער פון איר צוגענומען איר געליבטן. אַ צווייטער צד אָבער האָט באַרעכטיקט יוספס האַנדלונגען, דאָס שנעלע חתונה האָבן מיט רבקהן צוליבן קינד וואָס רבקה דאַרף ברענגען אויף דער וועלט.

מיט מירלס אָוועקפאָרן פון שטאָט האָט אויך יוסף דערפילט אַ גרויסע בענקשאַפט נאָך איר. רבקה איז טאַקע זיין ווייב, ער וועט זאָרגן פאַר איר עס זאָל איר גאָרנישט פעלן, אָבער אין האַרצן האָט ער געפילט אַז מירלס גורל וועט אים שטענדיק אָנגיין. די בענקשאַפט נאָך איר איז געוואָרן שטאַר־קער פון טאָג צו טאָג. יוסף פלעגט זיך טרעפן מיט איר אויף זיינע באַזוכן אין וואַרשע, און ווען מירל האָט געלערנט אין אַנדערע שטעט, פלעגט יוסף אָפט קומען זי זען.

מירלס לעבן איז אַוועק אויף אַנדערע וועגן. זי האָט געקראָגן נייע פריינד. זי האָט געוואָלט ווי נקמה נעמען אין דעם גורל וואָס עס האָט איר און יוספן געטראָפן. איר אַנטוישטע ליבע האָט עס ווי געפּאָדערט פון איר. ווען יוסף פלעגט קומען צו איר האָט זי אָבער אין אַלץ און אַלעמען פאַרגעסן און נאָר מיט אים, מיט יוספן פאַרבראַכט יעדע פרייע מינוט וואָס זי האָט נאָר געהאַט.

יוסף איז געוואָרן אַ טאַטע. רבקה האָט אים געבוירן אַ שיין געראָטן טעכטערל. זיי האָבן עס אַ נאָמען געגעבן שרהלע. יוסף פלעגט ליב האָבן צו שפּאַצירן אין די שיינע אַלייען אין שטאָט מיטן קינד. שרהלע איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אַן ערך צוויי יאָר און פלעגט אַרומלויפן אויף דעם גרינעם גראָז און די אַלייען, באַגלייט פון טאַטע־מאַמע. איין מאָל איז יוספן און רבקהן אויף אַזאַ שפּאַציר אַנטקעגן געקומען מירל. רבקה איז געבליבן שטיין און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. אָבער מירל האָט זיך מיט איר אַרומגעכאַפּט ווי מיט אַן אַלטער חברטע און געקושט דאָס קינד. יוספן און רבקהן האָט מירל געוואָרפן קאָמפּלימענטן ווי שיין זיי זעען ביידע אויס און געלויבט די שיינקייט פונעם קינד. מיט אַ פאַרשטיקטער טרער האָט מירל געטוליעט דאָס קינד צו איר האַרצן... די פריינדשאַפט צווישן רבקהן און מירלען איז צוריק באַנייט געוואָרן און יוסף האָט אין האַרצן געקוואָלן זעענדיק מירלען אַ פריילעכע און אַ מונטערע.

* * *

מירל האָט געהאַט גרויס דערפאָלג ביי מענער. זי האָט זיך באַקענט

מיט אַ געוויסן יידישן שרייבער. עס האָט אויסגעקוקט אַז זי וועט בלייבן אין וואַרטע און חתונה האָבן מיט אים. אָבער אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט זי זיך געטראָפן מיט יוספן און אים דערציילט איר גרויסע אַנטוישונג אין אָט דעם פריילעכן, כלומרשט אידעלן שרייבער וואָס האָט אַ נאָמען אין שטאָט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער שרייבער האָט אין וואַרטע גאָר אַ געליבטע פון וועלכער ער האָט זיך נאָך נישט אָפּגעזאָגט. מירל איז צום צווייטן מאָל אַוועק פון וואַרטע. זי איז אָנגעקומען אין דער שטאָט גראָדנע, געלעבט דאָרט שטיל און איינזאַם לעבן. געלערנט מיט די קינדערלעך אין שול און אין דער שטיל געבענקט נאָך יוספן. און אָט קומט אָן אין דער שטאָט גראָדנע אַ באַקאַנטער יידישער קינסטלער פון וואַרשע, אַ מאַלער, וואָס האָט זיך באַקענט מיט מירלען נאָך זייענדיק אין וואַרשע. דער מאַלער איז פון מירלען געווען ממש אַנטציקט, אָבער זי איז געבליבן קאַלט צו זיינע ליבע־דערקלערונגען און געהייסן אים פאַרלאָזן איר צימער ווען ער, דער באַהעם, איז געוואָרן צודרינגלעך און זיך באַנומען צו איר גאָר נישט אַרטיק.

אין גראָדנע געפינט זיך אויך אַ יידישער לערער, אַ פאַרהייראַטער, אַ טאַטע פון אַ קינד. ער פאַרליבט זיך אין מירלען און מירל איז צו אים אויך נישט גלייכגילטיק. ער געפעלט איר מיט זיין אויסזען, מיט זיין פיינער באַנעמונג; זי האָט ליב צו רעדן מיט אים און פאַרברענגען מיט אים אין אירע פרייע שעהן, אָבער ווען מירל פילט אַז זי וועט נישט קענען ביישטיין דעם נסיון און זי וועט זיך פאַרפלאָנטערן אין אַ פאַמיליע־קאָנפליקט, פאַרלאָזט זי גראָדנע. ווידער איז זי איינזאַם, אַליין מיט איר בענקשאַפט. ווידער שווימט אויף די געשטאַלט פון איר אַמאָליקן פריינד, יוסף, וועמען זי קען נישט פאַרגעסן...

איין מאָל פאָרט מירל קיין וואַרטע זען אירע עלטערן. פאָרנדיק אין באַן באַקענט זיך מירל מיט אַ יונגנמאַן פון אַמעריקע. שמחה קראַוזע, אַן אונטערנעמער פון אַן אַמעריקאַנער יידישער טעאַטער־טרופּע, וואָס גאַסטראָלירט אין אייראָפּע. דאָס וואָרט אַמעריקע האָט אַ כישוף, דער יונגערמאַן געפעלט איר. ער זאָגט איר צו אַלע גליקן. מירלס אויסזען, איר שיינקייט, איר חן, איר געזונטער געלעכטער, געפעלט אים אויך. ער פאַרליבט זיך אין איר און ער באַשליסט מיטצונעמען מירלען קיין ווין, וואו ער דאַרף די טעג זיין ביים ציוניסטישן קאָנגרעס. מירל זוכט אַן אויסוועג, זי מוז פאַרגעסן יוספן. אַ שנעלע חתונה ווערט געפּראַוועט צווישן דעם אַמעריקאַנער יידישן בחור און מירלען דער יידישער לערערין.

יוסף און אסתר קומען צו דער חתונה. יוסף איז דער גאַנצער מחותן.

געמישטע געפילן זיינען ביי אים אין האַרצן. ער פרייט זיך מיט מירלס גליק, און איז אומעטיק וואָס זי פאָרט אַוועק. ער וועט זי שוין קיין מאָל ניט זען.

מירל גרייט זיך צו פאָרן אין גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע. זי חלומט איצט אָנצוהייבן אַ ניי לעבן און פאַרגעסן אין די אַלע ביטערע אַנטוישונגען, וואָס זיינען איר באַפאַלן איינער נאָכן אַנדערן. איר מאַן איז אָפּגעפאָרן און מירל האָט געדאַרפט בלייבן אין שטאָט און וואַרטן אויף די פאָרמעלע פאַפּירן, וואָס שמחה, איר מאַן, האָט געדאַרפט צושיקן פון ניו־יאָרק.

מירל האָט מיט מזל געקראָגן די פאַפּירן. עס קומט אָן דער טאָג פון איר אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. יוסף און רבקה און נאָך צענדליגער פריינד אין שטאָט באַגלייטן מירלען צום באַן. מ׳גיט איר מיט מתנות און מען ווינטשט איר אַל־דאָס־גוטס. יוספס לעצטע ווערטער צו איר, אין וואַגאָן־פענצטער אַריין, זיינען געווען:

— „מירל, פאַרגעס ניט און שרייב!"

די ערשטע בריוו מירלס פון ניו־יאָרק זיינען געווען פול מיט פרייד און דערוואַרטונג. זי איז אַרומגערינגלט פון נייע אינטערעסאַנטע פריינד. זי קומט אָפט אין דעם ליטעראַרישן „קאַפּיי־ראָיאַל" אויף דער צווייטער עוועניו. זי באַקענט זיך מיט יידישע דיכטער און שרייבער, מיטאַרבעטער אין די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען. זי באַזוכט אָפט דאָס יידישע טעאַטער, באַקענט זיך מיט אַלע באַרימטע יידישע אַקטיאָרן. זי לערנט זיך אויך ענגליש. „גלאָט גאָרנישט טאָן", — שרייבט מירל אין אַ בריוו צו יוספן, — „איז נישט קיין פּלאַן". אין אַ צווייטן בריוו שרייבט זי צו יוספן, אַז זי איז ווידער אַ יידישע לערערין אין אַ יידישן קינדער־גאָרטן אין דער בראָנקס, צופיל באַגייסטערט פאַר די אַמעריקאַנער יידישע שולן איז זי נישט. גאָר קיין פאַר־גלייך נישט צו די יידישע שולן אין וואַרשע, אָדער אין די שטעט אויף דער פּוילישער פּראָווינץ. יאָ, אַ מאָל בענקט זיך שטאַרק. ביים וואָרט „בענקען" שרייבט זי מיט אַ סך פּינטעלעך. יוסף האָט גוט געוואוסט, קוקנדיק אויף די פּינטעלעך וואָס זי מיינט. רבקה האָט באַמערקט יוספס טרויעריק פּנים ביים לייענען דעם בריוו.

אין אַ בריוו, אַ צייט שפּעטער, שרייבט מירל, אַז זי איז מער ווי צופרידן, וואָס זי וועט זיך ווידער זען מיט אירע פריינד. איר מאַן, שמחה, קומט צוזאַמען מיט איר צוריק קיין פּוילן. ער פאָרט אַהין, צוגרייטן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פאַר אַ גרופּע אַקטיאָרן, וואָס וועלן שפּילן יידיש טעאַטער אין וואַרשע. זי איז אַזוי גליקלעך. מירל איז קאַרג אויף ווערטער. אָבער יוסף לייענט אַרויס די פרייד צווישן די שורות...

מירלס קומען אויף באַזוך אין וואַרטע איז פאַר יוספן געווען אַ גרויסער יום־טוב. אויך רבקה האָט זיך כלומרשט געפרייט מיט איר, כאָטש אין האַרצן האָט רבקה אַנדערש געפילט. זי האָט געזען יוספס און מירלס פרייד בשעת זיי זיינען געזעסן און נישט מיד געוואָרן צו רעדן איינער מיטן אַנדערן. אַ קוואַל פון רייד האָט פוןביידן געשטראָמט, ווי זיי וואָלטן מיט ווערטער געוואָלט שטילן זייער בענקשאַפט איינער צום אַנדערן.

די אַקטיאָרן פון ניו־יאָרק האָבן נעבעך געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל. די יידיש־ליטעראַרישע קרייזן אין וואַרשע האָבן די אַרטיסטן אויפגענומען זייער גוט, נאָר די קאַסע איז געווען ליידיק. צי דאָס איז געווען די שולד פון איר מאַן, שמחה, וועמעס גרויסע פלענער און פאַנטאַזיעס צו פאַרדינען געלט לאָזן זיך תמיד אויס מיט גאָרנישט, צי דער עולם האָט אויפגעהערט קומען אין טעאַטער צוליב די הויכע פרייזן פון די בילעטן, — דאָס האָט מירל נישט געוואוסט. שמחה איז אָפּגעפאָרן קיין ניו־יאָרק מיט די יידישע אַקטיאָרן און מירל איז דערווייל געבליבן אין וואַרטע אויף אַ פּאָר חדשים, ביז שמחה וועט קענען ערגעץ קריגן געלט צו שיקן איר אויף הוצאות אַהיים.

די פּאָר חדשים פון מירלס זיין אין וואַרטע איז יוסף אַרומגעגאַנגען אַ פריילעכער און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז אַרויסגעקומען גוט. זי האָט ווידער אַריינגעבראַכט אין זיין שטוב דעם פריילעכן געמיט, וואָס האָט געהערשט דעמאָלט, ווען זי איז נאָך נישט געווען קיין חתונה־געהאַטע, בעת זי פלעגט זיך חברן מיט רבקהן און פלעגט קומען צו זיי אין שטוב פאַר־ברענגען.

יוסף האָט געפילט, אַז נאָך די אַלע גליקן האָט מירעלע נישט קיין צו גרויסן חשק צוריקצופאָרן קיין אַמעריקע.

די שיפסקאַרטע מיטן געלט איז אָבער אָנגעקומען און מירל האָט אַ טרויעריקע זיך געזעגנט מיט אירע פריינד. דאָס מאָל איז דאָס אָפּפאָרן אירס געווען אַ סך טרויעריקער ווי אין יענע טעג נאָך איר חתונה.

— „איך וועל שרייבן”, — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן יוספן אין אויער. איר קול האָט געקלונגען ווי אַ שטיל געוויין.

# 10



סך יאָרן איז יוסף געווען טעטיק אין דער ס. ס. פּאַרטיי אין וואַרטע. איצט, אין די יאָרן נאָכן קריג, האָט יוסף דורכגעלעבט שווערע טעג. אים האָט ווי געטאָן ווען ער האָט געזען אַז די פּאַרטיי אין וועלכער ער איז געווען טעטיק פון זיין יוגנט אָן, ווערט קלענער אין איינפלוס און שרומפּט איין פון יאָר צו יאָר. די טעטיקייטן ווערן אַלץ קלענער, נישטאָ קיין לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע, און די מיטגלידערשאַפט ווערט אַלץ ווינציקער אין צאָל. די פּאַרטיי־טוער אין וואַרטע זיינען פאַרצווייפלט, זיי זיינען לסוף געקומען צום באַשלוס, אַז ס'איז קיין אַנדער אויסוועג נישטאָ סיידן זיך פאַראייניקן מיט דער „אומ־אָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי" אין פּוילן. די פּאַרטיי, וועמעס מיט־גלידער זיינען געווען דעמאָלט באַקענט אונטערן נאָמען „דראָבנעראָוועצעס", אויפן נאָמען פון זייער פירער באָלעסלאַוו דראָבנער.

די ס.ס. פּאַרטיי־פירער אין וואַרטע האָבן געהאָפט אַז מיטן פאַראייניקן זיך מיט דער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי" וועט דאָך גע־לינגען, ווי עס איז, איינצוהאַלטן ביי די חברים דעם גלויבן אין דער אידייע פון טעריטאָריאַליזם.

יוספן איז אָבער די דאָזיקע פאַראייניקונג גאָר נישט געווען צום האַרצן. אין גרויסע ספקות, אין טראַכטענישן פלעגט יוסף אין יענער צייט אַרומגיין און כסדר נעמען חשבון־הנפש פון זיך און פון זיין פּאַרטיי וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן אַ טייל פון זיין לעבן. יוסף האָט ניט אויפגעהערט זיך אַליין צו פרעגן: „האָב איך געבלאָנדזשעט? איז טאַקע דער טעריטאָריאַליזם דער איינציקער אידעאַל ווי צו העלפן לינדערן די נויט פון דעם יידישן אַרבעטער,

אָדער פון דעם סתם פשוטן פאַלקסמענטש?" דער ענין זוכן אַ טערי־טאָריע פאַר יידן ערגעץ אין די ווייטע לענדער, איז טאַקע זייער וואויל און גוט. און די אַלע רייד וועגן „קאָנצענטרירטער עמיגראַציע" קלינגען זייער שיין. נאָר קיין פּראַקטישן רעזולטאַט האָט יוסף פאַר זיך נישט געזען. ער האָט געוואָלט זען מעשים אַנשטאָט הערן בלויז רייד. און מיט דער פאַר־אייניקונג האָט יוסף געוואוסט וועט דער אידעאַל פון זוכן אַ טעריטאָריע פאַר יידן נאָך מער אָפּגעלייגט ווערן אויף לעתיד לבוא, אין דער ווייטער צוקונפט. יוסף האָט געטראַכט אַז ער זאָל בעסער זיך אָפּגעבן מיט פּראַק־טישער יידיש־סאָציאַליסטישער טעטיקייט. און די איינציקע פּאַרטיי וואָס זאָרגט באמת פאַר דעם וואוילזיין פון יידישן אַרבעטער, האָט יוסף איצט איינגעזען, איז דער „בונד". דער „בונד" זאָרגט אויך פאַר דער יידישער קול־טור; שטעלט זיך איין פאַר דעם כבוד פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַ־טור, וואָס איז אים, יוספן, אַזוי טייער. די „אומאָפּהענגיקע", אונטער דער פי־רערשאַפט פון באַלעסלאַוו דראַבנער, ליגט קנאַפּ אין זינען די נאַציאָנאַלע יידישע פּראָבלעמען און די יידישע קולטור בפרט. דאָס געדענקט יוסף זייער גוט פון זיינע אַמאָליקע צוזאַמענטרעפענישן מיט די „דראָבנעראָווצעס", וואָס זיינען דורך און דורך אַסימילאַטאָרן און וואָס ווייזן אַרויס, ווי אַלע אַסי־מילירטע יידן אין פּוילן, אַ גרינגשעצונג צו יידיש און צו דער יידישער קולטור.

די פאַראייניקונג פון דער ס.ס. גרופּע מיט די „אומאָפּהענגיקע" איז פאַרגעקומען ביי אַ גרויסער קאָנפערענץ, וואָס איז ספּעציעל פאַררופן גע־וואָרן אין דער שטאָט וואַרטע. דעלעגאַטן פוןביידע פּאַרטייען איבערן לאַנד זיינען געקומען אין שטאָט, און ס'איז געווען יום־טובדיק און פריילעך. יוספן אָבער האָבן די אַלע רעדעס פון די דעלעגאַטן און פירערס, די אַלע הויכע און שיינע רייד געלאָזן קאַלט. ער האָט געפילט פּאַזע, אַנשטעל, אַ פּוסטן פּאַרטייאישן זשאַרגאָן אין אַ סך רעדעס און אַרגומענטן פון די פירערס. די קאָנפערענץ מיט דער הויפּט־לאָזונג צו פאַראייניקן די צוויי גרופּעס, האָבן אין יוספן אויפגעוועקט אויף דאָס ניי געדאַנקען פון חשבון־הנפש, און ער איז ווידער געבליבן זיצן פאַרזונקען אין ספקות. יוסף האָט געזען אַז די פאַראייניקונג איז אַ געקינצלטע. די אידייאישע צונויפפאָרונג פון די ביידע גרופּעס איז בלויז פון אויבנאויף, אינערלעך איז קיין שייכות צווישןביידן נישטאָ. יוסף האָט גלייך דערפילט אַז דאָס פאַראייניקן זיך מצד די ס.ס. גרופּע מיט די „אומאָפּהענגיקע", איז געווען נישט מער ווי דאָס שטאַרקן זיך אַלס אַן אָרגאַניזאַציע און דערווייל פאַרקוקן, פאַררוקן אָן אַ זייט די אידייע פון טעריטאָריאַליזם.

יוספֿן האָט דאָס ווי געטאָן. אַ גרויסער חלום איז צערונען געוואָרן; יאָרן פֿון טרוימען, פֿון אידעאַלע וואונטשן זיינען אַוועק מיטן רויך! יוספֿן איז ענג געוואָרן אין דער נייער פֿאַראייניקטער פּאַרטיי. ער האָט נישט ווילנדיק אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צום „בונד" און זיינע פּראַקטיש־סאָציאַליסטישע טעטיקייטן. ער איז לסוף געקומען צום באַשלוס, נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת, אַז נאָר ביים „בונד" וועט ער קענען ווי עס איז איינהאַלטן זיין גלויבן אין סאָציאַליזם, און אויך ממשותדיק עפּעס טאָן פֿאַר די נויטן פֿון דעם יידישן אַרבעטער, פֿאַר דעם פֿאַלקסמענטש און פֿאַר סתם יידן בכלל.

די פֿירער פֿון „בונד" נעמען אים אויף מיט ברייטע אָרעמס. זיי זעען אין יוספֿן אַ כוח, און יוסף איז אויסגעוואַקסן אין „בונד". מיט זיין רעדן, מיט זיין טאַקט און שכל רופֿט ער אַרויס דרך־ארץ ביי אַלעמען. דער „בונד" פֿירט דעמאָלט אַ העפֿטיקן קאַמף מיט די אגודה־לייט אין שטאָט, אין קהילה־ראַט. אָבער אַפֿילו די אגודה־לייט מוזן זיך רעכענען מיט די פֿירערס פֿון „בונד". מיט גרויס דרך־ארץ הערן זיי זיך צו יעדעס מאָל בעת יוסף טרעט אויף מיט זיינס אַ רעדע.

אין קאַמף מיט די רעליגיעזע פֿירערס אין שטאָט פֿאַרגעסט אָבער יוסף קיין מאָל נישט מיט וועמען ער רעדט און מיט וועמען ער פֿירט דעם קאַמף. ער ווייסט די גרענעץ און ער נוצט אַ לשון נישט צו באַליידיקן די פֿרומע יידן. דערמיט רופֿט ער אַרויס גרויס רעספּעקט מצד דעם שטאָטישן רב, ר' נחום אַש.

ביי די קהילה־זיצונגען ווייזט יוסף אַרויס אַלע מאָל טאַקט און דרך־ארץ צו הרב נחום אַש, וואָס איז געווען זייער באַליבט ביי אַלעמען אין שטאָט.

נישט קוקנדיק אויף די מחלוקות און שאַרפֿע רייד ביי די קהילה־זיצונגען מיט די פּרנסים פֿון שטאָט ביים אויסאַרבעטן די בודזשעטן, גיט יוסף אָפּ כבוד דעם שטאָטישן רב.

יעדעס מאָל ווען דער רב באַווייזט זיך אויף די זיצונגען פֿון דער קהילה, שטעלט זיך יוסף אויף צוזאַמען מיט אַלע פּרנסים אין אויסדרוק פֿון אַכטונג צו דעם זקן, וואָס תורה און חכמה שיינט אַראָפּ פֿון זיין פּנים.

חדשים שפּעטער, בעת יוסף פֿאַרלאָזט די שטאָט צו פֿאָרן קיין אויסלאַנד, גיט דער רב יוספֿן אַ מתנה זיינס אַ ספֿר און ער שרייבט אָן אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער צו יוספֿן אויפֿן שער־בלאַט. דאָס דאָזיקע ספֿר האָט יוסף מיטגענומען מיט זיך אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען.

יוסף אַרבעט פֿאַרן „בונד", איז טעטיק אין אַ סך צווייגן; טאָג און נאַכט־זיצונגען, לעקציעס, דעבאַטעס און באַראַטונגען וועגן דעם און יענעם. די מאַטעריעלע לאַגע זיינע איז אָבער נישט קיין גוטע. פּרנסה איז דאָ ווינציק.

דאָס טעכטערל שרהלע געפינט זיך אין דער פרץ־קינדער־היים, זי איז די איינציקע פרייד אין יוספס לעבן. אין הויז איז ענג. דחקות, ביטערניש. די פּאַרטיי שלינגט אים איין און ער פאַרגעסט אָפט די צרות. אָבער ער מוז עפּעס טאָן. רבקה שרייבט זיך דורך מיט איר שוועסטער טערצע אין פּאַריז. עפּעס מוז געטאָן ווערן אַז יוסף זאָל מער פאַרדינען. אפשר אויס־וואַנדערן קיין פּאַריז וואו טערצע וואוינט? טערצע קומט צו גאַסט קיין וואַרטע צו יוספן אין שטוב. די שטימונג ווערט אַביסל בעסער. טערצע דערציילט פון די גליקן וואָס אַ סך פּוילישע יידן האָבן אין פּאַריז. אַפילו די וואָס זיינען בלויז אַ פּאָר וואָכן אין פּאַריז לעבן ווי גבירים. פאַרוואָס זאָלן יוסף און רבקה זיך דאָ שטיקן אין דעם פינצטערן פּוילן?

יוסף פילט זיך דערשלאָגן. אים ווילט זיך נישט אַוועק פון פּוילן. ער פילט אַז מען דאַרף אים דאָ אין שטאָט. די יידישע מאַסן, די פּאָלקס־מענטשן, די אַרבעטער דאַרפן זיין הילף און זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. אָבער דאָ פּאַסירט עפּעס אַזוינס וואָס צווינגט יוספן ער זאָל נאָכגעבן זיין פרוי און דער שוועגערין פון פּאַריז. ער פאַרלירט זיין שטעלע און ער בלייבט ממש אָן ברויט.

יוסף איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר פון דער קראַנקען־קאַסע, אין דער אָפּטיילונג פאַרזיכערונג פאַר די האַנדל־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע אַרבעטער. פּוילן ווערט דעמאָלט רעגירט פון אַ רעזשים וואָס האַלט אין איין באַזייטיקן די סאָציאַליסטישע עלעמענטן. יעדער אָנגעשטעלטער אין וועלכער עס איז רעגירונגס־אינסטיטוציע מוז אונטערשרייבן אַ לאָיאַליטעט־דעקלאַראַציע צום פּילסודסקי־רעזשים. יוסף זאָגט זיך נאַטירלעך אָפּ צו געבן זיין אונטערשריפט. ער קוקט אויף פּילסודסקין ווי אויף איינעם וואָס האָט פאַרראַטן די אַרבעטער. און יוסף פאַרלירט אַזוי אַרום זיין שטעלע. ער בלייבט אָן אַרבעט.

רבקה מיטן קינד פאָרן אָפּ קיין פּאַריז. עס בלייבט אַז יוסף זאָל שפּעטער־צו אויך אַהין קומען.

# 11

ין דעם בונדישן קלוב אין וואַרשע איז דאָן געווען טעטיק אַ יונג מיידל מיטן נאָמען מרים האַלצמאַן. מרים האָט געאַרבעט אין איינעם פון די גרויסע קירזשנער־וואַרשטאַטן אין שטאָט. מרים איז גע־ווען אַ שיינע, אַ בלאָנדע. אירע אויגן, טונקל־גרויע, האָבן געקוקט אויף אַלעמען מיט פריינד־לעכקייט. דאָס לעבן איז דווקא נישט געווען גוט צו מרימען. קיין פאָטער האָט זי נישט געהאַט. ער איז יונג געשטאָרבן. מרים מיט דער מאַמען האָבן געוואוינט אין אַן אָרעם שטיבל. פון איר אַרבעט האָט מרים קוים געקענט אויסהאַלטן זיך און דער מאַמען. מרים איז געווען די איינציקע פרנסה־געבערין. אין „בונד" האָט זי גייסטיק אויפגעלעבט. אין דעם בונדישן קלוב האָט מרים געפונען איר שבת און יום־טוב. דורכן „בונד" האָט דאָס דאָזיקע פשוטע, שיינע מיידל זיך אַנט־וויקלט און אַ סך געלערנט. זי איז געווען זייער איבערגעגעבן דעם „בונד". צו די פירער פון „בונד" האָט זי אַרויפגעקוקט מיט פאַרליבטע אויגן און איז גרייט געווען צו טאָן אַלץ וואָס מען וועט זי הייסן. דער „בונד" איז געווען איר אינהאַלט אין לעבן.

מרים איז געוואָרן באַפריינדעט מיט יוספן און רבקהן נאָך פריער פאַר רבקהס אָפּפאָרן קיין פאַריז. יוספס שטוב איז געווען איר צווייטע היים. רבקה האָט יאָ און ניט באַמערקט די נאָענטקייט וואָס שאַפט זיך צווישן יוספן און מרימען. רבקה האָט זיך געפילט שולדיק די אַלע יאָרן פאַרן אופן ווי זי האָט מיט יוספן חתונה געהאַט. רבקה האָט געוואוסט אַז אין האַרצן בענקט יוסף נאָך מירלען. און אַז ער וועט מירלען קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

דעריבער האָט רבקה כלומרשט פאַרקוקט די נאָענטע פריינדשאַפט וואָס יוסף וויזט אַרויס צו דער נייער חברטע מרים. און ווען די פרנסה איז געוואָרן שווער, און די דאגות פאַרן אויסקומעניש האָבן ניט אויפגעהערט, פלעגט רבקה קיין מאָל ניט פרעגן יוספן וואו ער פאַרברענגט אַזוי שפּעט אין די אָוונטן. „די פּאַרטיי־אַרבעט" האָט אַלץ פאַרענטפערט.

יוסף האָט אָבער געשטילט די פאַרביטערטקייט — דאָס נישט גליק־לעכע, נישט איינגעגעבענע לעבן, אין לענגערע שפּאַצירן מיט דער יונגער און שיינער מרימען. אָט אַזאָ איז ער געווען, יוסף. אַ ראָמאַנטישע נאַ־טור, כסדר אַ פאַרליבטער. און ווי ביטער דאָס לעבן איז קען מען עס פאַרזיסן אין שיינע רייד, אין חלומות.

מיט רבקהס אָפּפאָרן איז די פריינדשאַפט צווישן אים און מרימען גע־וואָרן גאָר נאָענט. מ'האָט זיי תמיד געזען צוזאַמען. מיט רבקהס אַוועקפאָרן קיין פּאַריז האָט מרים געטראַכט, אַז יוסף וועט בלייבן דאָ, ער וועט קיין פּאַריז נישט פאָרן. שטילערהייט האָט מרים נישט אויפגעהערט צו חלומען אַז יוסף וועט אינגאַנצן בלייבן אירער.

* * *

מרימס פריינדשאַפט האָט אָבער ביי יוספן נישט צוגענומען זיין בענק־שאַפט נאָך זיין איינציק טעכטערל, שרהלע. און ווען די זומער־וואָכן האָבן זיך דערנענטערט האָט יוסף שוין אָנגעהויבן זיך גרייטן אין וועג אַריין קיין פּאַריז. האָט ער אַ מאָל אַ טראַכט געטאָן פון רבקהן? ס'איז אים שווער געווען צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע וואָס ער אַליין פלעגט זיך פרעגן שפּעט אין די אָוונטן, אַהיימקומענדיק פון די שפּאַצירן מיט מרימען. פון איין זייט די פשוטע שיינע און גוטהאַרציקע מרים, דאָס בלאָנדע חנעוודיקע מיידל מיט די גוטע מילדע וואַרעמע אויגן, וואָס נעמען אים אַרום מיט ליבשאַפט, און פון דער צווייטער זייט רבקה — דאָס געזעצלעכע ווייב זיינס. מיט וועלכער דער גורל האָט אים פאַרבונדן. יוסף האָט קיין חשבון זיך ניט געקענט אָפּגעבן. ער האָט זיך געלאָזט פירן פון לעבן אַליין. אים האָט זיך אָפטמאָל געדאַכט, אַז עמעצער אַן אומגעזעענער דרייט דאָס רעדל פון זיין לעבן, דרייט און פירט עס. נאָר וואוהין עס וועט אים דערפירן, האָט ער קיין אַנונג ניט געהאַט. און ער איז גרייט געווען אויף אַלעם. די השגחה אַליין וועט טאָן מיט אים וואָס זי וויל. בטבע אַ ווייכער, אַ נאָכגעביקער האָט ער ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון. די לאַשטשענדיקע ווייכע רייד, די ליבשאַפט מרימס האָט אַלץ אין אים גובר געווען...

יוסף איז געפאָרן זען דאָס טעכטערל זיינס. רבקה האָט אים אויפגענומען קאַלט. יוסף איז לאַנג אין פּאַריז ניט געווען.

קומענדיק אַהיים האָט ער אויפגעגעבן די שטוב זיינע. גענומען אַ מעבלירטע צימער און אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער איז צוריק אַ בחור.

עס זיינען געקומען די טעג ווען יוסף האָט דערפילט אַז ער זינקט אַלץ טיפער און טיפער אין אָפּגרונט. קיין פאַרדינסטן נישטאָ. די היים איז צעבראָכן. וואָס וועט זיין דער סוף? ער האָט קיין אויסוועג נישט געזען. פינצטערע מחשבות זיינען אים באַפאַלן אין די נעכט. וואָס נענטער ער איז געוואָרן מיט מרימען אַלץ מער האָט ער זיך געשראָקן פאַר דעם מאָרגנ־דיקן טאָג.

אין זיין פאַרצווייפלונג באַשליסט יוסף זיך לאָזן אָפּערירן, דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע, וואָס די דאָקטוירים אַליין האָבן אים, אגב, געזאָגט, אַז צו שטאַרק נייטיק איז זי נישט. מ׳קען אָפּשטופּן און בלייבן לעבן אָן דער אָפּעראַציע. מיט דער צייט קען דער דאָזיקער דעפעקט אינגאַנצן פאַרשווינדן. אָבער יוסף איז דורכויס באַשטאַנען אַז מ׳זאָל אים מאַכן די אָפּעראַציע. אין האַרצן האָט ער געבעטן — אַ סוף! ער זאָל פון דער אָפּעראַציע נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. ער איז געווען צו שוואַך צו באַגיין אויף זיך אַ טאַט וואָס זאָל אַ סוף מאַכן צו זיינעליידן.

„אפשר וועט די אָפּעראַציע דאָס טאָן פאַר אים", האָט ער אין גרויס פאַרצווייפלונג געטראַכט.

יוסף האָט וועגן דער אָפּעראַציע נישט געשריבן צו רבקהן. ער האָט איר בלויז געלאָזט וויסן אַז אַ פּאָר וואָכן וועט זי פון אים ניט הערן. ער מוז כסדר אַרומפאָרן איבערן לאַנד פאַר דער פּאַרטיי, און זאָל זי און שרהלע נישט איבערקלערן אויב זיי האָבן פון אים נישט קיין בריוו אין משך פון אַ חודש צייט.

די אָפּעראַציע איז געווען אַ געלונגענע. מרים איז פון זיין בעט ניט אָפּגעטראָטן. גלייך נאָך דער אָפּעראַציע, ווען יוסף האָט קוים געקענט אַ וואָרט אַרויסברענגען, האָט ער מיט אַ שוואַך קול אַ זאָג געטאָן:

„איצט, אַז איך לעב, מוז איך פאָרן קיין פּאַריז צו מיין טעכטערל, צו מיין ווייב!"

מרים איז געבליבן זיצן אַ בלייכע. זי האָט בלויז אָפּגעוואַרט ביז יוסף וועט קומען צו די כוחות. אין האַרצן האָט זי באַשלאָסן אַז זי טאָר מער אין איין שטאָט מיט יוספן נישט בלייבן.

מרים איז אַוועק קיין וואַרשע. און יוסף האָט אויפגעגעבן זיינע אַמטן אין שטאָט און זיך געזעגנט מיט אַלע פריינד און באַקאַנטע. דאָס געזעגענען זיך איז אים נישט אָנגעקומען לייכט. אָבער ער האָט געפילט ווי אָנצוהייבן אַ ניי בלאַט אין לעבן. די פאַמיליע, איבערהויפּט דאָס טעכטערל שרהלע, רופט

און מאַנט פון אים צו טראַכטן אַביסל פון זיינע פליכטן אַלס פאָטער. יאָ, ער האָט אַ רעכט צו געניסן דאָס שטילע רואיקע לעבן וואָס יעדער פשוטער פאַמיליע־מאַן געניסט.

אויפן וועג קיין פאַריז האָט יוסף זיך אָפּגעשטעלט אין וואַרשע אויף אַ פּאָר טעג. ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט מרימען. פיינלעך איז געווען די צעשיידונג. מיט טרערן אין די אויגן האָבן ביידע זיך ביי די הענט גע־האַלטן. יאָ, דאָס לעבן פאָדערט אַזוי. אויך זי, מרים, וועט אָנהייבן איר לעבן אויף דאָס ניי.



# 12



נגעקומען איז יוסף קיין פּאַריז אין הויז פון זיין שוועגערין טערצע. טערצע איז געווען גאָר פאַר־מעגלעך. זי האָט פאַרמאָגט אַ גרויס געשעפט מיט אַ סך אָנגעשטעלטע, און רבקה איז געווען איינע פון זיי און געקראָגן וועכנטלעכע שכירות. גע־וואוינט האָט רבקה מיט שרהלע ביי דער רייכער שוועסטער. יוסף איז צו זיי פאַרפאָרן. עס איז אים אַנטקעגן געקומען אַ הויכער מאַן, מיט אַן עכט רו־סישן אויסזען. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר יוספן: „איך בין וולאַדימיר, אייער שוואָגער".

וולאַדימיר איז טאַקע געווען אַ רוס, אַ זון פון אַ רוסישן גענעראַל, מיט וועמען טערצע, דאָס יידישע מיידל פון שעדלעץ, האָט דאָ אין פּאַריז גע־הייראַט. יוספן, כאָטש אַ סאָציאַליסט און ניט קיין פרומער, האָט אַביסל שאָקירט אָט די פּלוצעמדיקע משפּחהשאַפט. איז דאָך וולאַדימיר געווען אַ פרעמדער אין גייסט צו אַלץ וואָס איז יוספן געווען הייליק און טייער. אין נישט איין מאָל האָט יוסף זיך געפילט פרעמד אין דעם דאָזיקן רייכן הויז פון דעם כלומרשט פּראָגרעסיוון גענעראַלס אַ זון. און נישט איין מאָל האָט זיך יוספן פאַרגעשטעלט אַז אָט דער וולאַדימיר איז געוויס אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ ווייס־גוואַרדייעץ, און געהאַט צו טאָן מיט די אַלע שוואַרץ־מאהדיקע רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן מכל־המינים אין אַמאָליקן רוס־לאַנד, און דאָ, נאַ דיר גאָר פּלוצעם ווערט וולאַדימיר גאָר אַ נאָענטער שמעלקע, אַ שוואָגער זיינער!

נאָכן פרייען זיך מיטן ווייב און טעכטערל איז יוספן פון טאָג צו טאָג אַלץ ענגער געוואָרן צו בלייבן ביי דער שוועגערין אין דעם רייכן הויז. עס האָט אים טאַקע דאָרט פון גאָר נישט געפעלט; עסן און טרינקען און

אַ פיינע שטוב, אַן אויסגעפּוצטע, אָבער אַלץ איז אים געווען דערווידער. באַזונדערס האָט אים ענג געמאַכט די רייד פון דער שוועגעריך, טערצע, מיט דעם שוואָגער, בעת זיי זיינען אַלע געזעסן ביים טיש ביי די מאָלצייטן. פון אויבנאויף איז אַלץ געווען כלומרשט איידל. אָבער דורך די כלומרשט איידעלע רייד האָבן זיך דורכגעוואָרפן באַמערקונגען וואָס האָבן יוספן גע־געבן אָנצוהערן, אַז ער מעג אָנהייבן טראַכטן וועגן עפּעס טאָן; ער מוז אָנהייבן מפרנס זיין די משפחה זיינע; אַז יעדער מענטש היינטיקע צייטן, מוז זיין פּראַקטיש, אַפילו עגאָאיסטיש. אַנדערש קען מען נישט עקסיסטירן. די שיינע אידעאַלן פון אַ בעסערער וועלט, פון בעסערע מענטשן, די ליבע צום אַרבעטער־קלאַס, דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע זאַכן וואָס דאַרפן אָפּגעלייגט ווערן אויף שפּעטער.

זיצנדיק ביי דעם רייך־געדעקטן טיש מיט מאכלים פון כל־טוב פלעגן אויך אָפט פאָרקומען געשפּרעכן וועגן וועלט־פראַגן. און דאָ ביים טיש האָט ערשט יוסף דערקענט דעם אמתן כאַראַקטער פון זיין שוועגערין טערצע. זי איז שטענדיק געווען די טאָן־געבערין פון אַלע געשפּרעכן, און איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ אויסגעשפּראָכענער און אַגרעסיווער אין אירע מיי־נונגען.

איין מאָל איז טערצע אַרויסגעקומען מיט לשון, וואָס האָט יוספן ממש געפּלעפט. שמועסנדיק אַזוי וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען און געפאַרן מיט וועלכע די יאָרן דעמאָלט, צווישןביידע וועלט־מלחמות, זיינען פול געווען. (עס איז געווען די געפאַר פון קריג, וואָס קען אויסברעכן צווישן דער פאַ־שיסטישער דייטשלאַנד און איטאַליע מיט פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַמע־ריקע). האָט טערצע אַ זאָג געטאָן:

— „דער קריג שרעקט מיך קנאַפּ. דער וואָס האָט קאַפּיטאַל דאַרף זיך ניט שרעקן. די וועלט וועט באַפרייט ווערן פון אַלע אומגליקן, ערשט דע־מאָלט, ווען ער, דער מענטש אַליין, וועט זיין פריי. דערווייל זיינען פריי נאָר די וואָס האָבן קאַפּיטאַל. דער יחיד אין דער געזעלשאַפט שפּילט די הויפּט־ראָלע. דער יחיד איז דער עיקר און נישט דער כלל, די געזעלשאַפט".

יוסף איז געבליבן זיצן אָן לשון. אויף אַזוינע רייד האָט ער זיך נישט געריכט. אַז ער איז געקומען צו זיך אַביסל פון די דאָזיקע רייד, האָט ער העפלעך, מיט אַן איינגעהאַלטן אויפרעגנדיקע שטים, גענומען פאַרטיידיקן דעם אידעאַל פון סאָציאַליזם אין וועלכן ער האָט געגלויבט.

— „נאָר דער דאָזיקער אידעאַל, און די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם איז דער איינציקער ענטפער צו אַלע ליידן פון דעם מענטשן", — האָט יוסף שטיל אָבער מיט אַ רואיק קול אַ זאָג געטאָן. אָבער דאָ איז דער שוואָגער

וולאַדימיר געקומען צו הילף זיין ווייב, די יידישקע. יוסף איז דאָס מאָל ווי פריער, געבליבן אַ באַזיגטער. דעם שטאַרקסטן אַרגומענט, וואָסביידע, סיי וולאַדימיר, סיי טערצע האָבן געניצט איז געווען: — „אָט, זע אַליין, יוסף, ווי שלעכט עס איז דיר געווען אין פוילן בעת דו האָסט געזאָרגט פאַרן כלל! דו האָסט געמוזט פאַרלאָזן פוילן און קומען קיין פּאַריז כדי צו קענען דערנערן דיין ווייב און קינד. יאָ, יוסף, הייב אָן מער צו טראַכטן וועגן דעם, אַז דו זאָלסט וואָס גיכער קריגן עפּעס אַ באַשעפטיקונג".

די לעצטע באַמערקונג האָט יוספן געצוואונגען צו שווייגן. ווייל וואָס האָט ער געקענט אויף דעם ענטפערן? רבקה האָט פון אויבנאויף געהאַלטן מיט אים אין אַלע זיינע רייד, און אין האַרצן מסכים געווען מיט אים וואָס ער זאָל נישט זאָגן. טערצעס רייד, אָבער, האָבן אויך איר צוגעטראָפן. ער מוז זען עפּעס צו טאָן. אמת, רבקה אַרבעט און פאַרדינט ביי דער שוועסטער אין געשעפט, אָבער עס איז ווייט ניט גענוג אויסצוהאַלטן זיך, יוספן און דאָס קינד.

גערירט האָט יוספן ביז טרערן, ווען דאָס טעכטערל זיינס, שרהלע, פלעגט ביי די דעבאַטעס בעתן עסן האַלטן מיט אים. שרהלע פלעגט זיך קלאַמערן און אים גלעטן און קושן, און זיך בעטן ביים פעטער און ביי דער מומען נישט צו שרייען אויף איר טאַטן. אין איר קינדיש־חנעוודיק פראַנצייזיש פלעגט שרהלע בעטן רחמנות ביים פעטער און דער מומען אויף דעם פאָטער אירן. שרהלעס איינשטעלן זיך פאַר איר טאַטן האָט יוספן נאָך מער צענומען און אויפגעוועקט אין אים אַלע פאָטערלעכע געפילן פון ליב־שאַפט און געטריישאַפט צו זיין אייגן בלוט און פלייש. יוסף האָט באַשלאָסן אַז ער מוז געפינען אַרבעט ביי וואָס עס זאָל נישט זיין!

צו וואָס אָבער נעמט מען זיך? די דאָזיקע פראַגע האָט נישט אויפ־געהערט צו עגבערן יוספס מוח. קיין פאַך האָט ער נישט געקענט, די לאַנד־שפּראַך, פראַנצייזיש, האָט ער נישט באַהערשט. פלעגט ער וואַנדערן איז די גאַסן פון דער גרויסער און שיינער שטאָט פּאַריז. ער פלעגט שפּאַנען טאָג־אויס און טאָג־איין איבער די גאַסן, זוכן און נישטערן, אפשר וועט ער געפינען אַ באַשעפטיקונג. אָבער אָן דערפאָלג!

די רייכע שוועגערין, טערצע, האָט געקראָגן אַ דירה פאַר זיי, אַ באַ־שיידענע, נישט רייכע וואוינונג. רבקה איז יעדן פרימאָרגן אַוועק צו דער אַרבעט. דאָס טעכטערל איז געבליבן אין דעם רייכן הויז. די מומע טערצע איז געווען גוט צו איר שוועסטערס קינד. טערצע האָט קיין קינדער נישט געהאַט, האָט די קליינע שרהלע טערצען אַ סך פרייד פאַרשאַפט. שרהלע האָט אַזוי אַרום געהאַט צוויי מאַמעס.

נאָך רבקהס אַוועקגיין אין דעם געשעפט פלעגט יוסף בלייבן אין שטוב. ער איז איצט געוואָרן די „באַלעבאָסטע״. געראַמט, איינגעקויפט עסן און געקאָכט וועטשערע פאַר זיך און פאַרן ווייב, דער פאַרדינערין. יוסף האָט איצט צייט געהאַט צו טראַכטן, און אַ טרויער פלעגט אים באַפאַלן בעת ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינע יאָרן אין וואַרטע. דאָרט האָט דאָך דאָס לעבן געהאַט אַ זין. ער איז געווען טעטיק, און זיין אַרבעט האָט געבראַכט נוצן נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך אַנדערע. מען איז געווען אָפּהענגיק פון זיין אַרבעט, און ער איז אָפּגעשאַצט געוואָרן פאַר זיין טעטיקייט. אין דער פּאַרטיי האָט ער געפונען אַ גלויבן. דאָס לעבן איז נישט געווען אַזוי פּוסט ווי עס איז איצט אין פּאַריז, אין דער אָרעמער דירה. נישט ווייט פון דער רייכער און שטאָלץ־פּאַרריסענער שוועגערין, וואָס טרייבט אים, און וואָס מאָנט פון אים כסדר ער זאָל עפּעס טאָן. אים איז געווען דערווידער פון דעם שווייגנדיקן שוואָגער, וולאַדימיר, וואָס קוקט אויף אים מיט קאַלטע און פרעמדע אויגן.

אין די אָוונטן פלעגט טערצע מיט איר מאַן קומען צו זיי אין דער אָרעמער וואוינונג און אַרויסנעמען אים און רבקהן אין רייכן אויטאָמאָביל, און זיך דורכפאָרן אַביסל אויף די ליכטיקע שיינע גאַסן פון פּאַריז. אויפן וועג פלעגט טערצע דערציילן דעם נחת וואָס זי האָט פון שרהלען. ווי גוט זי לערנט זיך אין שול. ווי שיין זי שפּילט שוין פּיאַנע. יוסף פלעגט עס הערן מיט געמישטע געפילן פון פרייד און צער. פרייד פון זיין קינד, פון זיין אייגן בלוט און פלייש, און צער וואָס ער קען ניט אויסהאַלטן זיין אייגן קינד מיט אייגענע פאַרדינסטן, ער אַליין זאָל איר געבן די אַלע שיינע זאַכן וואָס שרהלע קריגט ביי דער רייכער מומען.

אויף טערצעס עצה לאָזט זיך יוסף אַרויס איבער די פּאַריזער יידישע קוואַרטאַלן. טערצע האָט אים געזאָגט: — „יוסף, גיי צו צום ערשטן בעסטן יידן וואָס רעדט יידיש, און פרעג אים וועגן אַרבעט״.

יוסף באַגעגנט זיך מיט אַ פּוילישן יידן פון לאָדזש וואָס נעמט אים מיט אין אַ פאַבריק וואו מען נייט הויזן. אָבער פון די הויזן נייען לאָזט זיך אויס אַ בוידעם. יוסף טויג ניט צו דער מלאכה.

דערווייל האָט יוסף זיך גענומען לערנען צו זיין אַ זעצער אין אַ דרוקעריי. ער פאַראינטערעסירט דער שוועגערין זי זאָל אַריינלייגן געלט אין אַ שפּאָגל־ניי געשעפט, אין אַ יידישער צייטונג אין פּאַריז. יוסף האָט שוין אַפילו דעם קאָמיטעט, די רעדאַקציע, די שרייבער. טערצע נעמט אָן יוסףס פּלאַן. די צייטונג גייט אַרויס אַ קורצע צייט און ווערט פאַרמאַכט מיט אַ היפּשן געלט־פאַרלוסט.

וואָס זאָל ער איצט טאָן? וואו זאָל ער זיך אַהינטאָן? עס ווערט אים ענגער מיט יעדן טאָג דאָס זיין אין פּאַריז. אַלץ איז אים דאָ פרעמד, — דערשטיקט צו ווערן. ער שרייבט לאַנגע בריוו צו די חברים אין וואַרשע. ער דערציילט זיי פון זיינע ליידן. ער שרייבט זיך אויך דורך מיט מרימען. און ער קריגט פון איר וואַרעמע בריוו מיט טרייסט־ווערטער, נישט צו פאַרלירן דעם גלויבן אין זיך און האָפן אויף בעסערע טעג. זי ראָט אים צוריקקומען קיין וואַרשע און באַמיען זיך אין אַ באַשעפטיקונג צו וועלכער ער איז באַרופן.

און אָט קריגט יוסף אַ טעלעגראַמע, אַן איינלאַדונג וואָס גיכער צו קומען קיין וואַרשע. עס וואַרט אויף אים אַ וויכטיקער פּאָסטן אין דער פּאַרטיי. דער „בונד" נייטיקט זיך אין אים, ער דאַרף וואָס גיכער, טאַקע אין אַ צוויי־דריי וואָכן אַרום זיין אין וואַרשע.

יוסף האָט אַזוינס נישט דערוואַרט. אַ פּאַרטיי־פּאָסטן אין דער הויפּט־שטאָט, אין וואַרשע! פון דעם האָט ער ניט געחלומט. דאָס גליק האָט ענד־לעך אַ שיין געטאָן פאַר זיינע אויגן. און ער ענטפערט גלייך, אַז ער נעמט אָן די איינלאַדונג פון דער פּאַרטיי. ער פילט זיך געהויבן; ער איז באַ־רוישט און ער גייט אַרום אַן אויפגעלעבטער פון פרייד. ער דערמאָנט זיך דאָס געזעגענען זיך מיט רבקהן און באַזונדערס מיטן טעכטערל, און עס ווערט אים טרויעריק. די שוועגערין רעדט אים אָפּ. זי איבערצייגט אים אַז דאָס גליק דאָרט אין דעם וואַרשע איז אַ צייטווייליקע זאַך און עס מיינט גאָרנישט. דאָ איז פּאַריז געפינט זיך זיין פאַמיליע, זיין ווייב, זיין טאָכטער. דאָ וועט ער ענדלעך עפּעס געפינען אַ באַשעפטיקונג. זי וועט אים העלפן. זי וועט אַלץ טאָן אַבי ער זאָל קענען דאָ בלייבן. אָבער יוסף וויל נישט הערן אירע רייד. אויך רבקה פּרוּווט יוסףן אָפּריידן נישט צו פאָרן קיין וואַרשע. רבקה טראַכט ביי זיך: „אים ציט קיין וואַרשע". זי האָט געזען די בריוו וואָס מרים האָט געשריבן צו יוסףן. בטבע איז רבקה נישט פון די אייפערזיכטיקע. זי פאַרמאָגט אַ שטאָלץ וואָס איז זעלטן צו געפינען ביי פרויען. רבקה איז נישט פאַרעקשנט. זי גיט נאָך און ווינטשט יוסףן אַ סך גליק. זאָל ער פאָרן אַליין, און אויב ער וועט זיך איינאָרדנען, וועט זי קומען צו אים און זיין צו אים אַ געטרייע ווייב. זי איז אַפילו גרייט צו ברענגען אַ קרבן, זי וועט איבערלאָזן שרהלען אין פּאַריז און קומען צו אים. אַ שווייגנדיקער הערט זי יוסף אויס. ער קען זיך קיין חשבון ניט אָפּגעבן. ער פילט ווי די „נעסט" זיינע אין רייכן פּאַריז צעפאַלט. אַ וואַקלדיקער, מיט געמישטע געפילן פון פרייד און טרויער, פון בענקשאַפט און חרטה וואָס ער דערפילט פּאָרויס — פאַרלאָזט יוסף די שטאָט פּאַריז.

# 13



ומענדיק צוריק קיין וואַרשע האָט יוסף דערפילט ווי ער הייבט אָן אַ נײַ לעבן, אַ שפּאָגל נײַ בלאַט מישט ער אויף אין זײַן לעבנס־בוך. געפילן פון בענקשאַפט צו זײַן טעכטערל לאָזן אים נישט אָפּ. פון רבקהס רייד פאַרן אַוועקפאָרן איז אים געבליבן אַ נעפּל, אומבאַשטימטע געפילן. וואָס האָט זי געמיינט מיט דעם יידישן שרייבער, פון וועלכן זי האָט אים דערציילט פאַרן אַוועקפאָרן פון פּאַריז, אַז ער, דער חבר יוספס, איז נישט גלייכגילטיק צו איר? זאָל עס זײַן, אַז בעת ער איז נאָך געווען אין פּאַריז האָט זי, רבקה, זיך געטראָפן מיט דעם יידישן שרײַבער? אַלץ איז מעגלעך. און וואָס איז מיט אים אַליין? איז ער דאָס דער גרויסער צדיק? איז ער גאַנץ אין זײַן לעבן? איז זײַן חתונה האָבן, פון אָנהייב אָן, נישט געווען קיין טעות? יאָ, ער איז נישט דער איינציקער. צעבראָכן איז דאָס פאַמיליע־לעבן נישט בײַ איין פּאַרטיי־חבר. און דאָס גליק איז אַזוי ווייט און קומט אַזוי זעלטן. מען איז פרײַ, מען מעג אַלץ. אָבער צי צאָלט מען נישט אָפּט אַ סך פאַר דער דאָזיקער פרייהייט?

די געדאַנקען לאָזן נישט אָפּ. נאָך אַ גליק וואָס די אַרבעט אין דער פּאַרטיי פאַרשלינגט אים אַזוי, אַז קיין צופיל צײַט צו טראַכטן איז נישטאָ.

יוספס קומען איז פאַר מרימען געווען אַ גרויסער יום־טוב. זי האָט געוואוינט מיט אַ חברטע אין אַ פיין־מעבלירטן צימער און יוסף פלעגט זײַן בײַ איר אָן אָפּטער גאַסט. מרים האָט געוואוסט פון יוספס איבערלעבונגען אין פּאַריז, פון זײַן געפאַלנקייט דאָרט לעבן דער רײַכער שוועגערין. און מרים האָט זיך באַמיט אים צו דערפרייען, אים אַרײַנצוברענגען אין דער זעלבער יום־טובדיקער שטימונג אין וועלכער זי האָט זיך שטענדיק געפונען, ווען נאָר יוסף איז געבליבן מיט איר אַליין. זיי לעבן ביידע איבער פריידיקע טעג. דאָס ראָמאַנטישע געפיל־לעבן, וואָס איז ווי פאַרשלאָפן געווען אין פּאַריז, האָט בײַ יוספן אויפגעוואַכט, זיי זעען זיך איצט יעדן אָוונט,

און אויך אין די בייטאָגן ווען זיי זיינען פריי פון דער אַרבעט. עס פאַרגייען וואָכן, חדשים. יוסף געפינט זיך ווי אין אַ טראַנס און ער איז שיכור פון דער פרייד, פון דער ליבשאַפט וואָס מרים ווייזט אים אַרויס. מרים גיט זיך אויך נישט אָפּ קיין חשבון. אין האַרצן ווייסט זי, אַז לאַנג וועלן די דאָזיקע ליבע־טעג און נעכט נישט אָנהאַלטן. מיט רבקהס קומען קיין וואַרשע וועט זי יוספן פאַרלירן, און מיט רעכט. ווי אַ געזעצלעך ווייב האָט רבקה מער חזקה אויף אים, ווי זי. אָבער דערווייל זיינען די טעג פול מיט פרייד און יום־טוב.

פונקט ווי פריער, אין די יאָרן ווען ער האָט געוואוינט אין וואַרטע, אַזוי אויך איצט אין וואַרשע, האָט יוסף ווינציק וואָס געטראַכט פונעם מאָרגן. יעדער טאָג האָט זיך זיינע פאָדערונגען, זיינע פאַרלאַנגען. ער האָט קאָנפליקטן מיט זיך אַליין. נאָר ער האָט קיין כח נישט זיך צו באַהערשן און אַרויסגיין דער זיגער איבער די אַלע נסיונות וואָס דאָס לעבן טראָגט אים אונטער. ער לעבט תמיד מיטן מאָמענט, מיט דער חיי־שעה. ער נעמט פונעם לעבן סיי פרייד סיי פיין. יוסף טראַכט אָפּט, אַז דער מענטש איז סוף כל סוף ווי אַ שפּענדל וואָס ווערט געטראָגן פונעם ווינט איבער די וואַסערן פון לעבן. און וואו וועט עס אים פאַרטראָגן. ווער ווייסט?

סוף כל סוף האָבן די פליכטן פון אַ פאָטער און די פליכטן צו דער מוטער פון זיין קינד געזיגט. ער האָט געשריבן צו רבקהן זי זאָל קומען קיין וואַרשע מיטן טעכטערל. יוסף גרייט צו אַ וואוינונג פאַר זיי. ער איז איצט שוין ביכולת אויסצוהאַלטן די פאַמיליע. אַזוי איז קיין לעבן נישט, און וואָס איז פאַרט דער זין צו זיין צעשיידט?

רבקה איז געקומען, אָבער אַליין. זי האָט דאָס טעכטערל איבערגעלאָזט ביי דער שוועסטער. זי איז געקומען בלויז אַ קוק טאָן אויף יוספן, זען ווי עס האַלט מיט אים. זי האָט געוואָלט פריער אויסגעפינען וואָס ער טראַכט אויף אַן אמת; איז ער גרייט צו זיין אַ געטרייער מאַן צו איר און אַ געטרייער פאָטער צו זייער קינד? יוסף איז געבליבן אַנטוישט ווען ער האָט רבקהן געזען אַן שרהלען, אָבער געזאָגט האָט ער גאָרניט. ער האָט בלויז געהאַלטן אין איין אויספרעגן וואָס שרהלע מאַכט, וואָס זי טוט, ווי זי לערנט זיך, און ווי זעט זי אויס. טרערן זיינען אים געקומען אין די אויגן. רבקה האָט געזען ווי זיין האַרץ גייט אויס אין בענקשאַפט נאָכן קינד. עס האָט איר אי געפרייט, אי זי האָט זיך מצער געווען אויף דער ניט איבעריק פריילעכער אויפנאַמע וואָס יוסף האָט איר געגעבן. רבקהן האָט זיך געדאַכט אַז יוסף האָט איר אויפגענומען קאַלט. נישט ווי אַ מאַן נעמט אויף אַ ווייב, וואָס ער האָט שוין נישט געזען איבער ניין חדשים.

זי האָט געוואוסט פון יוספס אַ גאָר נאָענטער פריינדשאַפט מיט מרימען, און עס האָט איר ווי געטאָן ווען יוסף איז איין מאָל געפאָרן אין די קאָלאָניעס אין זאַקאָפּאַנע, וואו מרים האָט געאַרבעט. גלייך ווי רבקה איז אָנגעקומען קיין וואַרשע האָט מרים באַשלאָסן, אַז די בעסטע זאַך וועט זיין צו קריגן ערגעץ אַ באַשעפטיקונג אין אַן אַנדער שטאָט. און ווען אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט, ווען מ׳האָט מרימען פאָרגעשלאָגן צו אַרבעטן אין די קאָלאָניעס אין זאַקאָפּאַנע, האָט מרים די שטעלע אָנגענומען מיט גרויס צופרידנקייט.

* * *

דערווייל האָט יוסף זיך איצט מיט גרויס חשק אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון זיין פּאַרטיי אין אַלע אירע אָפּטיילונגען. זיין הויפּט־אַרבעט אָבער איז געווען אין דעם „האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פּאַראיין״, אַלס איינער פון די סעקרעטאַרן. די אַרבעט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע. אונטער יוספס פירערשאַפט ווערן דורכגעפירט אייניקע געלונגענע סטרייקן. יוסף פאָרט אָפט קיין לאָדזש, און אויך דאָרט העלפט ער אָרגאַניזירן דעם „האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פּאַראיין״, וואָס וואַקסט שפּעטער אויס ווי אַ גאָר גרויסע אָר־גאַניזאַציע.

נאָך אין זיין היימשטאָט וואַרטע האָט יוסף געהאַט אָפטע צוזאַמענשטויסן מיט איינעם פון די סעקרעטאַרן אין דעם אָרטיקן „האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פּאַראיין״. דאָס איז געווען מאַרקוס הערשליקאָוויטש, וואָס איז געווען דער פאָרשטייער פון דער לינקער פראַקציע. ווי ס׳רוב לינקע „חברים״, האָט אויך מאַרקוס הערשליקאָוויטש געוואָלט מיט ניט כשרע מיטלען הערשן איבערן פּאַראיין, אַז ער זאָל זיך אונטערוואַרפן דער לינקער קאָמוניסטישער באַוועגונג. דער דאָזיקער חבר, מאַרקוס, פלעגט אַרויסלאָזן פּאַמפלעטן וואָס זיינען ממש געווען אַן אָפענע פּראָוואָקאַציע קעגן דעם פּאַראיין. אויך דאָ אין וואַרשע האָט יוסף אים געטראָפן. יוסף ווערט געוואָר, אַז דער חבר מאַרקוס אַרבעט אין דעם לינקן „האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פּאַראיין״, וואָס איז אַ קאָנ־קורענץ צום „פּאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע״ אויף זאַמענהאָף נומער 5. די הויפּט־פירערשאַפט איז דעמאָלט געלעגן אין די הענט פונעם איצט באַ־רימטן יידיש־קאָמוניסטישן פירער, מירסקי, וואָס פאַרנעמט אַזאַ געהויבן אָרט אין דעם איצטיקן קליינעם יידישן ישוב אין פוילן.

יוסף מיידט אויס, ווי ווייט ער קען נאָר, זיך ניט צו טרעפן מיט דעם חבר מאַרקוס, וועמען ער געדענקט נאָך זייער גוט פון זיינע מעשים־טובים אין וואַרטע.

און אָט ווערן אַרעסטירט אייניקע חברים, צווישן זיי דער חבר מירסקי,

וואָס ווערט פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע. אין יענע טעג ווערט דער וואויל־באַקאַנטער לינקער חבר מאַרקוס דערשאָסן פון די אייגענע חברים. נאָך דעם ווי די „חברים" געפינען אויס אַז ער, דער „געטרייער חבר", האָט גאָר געדינט אין דער פוילישער געהיים־פּאָליציי.

אויף יוספן מאַכט די מעשה־מאַרקוס אַ שרעקלעכן איינדרוק. עס נעמט אים אַרום אַ רחמנות־ אויפן מין מענטש וואָס קען אַזוי טיף זינקען אין שפלות — און אַלץ צוליב וואָס? געלט? כבוד? — ווער ווייס? ווער קען זיך דערגרונטעווען צו דער טיפעניש פון דער מענטשלעכער נשמה?... טעג, וואָכן גייט יוסף אַרום און טראַכט פון דעם לינקן פּראָוואָקאַטאָר מאַרקוס הערשליקאָוויטש, מיט וועמען ער האָט זיך אָפט געקריגט, און יענער פלעגט תמיד דווקא פאַרטיידיקן דאָס רויטע געשפּענסט — דעם סאָוועטישן גן־עדן.

* * *

דער זומער איז געקומען, און אַזוי ווי שרהלע איז פריי געוואָרן פון לערנען, האָט רבקה אָנשטאָט צו פאָרן צום קינד קיין פּאַריז, געבעטן די שוועסטער טערצע אַז זי זאָל זען אַראַנזשירן אַז דאָס קינד זאָל קומען צו איר קיין וואַרשע. די פרייד ביי טאַטע־מאַמע איז געווען גאָר גרויס ווען שרהלע איז אָנגעקומען בשלום קיין וואַרשע. זי האָט פאַרבראַכט אַ גאַנצן זומער מט טאַטע־מאַמע ביים זיידן שמואל אין שעדלעץ.

נאָך איר צוריקקומען פון איר זומער־אַרבעט אין זאַקאָפּאַנע, איז מרים געקומען זיך זען מיט יוספן און רבקהן. נאָך אַלעמען איז זי דאָך געווען איינע פון דעם קרייז און איז געווען רבקהס אַ נאָענטע חברטע. אַלע זיינען געווען פריילעך, אין האַרצן האָט רבקה אָבער געפילט אַ ווייטיק. זי האָט געזען ווי יוסף האָט זיך געענדערט און געוואָרן אַזאַ פריילעכער, ווען נאָר מרים איז צוריקגעקומען. ער איז איצט געווען רעדעוודיקער, געשטיפט, גע־לאַכט און נאָך יעדן מאָל פון מרימס אַוועקגיין פון זייער שטוב, איז אים אַן אומעט באַפאַלן.

אין יענע לעצטע טעג פון זומער איז שרהלע צוריק געפאָרן קיין פּאַריז. יוסף האָט אַפילו געוואָלט שטאַרק אַז זי זאָל בלייבן און אָנהייבן לערנען אין אַ יידישער שול. אָבער רבקה איז שטאַרק באַשטאַנען אַז זי זאָל ענדיקן די פראַנצייזישע שול אין פּאַריז, ווייל דאָרט אין פּאַריז שטייט שרהלען פאָר אַ גרויסע קאַריערע, און בכלל איז איר דאָרט זייער גוט. די שוועסטער טערצע איז צוגעבונדן צום קינד ווי אַן אייגענע מאַמע, און עס פעלט איר דאָרטן פון גאָר נישט.

# 14



פּאָר טעג נאָך שרהלעס אַוועקפֿאָרן קיין פּאַריז, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פֿון טערעצען, אַז שרהלע איז קראַנק. די טעלעגראַמע איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן אָנגעזאָגט נישט קיין גוטס. טערעצע האָט ניט געשריבן ווי ערנסט שרהלעס קראַנקייט איז און וואָס אַזוינס איז די קראַנקייט. רבקה האָט נישט געוואַרט קיין מינוט. דערליידיקט ביים קאָנסול די פּאַפּירן, איינגעפּאַקט די זאַכן און אַוועק צום וואָקזאַל. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, פֿול מיט שרעק און פֿאַרלוירנקייט, איז זי אַריין אין וואַגאָן. זי האָט איצט פֿאַרגעסן אַלע קריוודעס קעגן יוספֿן. זי איז געשטאַנען מיט אויגן פֿאַרלאָפֿענע פֿון טרערן און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. יוסף האָט געפּרואווט איר באַרואיקן, כאָטש דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז עפּעס אַ גרויס אומגליק רוקט זיך אָן אויף זייער איינציק קינד. ער האָט געבעטן רבקהן גלייך טעלעפֿאָנירן ווי נאָר זי וועט אָנקומען אין פּאַריז און זען דאָס קינד.

טאָג־טעגלעך האָט יוסף גערעדט מיט רבקהן דורכן טעלעפֿאָן. שרהלעס לעבן איז אין אַ גרויס געפֿאַר. דאָס אומגליק איז געשען. דאָס איז געשען דעם 24טן אָקטאָבער, 1936. נאָך פֿינף טעג פֿון שיקן טעלעגראַמעס און צענדלינגער טעלעפֿאָן־געשפּרעכן, האָט יוסף געהערט רבקהס וויינענדיק קול פֿון ווייטן פּאַריז, וואָס האָט געיאָמערט דורכן טעלעפֿאָן:

— אוי, יוסף! שרהלע איז צוגענומען געוואָרן פֿון אונדז! שרהלע איז מער נישטאָ... קום כאָטש צו דער לוויה. זיי לעבן מיר, יוסף, אין דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט אונדז ביידן געטראָפֿן"...

די איבערלעבונגען יוספס יענעם פרימאָרגן האָבן אים דערדריקט. אַ צעווייטיקטער, אָן כוחות, איז ער אין דער באַגלייטונג פון מרימען אַריין אין דעם צוג וואָס האָט אים געדאַרפט ברענגען קיין פּאַריז. מרים האָט מיט ליבשאַפט, אָן ווערטער, געקוקט אויף אים און זיך געבעטן ביי אים ער זאָל זיך שטאַרקן. טרערן זיינען גערונען פון אירע אויגן:

— „שטאַרק זיך, יוסף, איך בעט דיך. געדענק אָן זיך. דער פינצטערער גורל וויל אַזוי".

רבקהן האָט דער טויט פון איר איינציק קינד זייער שווער געטראָפן, און נישט ווייניקער האָט יוסף די טראַגעדיע איבערגעלעבט. זיי זיינען צוריק געגאַנגען פונעם פּאַריזער יידישן בית־עולם, ווי צוויי יתומים וואָס האָבן איבערגעלאָזן דאָרט, אין דעם קינדס קבר'ל, דאָס טייערסטע און ליבסטע אין זייער לעבן. דאָס לעבן איז פאַרביידן איצט געוואָרן פוסט, אָן אַ זין.

צו בלייבן אין פּאַריז האָט רבקה שוין ניט געהאַט צוליב וואָס. הגם זי האָט געהאַט דאָ אין פּאַריז דאָס רוב פון איר משפחה, האָט זי ליבערשט געוואָלט זיין מיט יוספן. אין טיפן צער איז רבקה צוזאַמען מיט יוספן צוריק־געפאָרן קיין וואַרשע. ביים געזעגענען זיך האָט טערצע אַ זאָג געטאָן צו יוספן:

— „די איינציקע טרייסט, יוסף, וועט זיין, אַז רבקה זאָל האָבן אַ קינד"...

רבקה האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַ לייכטער שמייכל פול מיט צער און געבעט, האָט געשוועבט איבער אירע ליפּן. יוסף האָט דערפילט אין רבקהס שווייגן, אין איר פאַרחלומטן, טרויעריקן אויסזען דעם טיפן באַגער פון איר וואַרעמען לייב, וואָס האָט זיך געטוליעט צו אים, ווי אַמאָל פאַר דער חתונה. אָבער יוסף איז קאַלט געוואָרן צו רבקהס צערטלעכקייט. אין האַרצן האָט ער אַנדערש געפילט. נאָכן טויט פון זיין קינד, פון אָט דער שיינער בלום וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק אָוועקגעריסן געוואָרן פון אים, האָט יוסף פעסט באַשלאָסן מער קיין קינד אויף דער וועלט נישט צו ברענגען! די איינציקע טרייסט אין זיין לעבן האָט יוסף איצט געפונען אין דער אַרבעט פאַר דער פּאַרטיי.

* * *

אויפן אָרט פון דעם חבר בונם וואַרשאַווסקי, — דעם סעקרעטאַר פונעם דרוקער־פאַראיין, וואָס איז אַוועק קיין אויסטראַליע, — ווערט יוסף נאָמינירט פון דעם לאַנד־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו פאַרנעמען דעם חבר בונמס אַמט. דעם דאָזיקן אַמט נעמט יוסף איבער אין יאָר 1935. ער האָלט אָן דעם דאָזיקן אַמט ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג. אין דער

אַרבעט אַלס סעקרעטאַר, ווייזט יוסף אַרויס פיל פעאיקייטן. ביי איינער פון די שטאָט־ראַט־וואַלן אין וואַרשע איז יוסף אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין דער ערשטער קאַנדידאַט צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט. אויף דער זעל־בער אַרבעטער־ליסטע אין וועלכער עס האָט אויך פיגורירט דער באַרימטער אַרבעטער פירער הענריק ערליך, ע״ה.

אַלס סעקרעטאַר פון דרוקער־פאַראיין האָט יוסף דורכגעפירט אייניקע געלונגענע סטרייקס אין אַ טייל וואַרשעווער דרוקערייען, און אויך אין די דרוקערייען פון אַ ריי צייטונגען, יידישע און ניט־יידישע.

דער סטרייק אין דער יידישער צייטונג „דער מאָמענט״, האָט אַפילו אָנגענומען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. צוויי מאָל איז יוסף אַרעסטירט גע־וואָרן. איין מאָל ביי דעם סטרייק פון דער פויליש־יידישער צייטונג „פּיאָנטע ראַנאַ״, וואָס האָט אויף אַ מיאוס־פּראָוואָקאַטאָרישן אופן געלאָזט אַרעסטירן די גאַנצע דעלעגאַציע פונעם דרוקער־פאַראיין. דער אַרויסגעבער און רע־דאַקטאָר פון דער צייטונג איז געווען דער באַקאַנטער ציוניסטישער פירער סוויסלאָצקי. לשבח דאַרף מען אָבער דערמאָנען, אַז סוויסלאָצקי אַליין, אונ־טערן דרוק און פאַרלאַנג פונעם דרוקער־פאַראיין, האָט זיך באַמיט די אַרעס־טירטע צו באַפרייען. אַ צווייטן מאָל איז יוסף אַרעסטירט געוואָרן ביי אַן אי־בערפאַל פון דער פּאָליציי אין לאָקאַל פון דעם דרוקער־פאַראיין, בעת שלמה מענדעלסאָן, ע״ה, האָט געהאַלטן אין מיטן פון זיינס אַן אינטערעסאַנטן רעפע־ראַט. דעמאָלט זיינען אויך צענדליגער יידישע אַרבעטער געשלאָגן געוואָרן פון דער פּאָליציי פאַר דעם איינציקן חטא וואָס זיי זיינען געזעסן און זיך צו־געהערט צו די אינטערעסאַנטע רייד פון שלמה מענדעלסאָן. אַרעסטירט איז דעמאָלט אויך געוואָרן יוספס פרוי, רבקה, און יוספס שוועסטער, צירל, וואָס איז גראָד דעמאָלט געווען צוגאַסט אין וואַרשע.

נאָך דער אויספאָרשונג, וואָס האָט געדויערט אייניקע טעג, זיינען אַלע אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן. בלויז יוספן האָט די פּאָליציי פאַרהאַלטן לענ־גער פון אַלעמען. מ׳האָט יוספן חושד געווען אַז ער האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם מאָרד וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אויף דעם פּראָוואָקאַטאָר מאַרקוס הערשליקאָוויטש. מ׳האָט קענטיק געוואוסט אַז יוסף האָט נישט געלעבט בשלום מיט דעם דאָזיקן לינקן „חבר״, בעת זיי האָבן ביידע גע־וואוינט אין דער שטאָט וואַרטע.

* * *

די לופט אין וואַרשע איז פול געווען מיטן אָנזאָג פון קריג און די שרעקלעכע אַנגסטן, וואָס אַ מלחמה קען איצט ברענגען אויף אַלעמען און

אויף יידן בפרט. פון בערלין האָט מען כסדר געהערט דורך דער ראַדיאָ וואָס היטלער גרייט זיך צו טאָן מיט אַלע יידן אומעטום וואו נאָר ער וועט אַריינשטעלן זיינע בלוטיקע פיס.

גראָד אין יענע טעג האָט די וויזע פון רבקהס אויסלענדישן פּאַס גע־האַלטן ביים סוף פון דעם טערמין וואָס דער קאָנסול האָט איר געגעבן. רבקה האָט געטראַכט:

„אפשר וואָלט געווען בעסער, טאָמער, חלילה, ברעכט אויס די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פּוילן, אַז זי זאָל קודם זיך געפינען אין פראַנקרייך. אויב דער קריג איז אומפאַרמיידלעך זאָל זי קודם כל זיך ראַטעווען און גלייך ביים אָנקומען קיין פּאַריז אויך יוספן אַרויסרופן אַהין. אפשר, האָט זי גע־טראַכט, וועט אין פראַנקרייך זיך פאַרהיילן די וואונד אין האַרצן. די באַגעגנט־קייט פון איר קינדס קבר אויף דעם פּאַריזער בית־עלמין וועט אפשר דער־נענטערן יוספן צו איר, ווי אַמאָל, אין די ערשטע טעג נאָך דער חתונה.

יוסף האָט געפילט די מלחמה־שטימונג אין דער לופט. געזען די טריט פון דעם בלוטיקן דייטשישן מחבל וואָס דערנענטערט זיך, און וואָס קען נאָך חרוב מאַכן נישט נאָר פּוילן נאָר די גאַנצע וועלט. יוסף איז אַרומגע־גאַנגען אויף די גאַסן פון וואַרשע. געזען שמייכלענדיקע מאַמעס אַרומפירן די קינדער זייערע אין די קינדער־וועגעלעך. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די פרישע לופט פון דעם שיינעם האַרבסט אין פּוילן, די מילדע שטראַלן פון דער זון, וואָס האָבן געשיינט אַזוי פרידלעך אויף יונג און אַלט. ער האָט געזען ווי דאָס לעבן גייט אָן מיט זיין געוויינטלעכן גאַנג. שווער געווען צו גלויבן אַז אָט־אָט קען די דאָזיקע שיינע שטאָט, וואָס קאָכט איצט מיט אַזוי פיל לעבן, צעשטויבט ווערן אין דעם מבול פון פייער און רויך פון די נאַצישע עראָפּלאַנען, וואָס ער פילט פון וויטן שוין זייערע שטעכיקע פייער־בליקן.

יוסף האָט צוגעשטימט אַז רבקה זאָל אָפּפאָרן. בעסער אַזוי, ער האָט איר גאָרנישט צוגעזאָגט. שטום, אָן ווערטער, — אין טרויער נאָך זייער קינד און אין שרעק פון דעם אָנקומענדיקן שלעכטס, וואָס די מלחמה קען ברענגען אויף יעדן פון זיי, האָט יוסף אַ מורמל געטאָן:

— „אפשר, רבקה, איז בעסער אַזוי, און ווי דער גורל וועט וועלן אַזוי וועט זיין".

רבקה האָט אים געפּרואווט עפּעס זאָגן. אים געוואָלט בעטן ער זאָל גע־דענקען, אויב זי וועט האָבן די מעגלעכקייטן אים גלייך אַריבערברענגען קיין פּאַריז, זאָל ער דאָ אַלץ איבערלאָזן און קומען. אָבער די ווערטער

זיינען איר געבליבן שטעקן אין האַלדז. אַ טרויעריקע האָט זי אַרויסגעקוקט דורך דעם וואַגאָן־פענצטערל, געזען ווי יוסף שטייט אַ געבויגענער, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, טרויעריק ווי זי, פֿאַרזונקען אין מחשבות. און אָט רירט זיך דער צוג, די געשטאַלט יוספס ווערט קלענער און קלענער, ביז ער פֿאַרשווינדט אין גאַנצן פֿון אירע אויגן.



# 15



ין יענע מהומהדיקע טעג, אין דעם שיינעם פוילישן האַרבסט, סוף אויגוסט פון יאָר 1939, איז יוסף אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און זיך ניט גע־קענט אָפּגעבן קיין חשבון וואָס וועט פאָרט זיין מיט אים? וואָס זאָל ער טאָן מיטן שטיקל לעבן זיינעם אויף גאָטס ערד? צו רבקהן פילט ער אַ נאָענטקייט, די נאָענטקייט פון דעם טיפן טרויער נאָך זייער קינד וואָס האָט זיי ביידן פאַראייניקט אויף אייביק, אָבער צוגלייך אויך אַ פרעמדקייט וואָס זייער צוזאַמענזיין האָט ביידן ניט געבראַכט קיין פרייד. זינט זייער חתונה האָט קיינס פון זיי, סיי זי, סיי ער, ניט געהאַט קיין מינוט פון אמתער מנוחה.

גראָד האָט זיך געמאַכט אַז יוסף האָט געדאַרפט זיין אין אַ שליחות ביי אַ צוזאַמענפאָר פון די פוילישע דרוקער־אַרבעטער. דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט קאַטאָוויץ, האַרט ביי דער דייטשישער גרענעץ. ערשט דאָרט, ביים צוזאַמענפאָר, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. דאָס דייטשישע מיליטער שטייט גרייט און וואַרט אויף אַ סיגנאַל פון היטלערן, ימח שמו. אָט־אָט, אַ ליאַדע טאָג, און די דייטשישע קריגס־מאַשין וועט אָנהייבן איר ווילדע אַרבעט. אַ יאָג טאָן וועלן זיך די נאַצישע מחבלים אויף פוילן, און וויסט וועט ווערן די ערד אונטער אַלעמענס טריט. יוסף האָט געפילט אַז ס'איז פאַראַן נאָר איין פרוי, איין נאָענטער פריינד, אַ פריינד, לעבן וועלכער ער קען זיצן און רעדן און אויסגיסן זיין ביטער האַרץ פון צער און וויי, אויף זיין גאַנץ נישט איינגעגעבן לעבן, און אויף דער שרעק וואָס כאַפּט אים איצט אַרום.

דאָס איז מרים. זי געפינט זיך איצט אין די בערג. אפשר וועט ער דאָרט, אין די בערג, קענען האָבן כאָטש איין רואיקע שעה, וואו ער וועט קענען זיך אָפּרוען פון דער ווילדער שרעק און פון דעם אומעט וואָס פּייניקט אים.

יוסף איז אָנגעקומען אין זאַקאָפּאַנע אומגעריכט פאַר מרימען. זי האָט געזען ווי מיד, צעררודערט און טרויעריק ער זעט אויס. אין יוספס קוקן אויף איר, אין דעם בליק זיינעם, וואָס האָט זיך ווי געבעטן ביי איר אַז זי זאָל אים העלפן — האָט זי שוין געוואוסט אַז רבקה איז אין וואַרשע שוין נישטאָ און אַז ער איז ווידער אַליין. ביידע האָבן געשוויגן. די באַרג־לופט אין זאַקאָפּאַנע האָט יוספן אַביסל באַרואיקט. לעבן מרימען איז געקומען אויף אים יענע רו, נאָך וועלכער ער האָט שטענדיק געהאָפּט אַ מאָל צו געניסן. אָבער עפּעס האָט דאָ ניט געשטימט. די געפאַר פון קריג איז גרויס, און דאָך האָבן זיי ביידע מינוטן פון רו. ווער שפּילט זיך דאָ מיט זייער ביידנס גורל? איז אים אפשר באַשערט דאָס ביסל פרייד אין לעבן דווקא לעבן איר, לעבן מרימען? און וואָס וועט דאָרט זיין מיט זיין געזעצלעך ווייב, מיט רבקהן? מרימס שטילע רייד האָבן אים פאַרוויגט און געשטאַרקט.

נאָך די שטילע פאַר טעג און נעכט אין זאַקאָפּאַנע לעבן מרימען, איז יוסף צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. מרים איז מיט אַ טאָג שפּעטער אויך צוריק געפאָרן קיין וואַרשע. מרים האָט באַשלאָסן צו זיין לעבן יוספן און אים נישט לאָזן אַליין. אויפן וועג האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין וואַרטע, זיך געזען מיט איר אַלטער מאַמען און גלייך אַוועק קיין וואַרשע..

אָנקומענדיק אין וואַרשע אין די פרימאָרגן־שעהען זיינען זיי ביידע אַריין אין אַ רעסטאָראַן. דאָס איז געווען דעם 1טן סעפּטעמבער, 1939. בעתן עסן זייער אָנבייסן האָבן זיי פּלוצעם דערהערט אַ שרעקלעכן אויפ־רייס, באַגלייט פון אַ שיסעריי, וואָס האָט נאָך דעם ניט אויפגעהערט שעהען נאָכאַנאַנד. דאָס אומפאַרמיידלעכע איז געשען. נאַצישע עראָפּלאַנען האָבן שוין געהאָגלט פון אַלע זייטן אויף די ראַנדן פון דער שטאָט, געפלויגן נידעריק און געגרעגנט מיט פייער און טויט. ווען די מחבלים האָבן שוין געהאַט אָפּגעטאָן זייער בלוטיקע אַרבעט און ס׳איז אויף אַ ווייל שטיל גע־וואָרן, זיינען ביידע אַוועק אין מרימס וואוינונג. מרים האָט געוואוינט נישט ווייט פון יענעם רעסטאָראַן. די טראַמוויייען האָבן זיך אָפּגעשטעלט. די עלעקטריציטעט איז איבערגעריסן, אין שטאָט איז אַ מהומה. קרבנות. מען גראָבט טראַנשייען, מען פאַרבאַריקאַדירט זיך און מען גרייט זיך געבן אַ ווידערשטאַנד. דער פּחד פאַרן טויט פון די באָמבעס וואָס די נאַצישע עראָפּלאַנען האָבן יעדע פאַר שעה געהאָגלט אויף דער שטאָט, האָט אָנ־געהאַלטן עטלעכע טעג. אין די דאָזיקע טעג זיינען מרים און יוסף געווען

צוזאַמען. דער גורל פון דעם בלוטיקן מלחמה־שפיל האָט זיי צוזאַמענ־געהאַלטן.

בליץ־שנעל זיינען געלאָפן די מלחמה־געשעענישן. באָמבעס איבער וואַרשע. טויזנטער פאַרוואונדעטע און טויטע, מיליטערישע מאַרשרוטן. פּליטים פון אַלע שטעט און שטעטלעך. די מלחמה האָט זיך דערנענטערט מיט ריזן־טריט צו די טויערן פון וואַרשע. אויפן 4טן און 5טן טאָג פון דער מלחמה איז שוין געווען קלאָר, אַז וואַרשע וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. אויפן באַפעל פון די פאַרטיי־אינסטאַנצן האָט מען פאַרברענט אַלע וויכטיקע דאָקומענטן און די מיטגלידער־ביכער פון פאַראיין כדי זיי זאָלן נישט אַריינ־פאַלן אין די הענט פון די היטלעריסטן.

די אָנפירערשאַפט פון דער פאַרטיי האָט באַשלאָסן, אַז ווער פון די פאַרטיי־מיטגלידער עס וויל נאָר, זאָל פאַרלאָזן וואַרשע און זיך לאָזן אויף דער אַנדערער זייט ווייסל וואו מען האָט נאָך געהאָפט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. די פאַרטיי־פירער האָבן אָפּגעמאַכט, אַז זיי לאָזן זיך אַרויס דעם 6טן סעפּטעמבער, 10 אַזייגער אין דער פרי. אַלע דאַרפן זיך טרעפן ביים ווילנער וואָקזאַל.

פיינלעך איז געווען דער דאָזיקער מאָמענט. שווער איז יוספן אָנגעקומען צו פאַרלאָזן וואַרשע.

צוזאַמען מיט יוספן האָט אויך געזאָלט אַוועק פון וואַרשע דער חבר מידלער, אָבער ביים געזעגענען זיך מיט זיין פרוי און קינדער האָט ער צוזאַ־מענגעבראָכן און ער האָט ווייטער נישט געקאָנט גיין. יוסף איז גראָד דעמאָלט געווען אין דער שטוב פון דעם חבר מידלער. יוספן איז געוואָרן נאָך שווערער אויפן האַרצן. אין דער לעצטער מינוט איז ער אַוועק צו זיך אין הויז און צוזאַמענגענומען דאָס ביסל נייטיקע זאַכן. אין טיפן טרויער האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די פיר ווענט פון זיין שטוב. אַמשווערסטן איז אים געווען זיך צו שיידן מיט דער וואַליזקע אין וועלכער עס זיינען געווען די זאַכן פון זיין פאַרשטאָרבן טעכטערל שרהלע. צווישן אַנדערע קלייניקייטן איז אין דער וואַליזקע געלעגן די ליאַלקע... יוסף האָט באַנעצט די ליאַלקע מיט זיינע טרערן.

געמוטיקט אַוועקצוגיין האָט אים מרים. ווען נישט זי, ווער ווייסט צי יוסף וואָלט געווען אימשטאַנד זיך צו רירן פון אָרט. אין דער לעצטער מינוט האָט אויך מרים באַשלאָסן צו גיין מיט אַלעמען צוזאַמען. דער חבר מידלער האָט ביים געזעגענען זיך מיט טרערן אין די אויגן אַריינגעשטופּט 50 זלאָטעס אין יוספס האַנט און אים געזאָגט:

— „איר גייט אַוועק, כ'ווייס אייער פאַרמעגלעכקייט. נעמט דאָס צו. איר וועט עס דאַרפן אויפן וועג. מיר וועלן זיך ווי עס איז דאָ אַן עצה געבן".

ווען יוסף און מרים זיינען צוגעקומען אין דער באַשטימטער צייט צום ווילנער וואָקזאַל, האָבן זיי שוין געפונען גרופּעס חברים. מען האָט געזאָלט נעמען אַ באַן, אָבער אַ האָגל פון באָמבעס, פון אַנגעפלויגענע דייטשישע עראָ־פלאַנען, האָט אַלעמען צעשיידט. מען איז זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן.

וועגן פאָרן מיט דער באַן איז שוין נישט געווען קיין רייד. האָט מען באַשלאָסן צו מאַרשירן צופוס. דער מאַרשרוט איז געווען דורך מינסק־מאַזאָוויעצק, קאַלושין, שעדלעץ, מעזריטש, ביאַלע־פּאָדאָלסקע, יאַנאָוו, וויסאָקע־ליטעווסק, קאַמיעניעץ, פּרוזשאַן, קאַרטוז־בערעזע, דראָהיטשין און פּינסק. וואו די גרופּע איז געקומען האָבן דייטשישע עראָפּלאַנען זיי נאָכגעיאָגט. זיי זיינען געגאַנגען צופוס דורך ברענענדיקע שטעט. זיי האָבן פאַרביימאַרשירט קופּעס מיט טויטע און פאַרוואונדעטע.

די וועגן זיינען געווען פול מיט אויטאָס און מענטשן. פון שעדלעץ איז זיי אויסגעקומען צו גיין אין דער גרופּע אין וועלכער עס האָט זיך געפונען העניק ערליך, דער באַרימטער בונדישער פירער, וואָס איז שפּעטער אומ־געקומען דורך די הענט פון דער סאָוועטישער „גערעכטיקייט". אין דער גרופּע זיינען אויך געווען שלמה מענדעלסאָן, ע"ה, עמנואל שערער מיט זיין פרוי, חיים וואַסער ע"ה, אַבראַם סטאָלאַר מיט זיין ווייב און קינד און אַנדערע.

מען איז אַזוי דערגאַנגען ביז פּינסק. ווער וויסט צי די דאָזיקע גרופּע וואָלט ביז דאָרטן אַהין אָנגעקומען ווען נישט די געטריישאַפט פון די בונדיסטן־חברים, וואָס די פּליטים האָבן באַגעגנט אויפן וועג. אַ סך כוח אַדורכצומאַכן דעם וועג האָט יוסף געשעפּט פון דעם חבר ערליך. מער ווי איין מאָל איז אויסגעקומען צו וואַרפן זיך אויף דער ערד פאַר די אָנ־געפלויגענע נאַצישע עראָפּלאַנען. חבר ערליך, מיט זיין ווירדיקער פיגור, מיט זיין זעלבסטבאַהערשונג, מיט זיינע פעסטע טריט און שטענדיקן קלוגן שמייכל, האָט אַלעמען געמוטיקט צו גיין ווייטער און ווייטער.

די לעצטע אויפרייסן פון די דייטשישע באָמבעס האָט יוסף געהערט ווען ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָט פּינסק, דעם 17טן סעפּטעמבער. אויך אין פּינסק זיינען געווען פיל קרבנות. אין פּינסק האָט יוסף אויך אויסגעפונען, אַז ווייטער גיין דאַרף מען שוין נישט, ווייל די רויטע אַרמיי קומט אָן פון דער צווייטער זייט.

דעם 20טן סעפּטעמבער, 1939, האָט די רויטע אַרמיי אַריינמאַרשירט אין דער שטאָט פּינסק. יוסף איז פאַרבליבן אין פּינסק ביז דעם 13טן אָקטאָבער. ס'זיינען דערנאָך צוגעקומען נאָך חברים בונדיסטן, ווי נח, שרה שוועבער און אַנדערע.

פּינסק איז איינגענומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אָן שום ווידערשטאַנד. אויפן דריטן טאָג פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע איז געמאָלדן געוואָרן אַז דעם 23טן סעפּטעמבער, אַ גאַנצן טאָג, זאָל זיך קיינער אין שטאָט נישט ווייזן אויף די גאַסן אַרום דעם גרויסן פּוילישן קלויסטער, ווייל דער דאָזיקער קלויסטער וועט אויפגעריסן ווערן מיט דינאַמיט. פאַר־וואָס — האָט קיינער ניט געוואוסט. מ'האָט איינער דעם אַנדערן איבער־געגעבן פאַרשיידענע מעשות.

אַרום דריי ביי טאָג האָט מען געהערט אַ שרעקלעכן אויפרייס, באַגלייט פון שיסערייען. דער אויפרייס און די שיסערייען האָבן געדויערט אייניקע מינוט, דערנאָך איז שטיל געוואָרן. מען האָט נאָך געזען פון וויטן אַ פייער אויפפלאַמען אויפן אָרט וואו דער קלויסטער איז געשטאַנען, און שפּעטער וואָלקנס מיט רויך. די חורבה האָט געריכערט ביז עס איז געבליבן פון דעם קלויסטער אַ באַרג מיט אַש.

צומאָרגנס האָט מען דערציילט אַז אין דעם קלויסטער האָבן זיך אויס־באַהאַלטן פּוילישע גלחים, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן דער רויטער אַרמיי. אויך איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די יידישע געסלעך, בסוד־סודות, אַז דער גענעראַל וואָס האָט איינגענומען פּינסק און געפינט זיך איצטער אין שטאָט, איז אַ ייד. אַ זון פון איינעם אַ ר׳ פּנחס, וואָס איז מיט יאָרן צוריק דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע יידן פון פּוילישע לעגיאָנערן, בעת דער מלחמה צווישן פּוילן און רוסלאַנד. פּוילישע סאָלדאַטן האָבן דעמאָלט, אין יאָר 1919, צוגעפירט אומשולדיקע יידן צו דער הויכער וואַנט פון דעם קלויסטער און זיי אַלעמען, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועגן, דערשאָסן. דער סאָוועטישער יידישער גענעראַל האָט איצט גענומען נקמה און צעשטערט דעם קלויסטער.

יוספס לאַגע איז דעמאָלט געווען אַ ביטערע. ער האָט זיך געמאָלדן אין פּינסקער ניי־אָרגאַניזירטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־אָנ־געשטעלטע און געבעטן אַרבעט. אין פאַראיין האָט מען געפאָדערט זיין גאַנצן יחוס; דעם פערזענלעכן און דעם פּאָליטישן. יוסף האָט אָנגעגעבן אַז ער געהערט צום „בונד״. קיין אַרבעט האָט ער נישט באַקומען. עס זיינען דערווייל אָנגעקומען ידיעות אַז יוספס פּאַרטיי־חברים ווערן אַרעסטירט אין אַ ריי שטעט, צווישן די אַרעסטירטע געפינט זיך אויך דער פירער פון „בונד״, וויקטאָר אַלטער. דאָס לעצטע מאָל האָט יוסף געזען וויקטאָר אַלטערן אין דער שטאָט מעזריטש, אויף אַ באַראַטונג. חבר אַלטער איז דעמאָלט באַ־שטימט געוואָרן אַוועקצולאָזן זיך מיט אַ גרופּע קיין לובלין, און דאָרט פאָרזעצן זיין אַרבעט, וויפל עס וועט נאָר זיין מעגלעך, אין קאַמף קעגן

דער היטלעריסטישער אינוואַזיע. דאָרט, אין מעזריטש, האָט יוסף דאָס לעצטע מאָל זיך געזעגנט מיט דעם חבר אַלטער.

נאָך די באַאומרואיגנדיקע ידיעות וועגן דעם געיעג אויף בונדיסטן מצד דער סאָוועטישער מאַכט האָט מען באַשלאָסן, אַז חבר העניק ערליך זאָל פאַרלאָזן פינסק. דאָס געזעגענען זיך מיטן חבר ערליכן איז געווען פאַר אַלעמען שווער. מיט טרערן אין די אויגן האָבן אַלע חברים זיך צעקושט מיט אים. עס איז זיכער קיינעם דעמאָלט ניט געלעגן אין גע־דאַנק, אַז דאָס איז געווען דער לעצטער זיי־געזונט מיט זייער פירער און לערער.

אַוודאי איז עס פאַר יוספן געווען אַ גרויסער ווייטיק אין האַרצן ווען ער האָט זיך מיט אייניקע טעג שפּעטער דערוואוסט, אַז חבר ערליך איז אַרעסטירט געוואָרן אין בריסק.

ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ווילנע וועט איבערגעגעבן ווערן צוריק צו ליטע, האָט יוסף באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווילנע. דעם 14טן אָקטאָבער, 1939, האָט יוסף צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים פאַרלאָזט פינסק. דעם 15טן אָקטאָבער זיינען זיי אָנגעקומען אין ווילנע. גלייך ביים אַראָפּגיין פון באַן, איז צו זיי דערגאַנגען די ידיעה, אַז דער ליבער חבר יוסף אַראָנאָוויטש, וואָס האָט אַזוי פיל מיטגעווירקט אין דער אַנטוויק־לונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרטע, איז מיט אַ נאַכט פריער, צוזאַמען מיט אַלע איבריקע מיטגלידער פון בונדישן קאָמיטעט אין ווילנע, אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט. ווידער אַ ריס אין דער נשמה! פאַרוואָס? פאַרוואָן? קיין ענטפער איז נישט געווען פון קיינעם.

ווען ווילנע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו ליטע, האָט זיך די לאַגע ווידער געענדערט. קיין ווילנע זיינען אָנגעקומען טויזנטער פליטים, יידן און קריסטן. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּליטים־קאָמיטעט. יוסף, צוזאַמען מיט דער חברטע מרים האָבן גענומען אָרגאַניזירן אַ קיך פאַר די יידישע פליטים. אויך די אָרטיקע חברים פון „בונד" האָבן מיטגעאַרבעט, און בכלל אַרויס־געוויזן גרויס איבערגעבנקייט צו דער אַרבעט.

די מיטגלידער פון דעם פּליטים־קאָמיטעט אין ווילנע זיינען געווען: יוסף גוטגאָלד, ירוחם רודאַווסקי, לעאָן אָלער, משה פּערענסאָן, מנחם ראָזענ־בוים און לייבל בערקמאַן.

יוסף האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעם ניי־געשאַפענעם פּליטים־קאָמי־טעט די גאַנצע צייט פון זיין געפינען זיך אין ווילנע. עס האָט זיך איינגע־שטעלט אַ פּאָסט־פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט. ווי נאָר די ליטווינער האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו

פון פוילן און פראַנקרייך. דאָס איבערנעמען ווילנע איז נישט דורך אָן אַ פּאָגראָם, וואָס די ליטווינער, צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן, האָבן געמאַכט אויף די יידן אין שטאָט. אין דעם פרט האָבן די צוויי שונאים, די ליטווינער און די פּאָליאַקן, שלום געמאַכט; ביידע האָבן זיי געהאַקט שויבן און געשלאָגן יידן.

נאָך עטלעכע חדשים צייט האָט זיך די אַרבעט פון הילפס־קאָמיטעט אין ווילנע פיל פאַרשטאַרקט און אויסגעברייטערט. מען האָט איינגעאָרדנט וואוי־נונגען צום נעכטיקן און אויסגעטיילט מלבושים. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן איינצושטעלן אַ קולטורעלע טעטיקייט. אין דער קיך פון דעם הילפס־קאָמיטעט, זיינען אויסגעטיילט געוואָרן צו די נויטליידנדיקע יידן אין שטאָט איבער 500 מיטאָגן אַ טאָג.

די ליטווישע מאַכט האָט אָבער נישט פאַרגונען די אַרבעט פון דעם פּליטים־קאָמיטעט און געוואָרפן אויף אים אַ בייז אויג. די פּאָליציי איז איין מאָל באַפאַלן דעם לאָקאַל, אַרעסטירט אַ פּאָר צענדלינג מענטשן און אַ סך פון זיי געצוואונגען צו פאַרלאָזן ווילנע און זיי מיט געוואַלד באַזעצט אין אַנדערע שטעט פון דער ליטע, ווי פּאַניעוועזש, אוקמערקע און אַנדערע שטעטלעך. אויף יוספן איז אויסגעפאַלן דער גורל אַריבערצופאָרן קיין אוקמערקע. אויך דאָרט האָט מען איינגעאָרדנט אַ הויז פאַר די פּליטים. יוספן האָט זיך געדאַכט אַז אין ליטע וועט שוין אויסקומען צו פאַרברענגען די מלחמה־צייט. פון ליטע האָט יוסף געשיקט פּעקלעך שפּייז קיין פוילן, און ער פלעגט דערהאַלטן בריוו אַז די פּעקלעך זיינען אָנגעקומען. יוסף האָט דאַן אויך דערהאַלטן אַ בריוו פון זיין שוועסטער צירל, וואו זי האָט אים געשריבן אַז ער איז איר איינציקע האָפענונג. ער האָט זיך אויך דורכגעשריבן מיט זיין פרוי אין פראַנקרייך, און זי האָט אים מודיע געווען, אַז זי באַמיט זיך אים צו ברענגען קיין פּאַריז. יוסף פלעגט דאַן אין ליטע אויך באַקומען בריוו פון אַמעריקע. אויך די גוטע פריינדין מירל האָט זיך דערוואוסט וואו יוסף געפינט זיך. גרויס איז געווען די פריידי און דערמוטיקונג ווען יוסף האָט באַקומען פון איר די ערשטע 15 דאלער. דאָס איז געווען אין אָנפאַנג 1940.

אין ליטע האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַל לעבן אונטער אַ צייט־ווייליקער ליטווישער רעגירונג, אַ פריינדלעכע צו סאָוועט־רוסלאַנד, וועלכע האָט געהאַט אירע מיליטערישע באַזעס אין ליטע. עס איז יוספן אויסגע־קומען ניט איין מאָל רעדן מיט סאָוועטישע זעלנער און אָפיצירן. לויט זייער אויסשטאַטונג האָבן זיי נישט געמאַכט קיין שטאַרקן איינדרוק. אין די געשפּרעכן מיט די סאָוועטישע סאָלדאַטן, ווי אַזוי עס איז מעגלעך אַ פריינדשאַפט צווישן אַ סאָציאַליסטיש לאַנד ווי סאָוועט־רוסלאַנד מיט היטלערס

דייטשלאַנד, פלעגן די סאָלדאַטן ענטפערן בזה הלשון: „אונדזער סטאַלין פירט די פּאָליטיק און אויב ער טוט עס, איז דאָס גוט פאַר אונדז און ס׳וועט זיין גוט״.

אין ליטע זיינען דעמאָלט פאַרגעקומען כלומרשטע וואַלן צום ליטווישן פּאַרלאַמענט. יוסף האָט בייגעוואוינט די וואַלן בעת זיין געפינען זיך אין אוקמערקע. עס האָט פיגורירט איין וואַלצעטל. ס׳איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען דער אויסגאַנג פון די וואַלן: ס׳וועט זיין אַ ליטוויש־סאָוועטישע רעפּובליק.

פאַרשיידנאַרטיק איז אויסגעטייטשט געוואָרן די פּאָליטיק אין יענער צייט. אין יאָר 1940 איז יוסף געווען דעם 1טן מאַי אין ווילנע, וואו מען האָט ביי געדעקטע טישן געפייערט דעם ערשטן מאַי מיט רעדעס און באַגריסונגען. אין זיין רעדע האָט יוסף נאַאיוו, מיט אמתער תמימות אויס־גערופן: „איך בין נישט אימשטאַנד מאַטעמאַטיש, מיט ציפערן צו באַ־ווייזן ווי אַזוי דאָס וועט געשען. איך גלויב אָבער אַז די ישועה אין דער מלחמה וועט קומען פון סאָוועט־רוסלאַנד״.

* * *

די אַרעסטן פון די בונדיסטן האָבן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. די פּאַרפּאַל־גונגען קעגן די חברים האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אין די רייען פון דער בונדישער פּליטים־מאַסע אין ליטע. די פאַרבינדונגען וואָס זיינען איינ־געשטעלט געוואָרן מיט אַמעריקע האָבן געוועקט אַ האָפענונג צו קענען אַרויס פאָרן פון ליטע קיין אַמעריקע. ס׳האָט אַפילו אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישער חלום, אָבער מיט וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיעס האָט זיך דען אַ מענטש דעמאָלט נישט אַרומגעטראָגן?

צוזאַמען מיט די געראַטעוועטע חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין ליטע, האָט יוסף אָנגעהויבן ערנסט טראַכטן זיך צו ראַטעווען קיין אַמעריקע. פּטור ווערן סיי פון דער דייטשישער בעסטיע, סיי פון דער רשעותדיקער סאָוועטישער ג. פּ. או., וואָס טוט פראַנק און פריי איר אַרבעט אויך דאָ אין דער ליטווישער מדינה.

אין ווילנע האָבן די געראַטעוועטע בונדישע חברים זיך נישט אָפּגע־שטעלט פאַר קיין שום שווריקייטן אַריבערצוברענגען זייערע קרובים און פריינד פון דער דייטשישער און סאָוועטיש־אָקופּירטער זייט. איןביידע באַ־הערשטע לענדער האָט איין פּינצטערער גורל דערוואַרט די בונדיסטן און אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּעס. אויך דאָ אין ליטע האָט די ג.פּ.או. געהאַט אַן אויג אויף יעדן געוועזענעם סאָציאַליסט, בונדיסט, אָדער פּועלי־ציוניסט. אָבער ס׳איז דאָך געווען אַ האָפענונג, אַז פון דאַנען, פון ליטע, קען מען זיך

אפשר אַרויסראַטעווען קיין אַמעריקע אויב עס וועט נאָר געלינגען צו קריגן וועלכע עס איז וויזע פון די פרייע דעמאָקראַטישע לענדער. הונדערטער יידישע פליטים זיינען געשטאַנען אויף די גרענעצן, דאָרט וואו די היטלער־מערדער האָבן רעגירט, און אויך אויף די גרענעץ־געביטן, וואו די סאָוועטישע מאַכט האָט באַהערשט. די פליטים האָבן געלעכצט און געגאַרט דורכצורייסן זיך ביידע גרענעצן. אַ סך האָט זיך איינגעגעבן דורכצוגיין ביידע אָקופּירטע גרענעץ־לענדער. נישט איין קרבן איז אָבער געפאַלן פון די קוילן פון די דייטשישע אָדער סאָוועטישע גרענעץ־וועכטער, ווען נאָר זיי האָבן געכאַפּט עמעצן ביי די גרענעצן. לייכטער איז אָנגעקומען ביי דער ליטוויש־סאָוועטישער גרענעץ, די ליטווינער האָבן פאַר געלט דורכגעלאָזן יידישע פליטים. זיי האָבן לכל הפחות זיך געלאָזט אונטערקויפן.

די צאָל וויזעס קיין אַמעריקע, וואָס די פליטים האָבן געקראָגן איז געווען אַ באַגרענעצטע. האָט מען באַשלאָסן פריער צו ראַטעווען די, וואָס מ׳האָט געוואוסט אַז די סאָוועטישע מאַכט זוכט זיי צו אַרעסטירן. די וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען אַלס פירער פון „בונד”, אָדער פּועלי־ציון. דער געיעג אויף בונדיסטן און סתם סאָציאַליסטן איז אָנגעגאַנגען. אַ בונדיסט איז געווען אין געפאַר מיט זיין לעבן ביי די נאַצי־מערדער אין וואַרשע, און פונקט אַזוי ביי די סאָוועטישע מושלים אין דער כלומרשטער זעלבסטשטענדיקער ליטע. דאָס אויג פון דער ג. פּ. או. האָט געזוכט אַ קרבן מערסטנס צווישן די בונדישע גרופּעס.

נו, האָבן די חברים דעריבער זיך באַמיט קודם כל צו ראַטעווען די בונדיסטן וואָס זיינען געווען אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן. עס זיינען געווען אָן אַ שיר שטערונגען, קאָמפּליקאַציעס. אָבער ווער האָט זיך מיט דעם גע־רעכנט? — ראַטעווען, וואָס מער ראַטעווען, אַוועקשיקן קיין אויסלאַנד חברים וואָס זיינען געווען אין געפאַר, היינט־מאָרגן, געכאַפּט צו ווערן פון די סאָוועטישע געהיים־אַגענטן, — דאָס איז געווען דער געבאָט פון דער שעה!

געווען דעמאָלט אַ טאָג, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין יוספס זכרון. געשען איז עס אין ווילנע. חברים האָבן יוספן געוואָרנט אַז ביז אים וועט זיך איינגעבן צו קריגן די וויזע פון דעם סאָוועטישן קאָנסול, זאָל ער זיך וואָס ווינציקער וויזן אויף דער גאַס. מען זוכט אים, פונקט ווי מען זוכט אַ סך פון די חברים בונדיסטן, וואָס געפינען זיך אין ווילנע. זאָל ער בעסער זיצן אין שטוב. יוספן איז דאָס גרינג נישט אָנגעקומען. און אָט קומט יוספן אָן אַ פינצטערע בייס, אַז רבקה פּאַט, די פרוי פון יעקב פּאַט, איז פּלוצעם געשטאָרבן. געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע און אַוועקגעפאַלן. רבקה פּאַט האָט שוין געהאַט געקראָגן די וויזע פון דעם אַמעריקאַנעם קאָנסול צו

פאָרן קיין אַמעריקע, און געוואַרט צו קריגן די דורכפאָר־וויזע פונעם סאָ־וועטישן קאָנסול. זי איז געווען צווישן די גליקלעכע. און אָט האָט דער טויט אָפּגעשטעלט דאָס האַרץ פון אַ נאָענטער חברטע. יוסף האָט אין שטוב נישט געקענט איינזיצן. מען האָט אים געוואָרנט נישט צו קומען אויף דער לוויה, ווייל מ'קען נאָך אים אַרעסטירן. די ג.פּ.או. אַגענטן טשאַ־טעווען און זיי ווענלן זיך זיכער באַווייזן אויפן בית־עולם ביי דער לוויה פון אַ באַקאַנטער בונדישער טוערין.

אָבער יוסף, צוזאַמען מיט נאָך חברים, וואָס האָבן זיך ווי ער אויס־באַהאַלטן, איז יאָ געקומען באַגלייטן צו דער אייביקער רו די חברטע רבקה פּאַט. ער האָט געוואוסט ,אַז דאָס געוויסן וועט אים נישט געבן קיין מנוחה אויב ער וועט בלייבן זיצן אין שטוב. יוסף האָט זיך נישט גע־רעכנט מיט דער געפאַר פון אַרעסטירט צו ווערן און ער איז געקומען אויפן ווילנער בית־עולם פאַרגיסן אַ טרער אויפן טויט פון אַ מענטשן צו וועמען ער האָט אַזוי פיל אַכטונג און ליבע געטראָגן אין האַרצן, און וואָס איז איצט, ערב איר אָפּפאָרן קיין אַמעריקע צו איר מאַן, דעם חבר יעקב פּאַט, פּלוצעם אַזוי ברוטאַל אַוועקגענומען געוואָרן!



# 16



ון דעם סאָוועטיש־נאַצישן גיהנום האָט יוסף מיט זיינע אייגענע איינפאַלן און שטאַרקן ווילן געראַטעוועט דריי נפשות. יוסף האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט ווען עס איז געווען נאָך טעטיק דער פוילישער קאָנסולאַט אין ליטע. יוסף איז אַוועק און אַרויסגענומען אַן אויסלענדישן פּאַס, געוויזן דעם קאָנסול אַ פיקטיוון חתונה־דאָקומענט פון אַ רב אין ווילנע, אַז ער האָט דאָ, מיט אַ צייט צוריק, חתונה געהאַט. נאַטירלעך האָט ער צוגעשריבן צו זיין פּאַס אַלס זיין פרוי די חברטע מרים.

אויף דעם זעלבן פּאַס האָט יוסף אויך צוגעשריבן די יונגע חברטע סטעפע פון דער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש, און אַ יונגן טוער וויקטאָר, אַן אָנפירער פון דער זעלבער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע, וועמען די באָלשעוויסטישע אַגענטן האָבן געזוכט צו אַרעסטירן. סאָוועטישע אַגענטן זיינען שוין אַפילו געווען ביי דעם חבר וויקטאָר אין צימער אינמיטן דער נאַכט, אָבער דער חבר וויקטאָר האָט זיך צום גליק אַרויסגעשאַרט דורך אַ זייטיקער טיר און איז נעלם געוואָרן. וויקטאָר האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי חברים, יעדע נאַכט אין אַן אַנדער הויז. די צוויי יוגנטלעכע, סטעפע און וויקטאָר האָט יוסף דערקלערט אַלס זיינע קינדער. דער פּאַס מיט די נעמען פון די דריי נפשות — דאָס „ווייב״ מרים, די צוויי „קינדער״ סטעפע און וויקטאָר, איז געשטעמפלט געוואָרן און יוסף איז באַזאָרגט געוואָרן מיט די נייטיקע אַרויספאָר־וויזעס.

אין יענע טעג האָט יוסף באַקומען אַ בריוו פון זיין פריינדין מירל אין

ניו יאָרק, אַז דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט” אין ניו־יאָרק באַמיט זיך אַרויסצוראַטעווען אין דער צייט פון דער מלחמה באַקאַנטע יידישע אַרבעטער־טוער פון פוילן וואָס געפינען זיך אין ליטע. דער בריוו מיט דער ידיעה האָט אויסגעזען שוין גאָר נישט ווי קיין פאַנטאַזיע. דאָס האָט דאָך געקענט ווערן אַ ווירקלעכקייט! מירל האָט געשריבן, אַז זי וועט טאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך כדי אַריבערצובריינגען יוספן קיין אַמעריקע.

די לאַגע פון דער מלחמה איז דערווייל געוואָרן ערגער. די דייטשן זיינען געגאַנגען פון זיג צו זיג. די קאָנסולאַטן פון די לענדער וואוהין מען האָט נאָך געקאָנט זיך ראַטעווען האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו שליסן. און ווען יוסף איז איין מאָל אַריינגעקומען אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און דער קאָנסול האָט אים דערקלערט אַז ער איז גרייט אים צו געבן די וויזע קיין אַמעריקע, האָט יוסף די אייגענע אויערן נישט געוואָלט גלויבן. דער קאָנסול האָט געפרעגט יוספן צי ער קען וויליאַם גרינען אין אַמעריקע. יוסף האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט זייער וואויל ווער וויליאַם גרין איז. ער איז דער פרעזידענט פון דער „אַמעריקאַנער פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר”. יוסף האָט דעם אַמעריקאַנער קאָנסול געזאָגט, אַז ער האָט וויליאַם גרינען געטראָפן אויף אַ צוזאַמענפאָר פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען אין פוילן. — „דאָס איז גענוג!” — האָט דער אַמעריקאַנער קאָנסול געענטפערט. — „באַמי זיך אַרויסצונעמען די וויזע וואָס שנעלער, ווייל דער קאָנסולאַט האַלט זיך ביים פאַרמאַכן”.

נאָכן באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע פאַר זיך און די דריי צוגע־שריבענע: מרים, וויקטאָר און סטעפע, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ יאַגעניש און אַ האָוועניש צו באַקומען די טראַנזיט־וויזעס דורך סאָוועט־רוסלאַנד און יאַפּאַן, — דער איינציקער וועג דעמאָלט צו קומען קיין אַמעריקע.

יוסף איז געווען איינער פון די געציילטע, גליקלעכע פּליטים אין ווילנע צו קריגן די טראַנזיט־וויזע פון דעם סאָוועטישן קאָנסול. צום באַדויערן זיינען די סאָוועטישע דורכפאָר־וויזעס פאַר וויקטאָרן און סטעפען פאַרהאַלטן געוואָרן. ערשט שפּעטער, אין אַ צייט אַרום, האָבן זיי די דאָזיקע וויזעס באַקומען אין מאָסקווע. יוסף און מרים זיינען דערווייל אָפּגעפאָרן אָן זיי.

די טראַנזיט־וויזע וואָס יוסף האָט, נאָך פיל שוועריקייטן, באַקומען, האָט אים און מרימען געגעבן די מעגלעכקייט צו פאָרן קיין אַמעריקע דורך סאָוועט־רוסלאַנד און שפּעטער דורך יאַפּאַן.

פאַר דעם סאָוועטישן קאָנסול־הויז אין ווילנע זיינען טאָג־איין, טאָג־אויס געשטאַנען אין לאַנגע רייען מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַסן. ס׳רוב

יידן. עס איז געקומען יוספס ריי. ער איז אַריין אין אַ צימער. יוסף האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען ביי אַ טיש זיינען געזעסן דער קאָנסול און איניקע געהילפן. דער קאָנסול האָט יוספן באַטראַכט, אַ שווייגנדיקער גע־קוקט אויף אים און אָן אַ וואָרט צו זאָגן צוגענומען ביי אים די פּאַפּירן און די צייגענישן. ער האָט נאָך אַ מאָל אַ דרינגלעכן קוק געטאָן אויף יוספן און אַרויסגעזאָגט אין אַ שטרענגן טאָן די געציילטע פּאָר ווערטער: „יאָ, יאָ, עס שטימט. יוסף שאַליט, איר וועט קומען נאָך אַ מאָל אין צוויי טעג אַרום, ניין אַזייגער אין אָוונט. קומט נישט צו מיר, נאָר אויף איין שטאָק העכער, צימער נומער 17״.

דאָס קומען אין אָוונט האָט יוספן נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. יוסף האָט שוין געוואוסט וואָס עס מיינט ווען סאָוועטישע לייט, וואָס זיינען פּאַקטיש די הערשער אין דער כלומרשטער ליטווישער רעפּובליק, הייסן קומען אין אָוונט און נישט אין די אָפיציעלע טאָג־שעהען. יוסף איז די צוויי טעג אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער. אומרואיק זיינען אויך געווען וויקטאָר, מרים און סטעפע ,וואָס זייער גאַנצע האָפענונג זיך אַרויסצוראַ־טעווען קיין אַמעריקע האָבן זיי געהאַט אין יוספן. יוסף האָט שוין גע־וואוסט, אַז אַ סך פון זיינע חברים וואָס מ׳האָט געהייסן קומען אין די אָוונט־שעהען אין דעם קאָנסול־הויז, זיינען פון יענע אָוונט־וויזיטן פאַר־שוואונדן און מען ווייסט נאָך עד היום נישט וואו זייער געביין איז אַהינ־געקומען.

יוסף איז געקומען אין סאָוועטישן קאָנסול־הויז אין צוויי טעג אַרום אין דער באַשטימטער צייט: ניין אין אָוונט ווי מ׳האָט אים געהייסן. ער האָט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט. נישט קומען, וואָלט מען אים גלייך אויפגעזוכט אין שטאָט. דאָס וואָלט זיכער געשמעקט מיט אַרעסטירט ווערן. אַריינקומענדיק אין דעם צימער נומער 17 אויפן דריטן שטאָק, האָט יוסף פאַר זיך דערזען דריי באַאמטע, ציוויל געקליידט. אויפן טיש זיינען געלעגן שוואַרצע רעוואָלווערן מיט די שפּיצן־נעזער צו יוספס זייט. איינער פון די באַאמטע, וואָס איז געזעסן אין דער מיט צווישן די אַנדערע צוויי, האָט שוין קענטיק געוואוסט ווער יוסף איז. ער האָט אַ בליק געטאָן אין די פּאַפּירן און גלייך גענומען פרעגן יוספן איין פראַגע נאָך דער אַנדערער:

— „לייענסט רוסיש?״

— „יאָ״, — האָט יוסף געענטפערט.

— „וואָס פאַר אַ ביכער האָסטו געלייענט?״

— „טאָלסטאָיס און דאָסטאָיעווסקיס ווערק" — האָט יוסף שטיל געענטפערט.

— „וועמען האָסטו געלייענט פון די סאָוועטישע שרייבער?"

יוסף האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט אַז צופיל שווייגן וועט זיין פאַרדעכטיק, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— „איר ווייסט גאַנץ גוט, מיין הער, אַז די פּוילישע מלוכה פון פאַרן קריג האָט נישט אַריינגעלאָזט קיין סאָוועטישע ביכער. ווי אַזוי האָב איך געקענט לייענען די סאָוועטישע שרייבער?"

ביי די פראַגן וועגן לייענען, האָט דער אויספאָרשער מיט די גאָר־נישט זאָגנדיקע קאַלטע אויגן און פאַרגליווערטן פּנים געקוקט אויף יוספן. געקוקט און געשוויגן. לסוף איז ער אַריבער אין פרעגן יוספן וועגן זיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. יוסף האָט נאַטירלעך געלייקנט אַז ער איז געווען אַ מיטגליד אין „בונד", אָדער אין אַ וועלכער עס איז אַנדערער סאָציאַליס־טישער אָרגאַניזאַציע. דער אויספאָרשער איז געבליבן אומצופרידן.

— „דו זאָגסט ליגן!" — האָט דער מאַן מיט די קאַלטע אויגן אַ זאָג געטאָן צו יוספן. — „דו מוזט זאָגן דעם ריינעם און בלויז דעם ריינעם אמת. גיי אַהיים. קום מאָרגן, ניין אין דערפרי. די טראַנזיט־וויזעס וועסטו מסתמא שוין ניט קריגן. דו זאָגסט נישט דעם אמת. יעדער ייד געהערט צו אַ פּאַרטיי, דערציייל מיר נישט קיין מעשות!"

אַ צעבראָכענער איז יוסף אַרויס פון דעם סאָוועטישן קאָנסול־הויז. די קני האָבן זיך אים אַזש אונטערגעבראָכן. ער האָט קוים זיך גע־שלעפּט איבער די גאַסן, ער האָט מורא געהאַט אַהיימצוגיין. יעדע ווײַלע האָט ער זיך אומגעקוקט צי מען גייט אים נישט נאָך. דער גורל מיינער — האָט יוסף געטראַכט — איז שוין פאַרזיגלט. איך וועל זיך שוין פון די סאָוועטישע מערדער־באַנדעס נישט אַרויסרייסן. אַז זיי דערשמעקן אַ בונדיחט, וועלן זיי אים שוין קירצן די יאָרן. דאָך אין גאַנצן אָפּלאָזן זיך, איינגאַנצן מיאש־זיין? ווער ווייסט? אפשר איז אים באַשערט יאָ צו קריגן די טראַנזיט־וויזע פאַר זיך און פאַר די דריי נאָענטע, פאַר מרימען, סטעפען און וויקטאָרן?

צומאָרגנס איז יוסף ווידער געקומען פּינקטלעך. כאָטש ער האָט גע־וואוסט אַז ער שטעלט איין זיין לעבן גייענדיק צו דעם סאָוועטישן קאָנסול־הויז. אָבער ער איז געקומען. גענעכטיקט האָט ער יענע נאַכט אין אַן אַנדער וואוינונג, ביי אַ ווילנער יידן, אַ שוסטער, מיטן נאָמען ר' יאַנקל. אַ טייערער ייד, ר' יאַנקל, ער האָט יוספן געלאָזן איבערנעכטיקן און אים נאָך געגעבן פון זיין אָנגעשפּאָרט ביסל שפּייז אַ געשמאַקן אָנבייסן. ווי

ס׳רוב ווילנער יידן, איז דער דאָזיקער ר׳ יאַנקל געווען אַן איש טוב, גאַסטפריידלעך ביז גאָר. דער דאָזיקער ייד האָט גאָרנישט געפרעגט וואָס און ווען. ער האָט אַ זאָג געטאָן אויף זיין געשמאַקן ווילנער יידיש:

— „מהיכא תיתי, איר קענט דאָ נעכטיקן. צו העלפן אַ יידן דאַרף מען תמיד זיין גרייט!"

דאָס מאָל, ווען יוסף איז אַריין אין קאָנסול־הויז און געוויזן דאָס צעטעלע וועמען ער דאַרף זען, האָט אים דער מאַן ביים טיש געשיקט אין אַן אַנדער צימער, נומער 38. יוסף געדענקט גוט דעם דאָזיקן נומער, דעם צימער און דעם נייעם אויספאָרשער מיט דעם קרענקלעך־שלעכטן אויסזען. דאָס איז געווען דער קאָנסול אַליין. קענטיק אַ ייד. לעבן אים איז געזעסן דער פריערדיקער אויספאָרשער, דער מאַן מיט די גזלנישע קאַלטע אויגן, וואָס האָט יוספן געפאָרשט מיט צוויי נעכט פריער.

דער קאָנסול מיטן קרענקלעכן אויסזען האָט אַ קוק געטאָן אויף יוספן און אין דעם צעטל. ווידער אַ קוק געטאָן אויף יוספן, און ווידער אַ בליק געטאָן אין צעטל. איצט האָט ער אָנגעהויבן בלעטערן פאַפּירן אויפן טיש. בשעת־מעשה האָט ער שטילערהייט זיך דורכגערעדט מיטן שכן זיי־נעם, וואָס האָט יוספן מיט צוויי טעג פריער באַשולדיקט, אַז ער זאָגט נישט דעם אמת.

פּלוצעם האָט דער קאָנסול אַ פרעג געטאָן יוספן מיט רוגזה:

— „פאַרוואָס פאָרסטו קיין אַמעריקע?"

יוסף האָט דערוואַרט אַזאַ מין פראַגע, פריער אָדער שפּעטער. שטיל, און מיט אַ זיכערער שטים האָט יוסף געענטפערט:

— „איך פאָר קיין אַמעריקע מיט מיין ווייב און קינדער, ווייל איך האָב דאָרט קרובים. איך בין מיד פון דער מלחמה. דערצו בין איך אַ קראַנקער מענטש."

דער קאָנסול האָט ווייטער געפרעגט:

— „צו וועלכער פאַרטיי געהערט איר, יוזעף שאַליט? צום „בונד"? זייט זיך מודה."

יוסף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: — „ניין, איך געהער נישט צום בונד".

— „אפשר געהערט איר צו דער פּ.פּ.ס?"

— „איך בין אַ ייד", — האָט יוסף געענטפערט. „ווי קען גאָר אַ ייד געהערן צו דער פּ.פּ.ס.?"

דער קאָנסול איז נישט נתפעל געוואָרן פון יוספס ענטפער. ער האָט

זיך צעהוסט און דאָס קרענקלעכע פּנים זײַנס איז געװאָרן רויט. מיט כּעס האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— „דערצײל מיר נישט קײן מעשׂות, ייִד אָדער נישט ייִד! און װאָס איז ליבערמאַן? איז ער אַ ייִד צי נישט? ליבערמאַן געהערט צו דער פּ. פּ. ס.!".

יוסף האָט געשװיגן, זיך געמאַכט תּמעװאַטע. נאָך אַ װײַלע שװײַגן האָט יוסף מיט נאַאיװקייט געזאָגט:

— הער קאָנסול, איך פֿאַרשטײ נישט אײער באַמערקונג װעגן ליבערמאַנען. איך קען גאָרנישט אַזאַ נאָמען. װײַל איך בין קײן מאָל נישט געװען קײן פּאַרטײ־מאַן". דער קאָנסול האָט יוספֿן איבערגעשלאָגן:

— „נו, אַלע ייִדן זאָגן ליגן!"

דאָס האָט יוספֿן אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. ער האָט געװאָלט עפּעס זאָגן, ענטפֿערן אים, דעם פֿאַרקויפֿטן ייִדיש־סאָװעטישן מושל און אים דערצײלן װאָס ער טראַכט פֿון אים. אָבער ער האָט זיך דערמאָנט װאו ער איז און גענומען רעדן װי שװאַך ער איז אין געזונט. פּלוצעם האָט יוסף זיך דערמאָנט אָן דער אָפּעראַציע װאָס ער האָט דורכגעמאַכט מיט יאָרן צוריק. דער סימן װאָס איז געבליבן פֿון דער אָפּעראַציע אויף זײַן לײַב. נישט טראַכטנדיק קײן סך האָט יוסף אויפֿגעשפּילעט דאָס העמד, לויז געמאַכט די הויזן, און װײַזנדיק דעם צײכן אויף דער רעכטער זײַט פֿון בויך, מיט טרערן אין די אויגן אַ זאָג געטאָן:

— „נאַט, זעט, ליבער הער, האָט רחמנות. כ'בין אַ קראַנקער מענטש נאָך אַן אָפּעראַציע, גיט מיר די מעגלעכקייט פֿאָרן מיט מײַן פֿרוי און קינדער קײן אַמעריקע".

דורך די טרערנדיקע אויגן האָט יוסף געזען װי די װערטער זײַנע האָבן װײך געמאַכט דאָס האַרץ פֿון דעם אַלײן־קראַנקן סאָװעטיש־ייִדישן קאָנסול. קען זײַן מחמת דעם װאָס ער, דער קאָנסול, אַלײן אַ קראַנקער מענטש, איז געװאָרן װײך, און בעת ער האָט באַטראַכט די פֿאַרהײלטע װאונד אויף יוספֿס לײַב, האָט עס אים גערירט. און אפֿשר האָט דער ייִד אין אים זיך אָפּגערופֿן אין זײַן האַרצן און אויפֿגעװעקט אין אים דאָס אײביק־ייִדישע רחמנות־געפֿיל, װאָס אַ ייִד טראָגט דאָך אין האַרצן, װאו ער זאָל נישט זײַן? אַזוי צי אַזוי, יוסף האָט באַמערקט װי דער קאָנסול האָט שטילערהײט זיך גענומען באַראַטן מיט זײַן שכן, דעם מיט די קאַלטע גזלנישע אויגן. יוסף האָט אויפֿגעכאַפּט די װערטער:

— „אַזאַ אײנער װעט אין אַמעריקע נישט אַרבעטן קעגן סאָװעטן פֿאַרבאַנד."

ז׳ער קאָנסול האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו יוספן:

— נו, גוט. געדענקט און רעדט נישט קיין שלעכטס אויף דעם סאָ־וועטן־פאַרבאַנד, אויף די פעלקער פון ס.ס.ס.ר. וואָס זיינען פריינד פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער און די פריינד פון דער מענטשהייט״.

ווי אין אַ נעפל האָט יוסף געהערט דערנאָך אַ לאַנגע רעדע פון דעם קאָנסול וועגן די גרויסע מעלות און אויפטועז לטובת דער מענטשהייט מצד דער סאָוועטישער מלוכה.

יוסף האָט איינגעצאָלט די נייטיקע סומע. אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד האָט אים באַהערשט בעת דער קאָנסול האָט אים דערלאַנגט דעם פּאַס מיט דער אָפּגעשטעמפּלטער טראַנזיט־וויזע. ער איז אַרויסגעלאָפן פונעם קאָנסול־הויז און שנעל געטראָגן די גוטע בשורה צו זיינע באַענטע.



# 17



אַס יוסף און מרים זיינען דורכגעגאַנגען פאָרנדיק פון ווילנע ביז וולאַדיוואָסטאָק, איז איין לאַנגע קייט פון פּחד און גרויל. און נאָר דער שטאַרקער ווילן צו בלייבן לעבן, וואָס יעדער בשר ודם פאַר־מאָגט, האָט באַוויזן דעם גרויסן נס, וואָס ענדלעך האָבן יוסף און מרים געקענט פאַרלאָזן דעם סאָוועטישן גן־עדן. דאָס איז געווען דעם 22סטן סעפּטעמבער, 1940, ווען זיי זיינען אָפּגעפאָרן פון ליטע צו דער סאָוועטיש־ליטווישער גרענעץ.

גלייך אין אָנהייב פון זיין נסיעה, ביי דער סאָוועטישער־ליטווישער גרע־נעץ, איז אויף יוספס באַגאַזש געמאַכט געוואָרן אַ רעוויזיע. די סאָוועטישע גרענעץ־זשאַנדאַרמען האָבן געזוכט און גענישטערט אין די פּאַפּירן, אין די וואַליזעס, אין די קליידער, און אַפילו אין די קערב מיט עסנוואַרג וואָס יוסף האָט מיטגענומען אויפן וועג. אין ליטע איז אין יענע יאָרן געווען וואָס צו עסן. פון דעם עסנוואַרג האָבן די סאָוועטישע לייט נאָר צוגענומען אַ פּאָר ציטרינעס. עד היום קען יוסף ניט פאַרשטיין פאַרוואָס די זשאַנדאַרמען האָבן געוואָרפן אַן אויג בלויז אויף די ציטרינעס און נישט אויף די אַנדערע גע־שמאַקע עסנוואַרג, וואָס ער האָט מיטגעפירט. צווישן די פּאַפּירן האָבן די גרענעץ־וועכטער געפונען ביי יוספן אַן אַלטן רוסישן פּאַס, נאָך פון די צייטן פונעם צאַר ניקאָליי, בעת פוילן האָט נאָך געהערט צו דער פריערדיקער רוסישער ממשלה. אין דעם דאָזיקן אַלט־רוסישן פּאַס איז אויך געלעגן דער בילעט וואָס האָט געהאַט די חתימה אַז ער איז פריי פון מיליטער־דינסט.

דער צאַרסקער פּאַס האָט די יונגע סאָוועטישע באַאַמטע ביים גרענעץ אינגאַנצן צעטומלט. זיי האָבן יוספן מיט מרימען געלאָזן פריי צו פאָרן ווייטער, נאָר פאַרן אָפּלאָזן זיי האָט איינער פון זיי אַ פרעג געטאָן יוספן:

— „בירגער יוזעף שאַליט, צו וואָס טראָגסטו אַרום אָט דעם אַלטן צאַרסקן פּאַס ?"

— „אַזוי זיך", — האָט יוסף אַ דערשראָקענער געענטפערט, — „אַ דאָקומענט אַזאַ, צו ווייזן מיין ריכטיקן נאָמען".

— „דו דאַרפסט עס נייטיק האָבן ? אפשר וועסטו דעם פּאַס בעסער אונדז איבערלאָזן ?"

— „איך קען אייך איבערלאָזן דעם צאַרסקן פּאַס, אויב איר ווילט".

דער עלטסטער פון די באַאמטע האָט געענטפערט :

— „נו, אַ דאַנק." — ער האָט דעם פּאַס מיט די שפּיץ־פינגער, זייער איידל און פאָרזיכטיק, איינגעפּאַקט אין אַ פּאַפּיר ווי אַן אבן־טוב.

די גאַנצע צייט וואָס יוסף און מרים האָבן זיך געפונען אויף דער רוסי־שער טעריטאָריע, האָבן זיי געלעבט אין שרעק. די גרענעץ־וועכטער האָבן זיי טאַקע פריי געלאָזן. אָבער אין סאָוועט־רוסלאַנד גופא קען מען, ווי ס'איז באַוואוסט, געפינען וועמען מען וויל. אַפילו אין דעם וויטסטן סיבירער דערפל. און אַפילו אויפן באַן פאַרנדיק האָט דער פּחד יוספן און מרימען נישט אָפּגעלאָזן. זיי האָבן ממש געלעבט אין טויט־שרעק. אָט־אָט און מען נעמט זיי אַראָפּ פון דער באַן ביי דער נאָענטסטער סטאַנציע. אין מאָסקווע האָט יוסף געהאַט גענוג פריינד און חברים. אַפילו זייערע אַדרעסן. אָבער יוספן איז נישט איינגעפאַלן וועמען עס איז אויפצוזוכן, בעת ער האָט זיך געפי־נען אין מאָסקווע. ער האָט פשוט מורא געהאַט צו טראַכטן דערפון.

עלף טעג האָט געדויערט די רייזע פון מאָסקווע קיין וולאַדיוואָסטאָק. אויף אייניקע סטאַנציעס זיינען אַריין ג.פּ.או־ניקעס. גאָר אָפט פלעגן זיי צוגיין צו איינעם פון די פּאַסאַזשירן און אים אַראָפּנעמען פון באַן בלויז פרעגנדיק זיין נאָמען. מיט יעדן טאָג זיינען אין וואַגאָן געבליבן אַלץ ווייניקער פּאַסאַזשירן. אַ טייל שטייגן אויס, און אַ טייל ווערן פּראָסט און פשוט אַראָפּגענומען שטילערהייט. דורך דער גאַנצער צייט פון פאָרן אויפן באַן איז מוראדיק שטיל. מען פילט בשום אופן נישט די היימלעכקייט, די פריינדשאַפט וואָס עס שאַפט זיך צווישן פּאַסאַזשירן וואָס פאָרן צוזאַמען אויף אַ לאַנגער נסיעה. פאָרנדיק אין באַן האָט יוסף געטראַכט פון זיינע יונגע בחורישע יאָרן אין וואַרטע, אין די יאָרן 1903־1904, ווען דער פּחד אין שטאָט איז געווען גרויס בעת מען האָט געזען די רוסישע צאַרישע טשי־נאָווניקעס. איצט, מיט די סאָוועטישע, די מיט די שטערנדלעך און שפּיציקע היטלען, איז דער פּחד נאָך גרעסער. יעדעס מאָל ווען עס איז פריי געוואָרן אַ פּלאַץ אין וואַגאָן נאָך דעם באַזוך פון די סאָוועטישע ג.פּ.או. איז די שטיל־קייט נאָך דעם צווישן די פאַרבליבענע פּאַסאַזשירן געוואָרן פול מיט פּחד.

אין אָט נאָך אַ פיר־פינף טעג פאָרן אויף דער באַן, הערט יוסף, אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, אויסרופן זיין נאָמען: — „יוזעף שאַליט!״ „יוזעף שאַ־ליט!״ — הילכט עס איבערן גאַנצן וואַגאָן. עס האָבן יוספן גענומען ציטערן הענט און פיס. אַלע פּאַסאַזשירן דרייען אויס די קעפּ צו יוספן. די פּנימער פון די פּאַסאַזשירן קוקן אויס דערשראָקענע.

יוסף שווייגט, ווייל ער איז צעטומלט און ווייסט ניט וואָס צו טאָן, זיך אָפּרופן אָדער נישט. ער ווייסט אָבער, אַז דאָ איז ניט שייך זיך צו באַהאַלטן. דער פּאַס מיט די וויזעס געפינען זיך ביים הויפּט־באַן־באַאַמטן. האָט יוסף זיך אַ שטעל געטאָן, און זיך אַליין געמאָלדן צו דעם באַן־באַאַמטן וואָס האָט זיין נאָמען אויסגערופן שוין אייניקע מאָל.

— „איך האָב געדרעמלט״ — האָט יוסף זיך פאַרענטפערט, — „דערפאַר האָב איך נישט געהערט אויסרופן מיין נאָמען״.

— „כאַראַשאָ!״ — גיט דער געהיים־אַגענט אַ מורמל אונטערן נאָז, — „יוזעף שאַליט, מען האָט ביי דיר, ביי דער ליטוויש־סאָוועטישער גרענעץ דיין צאַרסקן פּאַס צוגענומען, איז אָט האָסטו דיר אים, דיין צאַרסקן פּאַס צוריק. מיר דאַרפן אים ניט!״

יוסף האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט, ער האָט געדאַנקט דעם באַאַמטן, אָבער די שרעק האָט זיך פון אים נאָך אין גאַנצן נישט אָפּגעטאָן, ביז ער איז פּטור געוואָרן פונעם צאַרישן פּאַס וואָס האָט אים אַזוי פיל פּחד פאַרשאַפט. שפּעטער, זיצנדיק לעבן פענצטער פון וואַגאָן, האָט יוסף צעריסן דעם דאָזיקן אַלט־צאַרישן פּאַס אויף פּיצלעך. די צעריסענע פּאַפּירלעך האָט ער אַרויס־געוואָרפן דורכן פענצטער אויף די פעלדער פון סיביר, — „זאָל עס זיין אַן אָפּקומעניש פאַר עפּעס ערגערס,״ — האָט יוסף אַ טראַכט געטאָן.

וואָכן לאַנג האָט געדויערט די נסיעה. זיי זיינען דורכגעפאָרן די שטעט: מינסק, מאָסקווע, סווערדלאָווו, בריסק טאַטאַרסק, קראַסנאַיאַרסק, בייקאַל, איר־קוטסק, טשיטאַ, קוּבישעוו, בירא־בידזשאַן א״אַנד. טעג און נעכט זיך גע־שלעפּט אויף די רוסישע באַנען, דורך פאַרשנייטע וועגן, וועלדער און פעל־דער ביז זיי זיינען ענדלעך אָנגעקומען אין דער שטאָט וולאַדיוואָסטאָק.

פון וולאַדיוואָסטאָק איז דער וועג קיין יאַפּאַן שוין געווען נאָענט. יוסף און מרים האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. די מלחמה־גרוילן און דאָס גע־שפּענסט פון דעם דיקטאַטאָרישן לאַנד מיט דעם פּחד פון טויט און פאַרלענ־דונג איז געלעגן הינטער זיי. מיט פרייד זיינען זיי אַרויף אויף דער יאַפּאַ־נישער שיף „העיאַן מאַרו״, וואָס האָט זיי געבראַכט אין דעם פרייען לאַנד אַמעריקע, אין דער שטאָט סיאַטל, וואַשינגטאָן.

# 18



די ערשטע באַגעגעניש יוסעפס מיט אַמעריקאַנער יידן און מיט זיינע לאַנדסלייט און פריינד, איז פאָרגעקומען אין שיקאַגאָ. דאָ האָט ער אויך באַגעגנט זיין יוגנט־פריינד, משה צעשינסקי.

מען האָט יוסעפן אויפגענומען אין שיקאַגאָ מיט אַ סך פריינדשאַפט. די זעלבע פריינדשאַפט האָט מען אַרויסגעוויזן אַנדערע יידישע פליטים מיט וועלכע יוסף איז געקומען. מען האָט אויף זיי געקוקט מיט גרויס פאַרוואונדערונג. אין יעדן פליט האָט מען ממש געזען אַ לעבעדיקן נס. אַרויסצורייסן זיך פון די נעגל פון די נאַצי־מערדער איז טאַקע געווען אַ נס מן השמים. צווישן די וואָס זיינען געקומען באַגעגענען די פליטים איז געווען ד״ר ב. אייסאָראָוויטש, דער אַלט־באַקאַנטער בונדישער טוער, וועמען יוסף האָט אַזוי גוט געקענט נאָך פון יענער זייט ים.

די ערשטע טעג, טרעטנדיק אויף די גאַסן פון דער שטאָט שיקאַגאָ, האָט יוסף געפילט אי פרייד, אי טרויער. פרייד — וואָס ער טרעט אויף דער ערד פון דעם פרייען לאַנד אַמעריקע. טרויער — טראַכטנדיק פון די נאָענטע און אייגענע וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אין פוילן. ווער ווייס וואָס עס דערוואַרט זיי אַלע דאָרט! ווער ווייס וואָס די נאַצי־מערדער גרייטן זיך צו טאָן מיט זיי און מיט אַלע יידן אין פוילן!

ענדלעך איז יוסף אָנגעקומען אין ניו־יאָרק, די וועלט־שטאָט וועגן וועלכער ער האָט אַמאָל געחלומט זי צו באַזוכן אַלס דעלעגאַט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין וואַרטע, נאָר צוליב עפּעס אַ מניעה איז עס דעמאָלט נישט צושטאַנד געקומען.

איצט איז יוסף אַהערגעקומען אַלס פּליט. משפּחה, קרובים אין אַמע־ריקע האָט ער נישט געהאַט. אָבער חברים און פריינד און אַפילו אינטימע פריינד האָט יוסף געוואוסט, אַז ער פאַרמאָגט דאָ אַ סך. כאָטש ער האָט יאָרן לאַנג מיט זיי נישט געפירט קיין קאָרעספּאָנדענץ.

ניו־יאָרק האָט אויף יוספן קיין אויסערגעוויינלעכן איינדרוק נישט גע־מאַכט, אַפילו נישט די וואָלקנקראַצערס. דער גרעסטער וואונדער איז פאַר אים געווען דאָס גרינס, די שיינע פּאַרקן, די הויכע ביימער, נאָך גרין־צע־בליטע, כאָטש עס איז שוין געווען שפּעטער האַרבסט.

ער האָט זיך שטענדיק פאָרגעשטעלט אַז אַמעריקע איז איין גרויסע פאַבריק, און צום סוף האָט ער גאָר דערזען גראָז, ממש גרין גראָז, ביימער, און געהערט דאָס צוויטשערן פון פייגל.

אָנגעקומען אין דער שטאָט ניו־יאָרק איז יוסף אין אַ זוניק־שיינעם טאָג אין חודש נאָוועמבער פון יאָר 1940. ער איז געווען צווישן די ערשטע יידישע פּליטים וואָס דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט אַרויסגע־ראַטעוועט פון אייראָפּע. מ'האָט טאַקע זיך געמוטשעט, און אַ סך דורכ־געמאַכט אויף דער לאַנגער נסיעה דורך רוסלאַנד און יאַפּאַן, — אָבער אַבי מ'איז אָנגעקומען בשלום. אין האַרצן האָט זיך יוסף אויך געפרייט וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען מרימען. זי האָט געהאַט אַ ברודער אין ניו־יאָרק. „אויך גוט", — האָט יוסף געטראַכט, האָט ער כאָטש עמעצנס אַ קרוב, צוליב מרימען. ער האָט געפילט ווי איר קרוב איז אויך זיינס אַ קרוב. ער האָט, אַ דאַנק מרימען, זיך געפילט ווינציקער עלנט אין דעם פרעמדן ניו־יאָרק.

די וואָס האָבן אים און מרימען באַגעגנט, האָבן געוואָלט וויסן כאָטש אַ שטיקל ידיעה פון זייערע קרובים אין פּוילן. האָבן זיי געזען דעם? יענעם? לעבט ער, אָדער איז ער חלילה אומגעקומען? ווער האָט זיך גע־ראַטעוועט? און ווער איז דאָרט געבליבן? — יוסף האָט געזוכט צווישן די וואָס זיינען געקומען אים באַגעגענען, מירלען, די אַמאָליקע נאָענטע פריינ־דין זיינע. ער האָט געקוקט אין אַלע זייטן, אָבער צו זיין גרויסער אַנטוישונג האָט ער מירלען נישט געזען. אַנשטאָט מירלען איז גאָר געקומען איר מאַן, שמחה. שמחה האָט יוספן קאַלט באַגריסט, געגעבן שלום־עליכם און ווינציק וואָס גערעדט. זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט אָן ווערטער. יוסף האָט געפילט אַז צופיל באַגייסטערט מיט זיין קומען איז שמחה נישט. שמחה האָט אַ מורמל געטאָן אונטערן נאָז, אַז מירל איז פאַרנומען מיטן קינד, דעריבער האָט זי נישט געקענט קומען אים באַגעגענען. יוסף האָט געפילט אַז דאָס איז בלויז

אַ תירוץ. מסתמא האָט שמחה שוין אַזוי געמאַכט אַז מירל זאָל נישט קענען קומען אים באַגעגענען.

די פּליטים האָבן זיך אַריינגעקליבן אין פאַרשיידענע היימען וואָס דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט פאַר זיי באַזאָרגט. יוסף און מרים האָבן געקראָגן צוויי באַזונדערע צימערן אין זעלבן האָטעל, ערגעץ אין מאַנהעטן. זיי האָבן זיך פאַרשריבן ווי מאַן און ווייב, אָבער געלעבט באַזונדער.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט געהאָלפן יוספן ווי ער האָט געהאָלפן אַלע פּליטים וואָס האָבן געקראָגן אַ מקום־מקלט אין אַמעריקע. שפּעטער האָט יוסף געוואוינט ביי איינעם פון די פּליטים, וואָס האָט געהאַט אַ פאַמיליע, און וואָס האָט אַ דאַנק דעם געקראָגן אַ דירה פון פינף צימערן. די וואוינונג האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דעם שיינעם טייך האָדסאָן. מרים ווידער, האָט געקראָגן אַ דירה ביי אַ צווייטן חבר פון די פּליטים־גרופּע ערגעץ אין די בראָנקס.

אין יענע ערשטע טעג, ווען יוסף און מרים האָבן זיך נאָך געפונען אין דעם האָטעל מיט אַלע פּליטים, האָט מירל אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר.

דאָס גלעקל האָט דאָס מאָל לאַנג געקלונגען. יוסף איז מיט אַ האַרץ־קלאַפּעניש געלאָפן עפענען די טיר. מירל איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע און מיט פאַרוואונדערטע אויגן געקוקט אויף אים. זיי זיינען אַריינגעפאַלן איינער אין אַנדערנס אָרעמס און זיך צעקושט. מירל האָט זיך אין די פאַר יאָר אַ סך געענדערט. עלטער און פולער געוואָרן אויפן פּנים. די זעלבע מירל, און — נישט די זעלבע, עס איז געווען זאָרג און טרויער אין אירע אויגן. זי האָט קיין סך נישט געדאַרפט דערציילן. יוסף האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען. זי איז ווייט פון צו זיין גליקלעך. מיט פאַרדרוס האָט מירל יוספן איבערגעגעבן אַז שמחה האָט שוין אַזוי געדרייט און אויסגעפּלאַנט אַז זי זאָל נישט קענען זען יוספן ביים אָנקומען אין ניו־יאָרק. איין שטיקל פרייד אין האַרצן פאַרמאָגט זי איצט, — דאָס קינד אירס, לייבעלע. אוי, יוסף מוז קומען זען דאָס קינד!

קיין גרויס פאַרגעניגן האָט יוסף נישט געהאַט ווען שמחה איז איין מאָל געקומען און גענומען יוספן צו זיך אַהיים אויף וועטשערע. יוסף האָט נישט געקענט פאַרטראָגן שמחהס קאַלטקייט, דאָס שטענדיקע שווייגן זיינס און זיין נערוועזן כסדרדיקן רייכערן ציגאַרעטלעך. באַזונדערס האָט יוספן שאָקירט שמחהס מבטל־זיין אַלץ און אַלעמען.

דערווייל זיינען וויקטאָר און סטעפע, יוספס „קינדער", וואָס זיינען אָפיציעל געווען פאַרשריבן אויף זיין פּאַס, אויך אָנגעקומען אין ניו־יאָרק. מאָדנע ,ווי דאָס גרויסע ניו־יאָרק האָט זיי אַלעמען צעשפּרייט. יעדער האָט

געוואוינט אין אַ באַזונדער געגנט פון שטאָט. מ׳פלעגט זיך בלויז טרעפן אַ מאָל. מרימען האָט יוסף געזען אָפטער ווי די „קינדער״.

ביים באַגעגענען זיך מיט די נייע באַקאַנטע, היימישע בונדיסטן און טוער אין דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, פלעגן די חברים יוספן אָפט אַ פרעג טאָן:

— „נו, ווי גלייכסטו אַמעריקע ?״

יוסף האָט געהויבן מיט די פלייצעס און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. נישט וואַרטנדיק אויף יוספס ענטפער פלעגן די פריינד אים זאָגן:

— „וועל, יוסף, אַ לעבן וועסטו דאָ מאַכן, וועסט זיין אָל־רייט !״

די דאָזיקע רייד פלעגן יוספן שטעכן אין האַרצן:

— „כ׳בין נישט געקומען דאָ מאַכן אַ לעבן !״ — איז געווען יוספס ענטפער אויף זייער טרייסטן אים. — „כ׳בין געקומען נאָר אויף דער־וויילֿ״.

יוסף האָט טאַקע נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז ער וועט שוין אויף שטענדיק בלייבן אַ היגער. ער פלעגט נישט אויפהערן צו טראַכטן פון דאָרטן. דאָס וואָרט „דאָרטן״ איז נישט אַרויס פון זיין געדאַנק.

יאָ, ווער ווייס וואָס עס טוט זיך מיט די יידן אין פוילן אונטער היטלערן, ימח שמו ! מיטן גאַנצן האַרצן, מיט זיין גאַנצן וועזן האָט יוסף זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט עפּעס צו טאָן פאַר די אומגליקלעכע יידן, וואָס שמאַכטן אין פוילן.

* * *

עס איז אין יענע טעג אָנגעקומען אין ניו־יאָרק דער חבר אַרטור זיגעלבוים, דער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און זיך דורכגעריסן דורך אַלערליי געפאַרן און גרענעצן, איז אַוועק קיין דייטשלאַנד, געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט די נאַצי־מערדער, און לסוף איז ער דאָך בשלום אָנגעקומען קיין אַמעריקע. זיגעלבוים האָט געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון די פאַר־פייניקטע יידן אין וואַרשע. יוסף האָט גוט פאַרשטאַנען דעם חבר אַרטור זיגעלבוימס טענות, אַז די יידן דאָ טוען נישט גענוג, אַז מ׳דאַרף דאָ אַנדערש לעבן. חוץ שיקן געלט דאַרף מען דאָ פרייוויליק לעבן אויף ברויט מיט וואַסער און פּראָסט־פּשוט ברענגען די זעלבע קרבנות ווי זיי דאָרטן אין דעם האַלב־חרובן פוילן. באַזונדערס דאַרפן דאָס טאָן די היגע געטרייע בונדיסטן. ווי דען אַנדערש ? וואָס מיינט דען „בונד״ — אויב נית ברענגען קרבנות ? אויב ניט דינען מיטן אייגענעם לעבן דער אידייע פון אויס־לייזונג ?

יוספן האָט ווײ געטאָן ווען ער האָט געזען, ווי דאָ אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס הערשט שנאה, ברידער־קאַמף, לינקס און רעכטס, אַנשטאָט אינטערנעציאָנאַלע סאָלידאַריטעט.

עס לויפן וואָכן, חדשים. יוסף זעט ווי דאָס רוב חברים, די נאַר־וואָס אָנגעקומענע פּליטים, אָרדנען זיך איין צו ביסלעך, קומען אָן אין שעפּער, פאַרדינען און „מאַכן אַ לעבן". מען ווערט „אָל־רייט". מען בענקט טאַקע אַהיים און מען שרייבט בריוו. די ידיעות וואָס קומען אָן זיינען אַלץ ער־גער, דאָך — לעבט מען דערוייל. וואָס קען מען טאָן? מען שיקט הילף און מען טרייסט זיך, אפשר וועט אַ נס געשען און די נאַציס וועלן דאָך סוף כל סוף באַזיגט ווערן!

יוסף אָבער נעמט אַנדערש אויף די שלעכטע ידיעות וואָס קומען אָן פון פּוילן. ניין! ער קען נישט בלייבן גלייכגילטיק. יוסף גייט אַרום און טראַכט: קאָמוניסטן נעמען אויף גלייכגילטיק די מלחמה מיט היטלערן, ימח שמו. פאַרוואָס? ווייל סאָוועט־רוסלאַנד האָט אַן אָפּמאַך מיט נאַצי־דייטשלאַנד. נאַציזם ווערט מיט אַ מאָל אַ געשמאַק־זאַך, ווי מאָלאָטאָוו זאָגט בפירוש אָן שום בושה. אויך די הילף פון די אַמעריקאַנער יידן איז ווייט נישט גענוג. וואָס בלייבט צו טאָן? מ'דאַרף זיך ווענדן צו אַלע יידן, אָן אונטערשייד, פרומע און נישט פרומע.

„לאָמיר פאַרטאָפּלען די הילף!" — האָט יוסף אין געדאַנק ווי געוואָרפן זיינע נאָענטסטע, די לאַנדסלייט פון זיין היימשטאָט. „לאָמיר אויפרודערן דעם דעת־הקהל, לאָמיר שרייען אין די גאַסן! לאָמיר נישט רוען!"

יוסף קומט אָן אַרבעטן אין אַ שאָפּ. ער מוז דאָך האָבן פון וואָס צו לעבן. אָבער גלייך נאָך דער אַרבעט, יעדעס פּיצל פרייע צייט וואָס ער האָט פאַר זיך, גיט ער אַוועק פאַר די יידן אין פּוילן, פאַר די חברים, איבערגעבליבענע אין דעם גיהנום. ער פאַרגעסט אויך נישט אין רבקהן. ער טראַכט אָפט ווי אַזוי צו העלפן איר מאַטעריעל. אים געלינגט, דורכן רויטן קרייץ דורכצושרייבן זיך מיט רבקהן. ער באַקומט בריוו. רבקה האָט אַלץ באַנומען. דאָס איז איין לאַנגע פאַרוויקלטע קייט פון געשעע־נישן. ער האָט געמוזט פאַרשרייבן מרימען אַלס זיין ווייב כדי צו קענען ראַטעווען מרימען, וויקטאָרן און סטעפען. אַנדערש וואָלט די סאָוועט־רעגירונג זי קיין מאָל ניט אַרויסגעלאָזט פון דאָרטיקן גן־עדן. ער וועט טאָן אַלץ צו ברענגען רבקהן קיין אַמעריקע. ער וועט זיך „גטן" מיט מרימען, דאָס מוז מען טאָן לפנים. ער איז דאָך אַהערגעקומען מיט איר אַלס זיין ווייב. שפּעטער, האָפט ער, וועט רבקה זיין אַ גוטע שטיף־מאַמע

צו די „קינדער" — וויקטאָר און סטעפע. אפשר, אַזוי אַרום, וועט זי אויך קענען אַריבערקומען אַהער.

רבקה האָט אַלץ פאַרשטאַנען. זי שרייבט יוספן אַז זי געפינט זיך ערגעץ אין אַ שטעטל, אין פראַנקרייך. זי וואוינט ביי אַ פראַנצייזישער קריסטלעכער פאַמיליע.

אין ניו־יאָרק טרעפט מרים זיך דערווייל מיט יוספן זייער אָפט. צו־זאַמען באַזוכט מען מירלען, און מען זיצט אָפּ שעהען לאַנג און מען רעדט פון דעם פלאַנטער, וואָס דאָס לעבן קען אַלץ ברענגען. זינט יוסף האָט אָנגעהויבן צו קריגן בריוו פון רבקהן, איז מרים אָנגעכמורעט און בייז. זי האָט אַנדערש געהאָפט. ער, יוסף, איז געקומען אַהער מיט איר אַלס איר מאַן און זי האָט געהאָפט צו בלייבן מיט אים, אָבער יוסף האָט, ווייזט אויס, איצט אַנדערע פלענער. ער איז גאָר געטריי געבליבן זיין אמתער פרוי, רבקהן, און ער גרייט זיך גאָר זי צו ברענגען אַהער.

דאָס האָט מרימען וויי געטאָן. זי איז אַנטוישט, כאָטש זי זאָגט עס נישט אַרויס מיט ווערטער, ווייל דער שטאָלץ אין איר לאָזט עס נישט. לסוף איז זי מסכים זיך „גטן" מיט יוספן לעגאַל. אַריינטראָגן כלומרשט אַ קלאָגע, אַז ער, יוסף, איז איר אומגעטריי. איר ברודער, נחום, איז אַן עדות. ער, מרימס ברודער, האָט יוספן געטראָפן מיט אַ פרעמדער פרוי ביי זיך אין שטוב. מרים איז געשטאַנען אין געריכט און געשפילט די ראָלע פון אַן אומגליקלעכער פרוי וואָס דער מאַן האָט פאַרראַטן. זי האָט אַרויסגעקראָגן אַ גט, און ביידע זיינען איצט געוועזן פרייע מענטשן. די פריינדשאַפט צווישן יוספן און מרימען האָט ווייטער אָנגעהאַלטן. שוין נאָכן גטן זיך האָט מרים שטילערהייט געהאָפט אַז יוסף וועט אַ מאָל זיין איר באַשערטער.



# 19



סטעפע און וויקטאָר האָבן געלעבט זייער אייגן לעבן. וויקטאָר האָט שטודירט און איז געוואָרן אַ לערער אין אַ יידישער שול. סטעפע האָט געאַרבעט אין אַ קליידער־שאַפּ. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זי האָט זיך אַליין געעפנט אַ „ביזנעס" פאַר זיך און נישקשהדיק זיך אַרויפגעאַרבעט. דורך דער צייט האָט זי זיך באַקענט מיט אַ היגן יונגנ־מאַן, און זיך געקליבן מיט אים חתונה האָבן.

יוספן האָט געפרייט וואָס סיי סטעפע סיי וויקטאָר, האָבן זיך צו עפּעס דערשלאָגן. ער האָט געהאַט פון זיי נחת, ווי ער וואָלט געווען זייער אמתער פאָטער.

עס האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז יוסף האָט אויפגעהערט צו אַר־בעטן אין שאַפּ. די אַרבעט דאָרט איז געווען איבער זיינע כוחות. דער חבר אַרטור זיגעלבוים, וואָס איז דאַן געווען פאַרוואַלטער פון דעם זשורנאַל „צו־קונפט", האָט אים פאַרגעשלאָגן צו פאָרן קיין באָסטאָן און דאָרטן דורכפירן אַן אַקציע פאַרן זשורנאַל. יוסף האָט אַ צופרידענער אָנגענומען דעם אָנבאָט.

אין יענע טעג האָט זיך יוסף דערמאָנט אַז אין באָסטאָן געפינט זיך זיין אַמאָליקע כלה העלע, מיט וועלכער ער האָט תנאים געשריבן אין וואַרשע מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק. ער האָט געטראַכט, אַז איצט וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט צו זען די אַמאָליקע כלה זיינע. פאַרוואָס זאָל ער זי נישט זען? ווי וועט זי אים אויפנעמען? טשיקאַווע. אַוועק קיין אַמעריקע איז העלע, ווי ער געדענקט, אין גוטער פריינדשאַפט מיט אים. זי האָט זיכער פאַרגעסן די אַנטוישונג וואָס זי האָט געהאַט ווען ער, יוסף, האָט אָפּגעלאָזט דעם שידוך.

קיין אַדרעס צו העלען האָט יוסף נישט געהאַט. ער האָט בלויז גע־וואוסט אַז דער מאַן אירער איז אַ פּריזירער (באַרבער). אָנקומענדיק אין באָסטאָן איז יוסף אַוועק אין יידישן געגנט און גענומען גיין פון איין באַרבער־שאַפּ צום צווייטן, ביז ער האָט געפונען דעם נאָמען — „וואָלף לעוויטס באַרבער־שאַפּ" אויף אַ פענצטער פון אַ באַרבער־שאַפּ. ער איז אַריין, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און געוואַרט אויף זיין ריי. ער האָט וואָלפן גלייך דערקענט. דאָס איז ער — וואָלף לעוויט, העלעס מאַן. אַביסל זיך געעלטערט, אָבער דער זעלבער שווייגנדיקער בחור פון אַמאָל, וואָס ער האָט גוט געקענט פון וואַרטע. וואָלף האָט יוספן נישט דערקענט. אַ ניי־געריקער זעט יוסף ווי אַ פרוי קוקט אַריין דורכן פענצטער, און ווען יוסף האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דער פרויס פּנים, האָט ער זי אויך דערקענט. יאָ, עס איז העלע. זי איז נאָר אַביסל פולער געוואָרן, אָבער כמעט ווי גאָרנישט זיך געענדערט. העלע איז אַריין אין שאַפּ, אַ קוק געטאָן אויף יוספן און אַוועקגערופן איר מאַן אין אַ זייט. ער האָט גראָד געהאַלטן אין מיטן שערן אַ קאָסטאָמער. יוסף האָט זיך איינגעהערט צו אירע רייד: — „דער מאַן וואָס זיצט דאָ ביי דיר אין שאַפּ, איז געוואַלדיק ענלעך אויף יוספן פון וואַרטע". דאָ האָט זיך יוסף שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן און אַ פריי־לעכער אַ זאָג געטאָן: — „יאָ, ס'איז יוסף! דאָס בין איך".

די איבערראַשונג איז געווען גרויס. מ'האָט גערעדט און זיך דערמאָנט פון וואַרטע און רייד פון טרויער און פרייד האָבן זיך אויסגעמישט. זי האָט אים געבעטן אין אָוונט צו קומען עסן וועטשערע, זי וועט אים באַקענען מיט אירע דריי גראָטענע קינדער, צוויי יינגלעך און אַ מיידל. יאָ, מ'האָט נחת, און דאָס לעבן דאָ, אין באָסטאָן, איז, אַ דאַנק גאָט. נאָר די ידיעות פון פוילן, די מלחמה דאָרט, און די מערדערישע נאַציס לאָזן נישט שלאָפן אין די נעכט. די גאַנצע משפחה דאָרטן איבערגעלאָזט. העלע האָט געזאָגט אַ גוטן טאָג, זיך געזעגנט מיט יוספן ביזן אָוונט.

אין יענעם אָוונט, זיצנדיק ביי העלען אין הויז, אַרומגערינגלט פון אירע קינדער און פריינד, האָט די ראַדיאָ אָנגעזאָגט די וויסטע בשורה, אַז היטלערס דייטשלאַנד איז באַפאַלן סאָוועט־רוסלאַנד אָן אַ קריגס־דערקלערונג.

* * *

נאָך די גרויסע נצחונות פון היטלערס אַרמייען, וואָס האָבן זיך ווי אַ ווילדער שטורעם אַ לאָז געטאָן אויף אייראָפּע, איז די דאָזיקע נייעס פאַר יוספן געווען אי שרעקלעך, אי דערפרייענדיק. יוסף האָט געטראַכט: „גוט! גוט! איצט וועט די נאַצי־חיה דערשטיקט ווערן. היטלער, ימח־שמו, וועט איצט דערטרונקען ווערן אין זיין אייגן בלוט. די דייטשישע מערדער האָבן

זיך פאַרנומען צו פאַרניכטן אַלע יידן. אָבער מיט רוסלאַנדס הילף מוזן די דייטשן פאַרלירן״.

יוסף האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט ביי דער ערשטער מאַי־פייערונג אין ווילנע אין יאָר 1940. דעמאָלט האָט יוסף גאַנץ אַנדערש געטראַכט וועגן סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט דעמאָלט געגלויבט, ווי טויזנטער זיינס גלייכן, אַז דאָס לאַנד וואו עס איז פאַרגעקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, דאָס דאָזיקע לאַנד וועט זיכער מאַכן אַ סוף צום דייטשישן און איטאַליענישן פאַשיזם. „די וועלט,״ — האָט דעמאָלט יוסף גע־טראַכט — „וועט אויסגעלייזט ווערן מיט דער הילף פון דער רויטער אַרמיי״.

עס איז געקומען די שוידערלעכע אַטאַקע פון יאַפּאַן אויף פּירל האַר־באָר. אַמעריקע איז אַריין אין קריג. אָבער דער גלויבן אַז דער פאַשיזם וועט סוף־כל־סוף צעשמעטערט ווערן איז ביי אַלעמען געוואָרן שטאַרק. די האָפענונג צו באַזיגן די מעכטיקע נאַצישע קריגס־מאַשין איז געוואַקסן.

יוסף האָט זייער שטאַרק געוואָלט זיך ניצלעך מאַכן אין קאַמף קעגן די באַרבאַרן. מיט פרייד האָט ער אויפגענומען די ניַיעס פון דער מאָביליזאַציע פון מיליטער, וואָס איז געקומען גלייך נאָך דער קריגס־דערקלערונג קעגן יאַפּאַן און נאַצי־דייטשלאַנד. ער האָט זיך גלייך געמאָלדן. געוואָלט ווערן אַ פּשוטער סאָלדאַט. זיין יוגנטלעכער אויסזען האָט אים דערצו געהאָלפן. אַז מען האָט אים אָבער אַ פרעג געטאָן ווי אַלט ער איז, האָט מען אים געענטפערט אַז טויגן פאַר אַ סאָלדאַט טויג ער, נאָר לויט די יאָרן זיינע, וועט מען אים הערוויל פאַר קיין סאָלדאַט נישט נעמען. סיידן די צייט וועט עס פאָדערן. אַן אַנטוישטער איז יוסף אַרויס פון דעם „דרעפט־סטיישאָן״. אויפן וועג אַהיים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין אַ שפּיטאָל און געגעבן בלוט פאַרן רויטן קרייץ, וואָס איז אַזוי נייטיק געווען פאַר די שטערבלעך־פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן.

ער האָט מקנא געווען די ייִנגערע פריינד צווישן די פּליטים מיט וועלכע ער איז אינאיינעם געקומען קיין אַמעריקע, וואָס זיי האָבן יאָ די זכיה גע־האַט צו ווערן אַמעריקאַנער סאָלדאַטן. אַלץ מער און מער האָבן זיך די יידישע פּליטים, אין יענע ערשטע וואָכן פון קריג, אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. די דאָזיקע יונגע יידישע בחורים, וואָס האָבן קוים־קוים פאַרזוכט די אַמעריקאַנער פרייהייט, האָבן זיך געריסן צו שטיין פּנים אל פּנים מיט די דייטשישע נאַצי־מערדער; ווי יידן און ווי אַמעריקאַנער, האָבן זיי שטאַרק געוואָלט אָפּצאָלן די דייטשן פאַר די בלוטיקע מעשים קעגן יידישן פאָלק.

אַ טרייסט פאַר דער אַנטוישונג וואָס מ׳וויל אים נישט אָננעמען פאַר

אַ סאָלדאַט האָט יוסף געהאַט אין דעם, וואָס וויקטאָר, וועלכער איז פאַרשריבן געווען אָפיציעל אַלס זיין זון, איז יאָ אַנגענומען געוואָרן אַלס סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. יוסף האָט זיך דערפילט דערהויבן. ער האָט געראַטעוועט אַ יידיש קינד, אים צוגעשריבן אַלס זיין זון און איצט איז ער אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט. אויך סטעפעס חתן איז צוגענומען געוואָרן אין דער אַרמיי. יעדן פרימאָרגן האָט יוסף געזען ווי עלטערן און משפחה באַגלייטן יונגע בחורים מיט טרערן און שטילן געוויין צום פענסילווייניע סטיישאָן אויף 34טער גאַס אין ניו יאָרק. ער האָט געזען די מאַמעס און טאַטעס, שוועסטער און ברידער, געליבטע געזעגענען זיך מיט זייער אייגן בלוט און פלייש, מיט די יונגע סאָלדאַטן. ער האָט מיטגעפילט דעם צער פון טאַטעמאַמע, און פון די אַלע נאָענטע וואָס זיינען געשטאַנען אויפן וואָקזאַל לעבן די אייזערנע גראַטעס וואָס פירן צו דער באַן. און נישט איין מאָל האָט יוסף געהערט אויסשרייען אַ פאַרצווייפלטע יידישע מאַמע די ווערטער: „צו וואָס האָט אַמעריקע געדאַרפט די מלחמה?" יוסף פלעגט זיך נישט קענען איינהאַלטן און ער פלעגט אַ זאָג טאָן האַלב אין טרייסט, האַלב אין פאַרוואורף: „די מלחמה איז קעגן גאַנצן יידישן פאָלק! מען שעכט אונדזערע ברידער און שוועסטער בלויז דערפאַר וואָס זיי זיינען יידן! מיר מוזן נקמה נעמען פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט!"

פאַר סטעפען איז דאָס אַוועקנעמען איר באַשערטן צום שלאַכטפעלד געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. זי האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט גענוג אין איר יונג לעבן. אין אָנהייב — די גרויזאַמע טעג אין פוילן, דאָס שלעפּן זיך אויף די וועגן, אַ געיאָגטע פונעם נאַצישן מיליטער און פון די עראָפּלאַנען וואָס האָבן געהאָגלט מיט טויט. שפּעטער — דער פּחד און די איבערלעבונגען בעתן וואַנדערן איבער רוסלאַנד, און איצט — ווידער דאָס געשפּענסט פון בלוטיקן קריג. סטעפעס נערוון זיינען געווען צו שוואַך דאָס אַלץ אַריבערצוטראָגן. פינצטער איז געווען איר געמיט. אַ מרה־שחורה איז איר באַפאַלן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן ווען יוסף האָט זיך געקליבן צו גיין צו דער אַרבעט, האָט מען אים געלאָזט וויסן דורכן טעלעפאָן, אַז סטעפע איז פאַרשוואונדן. שוין אַ פּאָר טעג ווי זי איז נישטאָ אין דער היים. אפשר האָט יוסף זי געזען? אפשר איז זי געקומען צו אים, ווי צו איר פאָטער? יוסף איז שוין יענעם פרימאָרגן צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. ער איז גלייך אַוועק צו סטעפעס וואוינונג און אויסגעפונען אַז סטעפע איז לעצטנס, זינט מ'האָט צוגענומען איר חתן צום מיליטער־דינסט, אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעדולטע, נישט געגעסן און נישט געטרונקען. מען פלעגט זי אָפט טרעפן ביים האָדסאָןטייך שטיין אַ פאַרטראַכטע, אַ טרויעריקע. מ'פלעגט זי קוים נעמען אַהיים.

און פּרואוון טרייסטן. יוסף איז אַוועק צום האָדסאָן־טייך, זיך אַרומגעדרייט שעהען לאַנג ביים ברעג, צווישן דיביימער, ביז ער האָט זי געפונען אין אַ ווינקל, הינטער אַ בוים. סטעפע האָט זיך צעוויינט, געפאַלן אין יוספס אָרעמס ווי אַ קינד, און יוסף האָט זי איינגענומען און זי געטרייסט. ער האָט זי שוין ניט אָפּגעלאָזט. געגאַנגען מיט איר צו אַ דאָקטאָר, אַ פּסיכיאַטער. מען האָט סטעפען אַריינגענומען אין אַן אַנשטאַלט. אַ פּאָר חדשים איז סטעפע אָפּגע־ווען אין שפּיטאָל ביז זי איז געקומען צו זיך, און צוריק באַקומען איר געזונטן און שיינעם אויסזען.

איצט האָט סטעפע אַ געדולדיקע און אַ האָפנונגספולע געוואַרט אויף איר געליבטן.

* * *

דערווייל זיינען די ידיעות פון די יידן אין פוילן געוואָרן ערגער. טאָג־איין און טאָג־אויס זיינען יידן אומגעקומען, אַוועקגעפירט געוואָרן ווי די שאָף צו דער שחיטה. עס זיינען אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות פון הונגער, נויט, פון מאַסן־קברים, פון אומבאַשרייבלעכע שחיטות אין די געטאָס און אין גאַז־קאַמערן. ווי ס'רוב גרעאַטעוועטע, האָט יוסף געטראָגן אין זיך אַ שולד־געפיל. פאַרוואָס קומט עס אים צו לעבן דאָ אין רו און זיכערקייט? מיט וואָס איז ער אַנדערש פון די יידן דאָרט אין די געטאָס? זיין האַרץ איז פול געווען מיט צער. יוסף פלעגט ליגן אין די נעכט אויף זיין געלעגער און ניט קענען שלאָפן. עס האָבן זיך אים געמאָלן בילדער איינס גרויליקער פון אַנדערן.

אין צווישן איז דער חבר אַרטור זיגעלבוים אָפּגעפאָרן אין שליחות פון „בונד" קיין לאָנדאָן, אַלס פאַרטרעטער אין דעם פּוילישן גלות־סיים. ער האָט נישט געקענט זיצן רואיק, דער חבר זיגעלבוים!... אים האָבן אויפ־געדרודערט די טראַגישע נייסן פון די יידן אין פוילן און ער האָט געפילט אַז ער מוז עפּעס טאָן. יוסף האָט געלייענט אין די ציימונגען די נייס פון חבר זיגעלבוימס אויפטריטן ביי דער פּוילישער גלות־רעגירונג און אין די ענגלישע מלוכה־קרייזן. זיגעלבוים האָט געפאָדערט מעשים, נקמה־אַקטן, וואָרנונגען מצד די עלייס נישט צו דערלאָזן דאָס אומברענגען פון אַ פאָלק. ער האָט געפאָדערט אָפּשטעלן די הימל־שרייענדיקע מערדערייען איידער עס ווערט צו שפּעט, ווען עס וועט שוין נישט זיין וועמען צו ראַטעווען. אָבער ווען זיגעלבוים האָט געזען, אַז זיינע רייד זיינען ווי אַ „קול קורא במדבר", האָט דער דאָזיקער גרויסער ייד און געטרייער סאָציאַליסט זיך גענומען דאָס לעבן... דער קדוש אַרטור זיגעלבוים האָט געוואָלט מיט זיין הייליקן טויט אויפרודערן דאָס פאַרשלאָפענע געוויסן פון דער וועלט. אפשר

מיטן ברענגען זיין לעבן ווי אַ קרבן, וועט ער עפּעס אויפטאָן פאַר זיין ליידנ־דיקן פאָלק...

יוסף האָט געהאַלטן די צייטונג אין האַנט און געלייענט די בייעס פון זיגעלבוימס טויט. טרערן זיינען אים גערונען פון די אויגן. יאָ, ווער האָט דעם כח, ווער קען זיך פאַרגלייכן צו אָט דעם וואונדערלעכן מענטשן, דעם קדוש זיגעלבוים?

יוסף האָט זיך געפילט שטאָלץ, וואָס ער האָט געהאַט די זכיה צו קענען אָט דעם אויסדערווײלטן קעמפער און מאַרטירער! ער האָט קיין רו פאַר זיך ניט געפונען. די אומרו אין אים איז געוואַקסן, און דאָס געפיל פון שולד, וואָס ער איז געבליבן לעבן, האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער מיליטערישער געראַנגל — דער קאַמף צווישן די ריזיקע נאַצי־אַרמייען און דער רוסישער אַרמיי ביי סטאַ־לינגראַד. מ׳האָט געוואוסט אַז סטאַלינגראַד וועט באַשטימען דעם גורל פון דער וועלט. ווייל דאָרט, אין סטאַלינגראַד, האָבן ביידע, סיי די היטלער־אַרמייען, סיי די רוסישע אַרמיי, אַריינגעוואָרפן זייערע לעצטע כוחות. ווי ריזיקע חיות, ווי מאָנסטערס אין מענטשן־געשטאַלט האָבן די נאַצים זיך געשלאָגן. זיי האָבן אָבער ניט געקענט באַזיגן דעם מסירת־נפש, די העל־דישקייט פון דער רויטער אַרמיי, די ליבשאַפט פון דעם רוס צו זיין מוטער־ערד, פאַר וועלכער ער איז גרייט געווען צו געבן זיין לעצטן טראָפּן בלוט. און דער זיג איז געקומען. דאָרטן, אין דער שטאָט סטאַלינגראַד, האָט זיך אָנגעהויבן די מפלה פון דעם דייטשישן מערדער. די נאַצי־חיה איז אין סטאַלינגראַד דערשלאָגן געוואָרן. דער נס איז געשען!

אין יענע טעג איז מען גרייט געווען צו פאַרגעסן אַלע חטאים פון דער סאָוועטישער מלוכה. מיט אַ ברכה אויף די ליפּן האָט יעדער דערמאָנט די רויטע אַרמיי. ס׳האָט אויפגעלעבט אויך ביי יוספן די האָפענונג, אפשר? אפשר וועט דאָס לאַנד וועמעס לאָזונג איז „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך״, אַ סוף מאַכן צו אַלע ליידן פון דעם אַרבעטער־פאָלק אין דער גאָרער וועלט?

די נאַצי־אַרמייען האָבן גענומען לויפן אויף צוריק. די טעג פון פול־שטענדיקן נצחון איבער די באַרבאַרן האָט זיך דערנענטערט. די ישועה פאַר דער מענטשהייט קומט אָן... אָט לייענט יוסף אין דער פּרעסע, אַז די סאָוועט־רעגירונג באַפרייט אַ סך אַרעסטירטע. ער לייענט די נעמען. דאָס זיינען חברים בונדיסטן, סאָציאַליסטן, וואָס ער געדענקט זיי אַלע פון וואַרשע און פון אַנדערע שטעט אין פּוילן. יוספס האַרץ איז איצט פול געווען מיט פרייד און דערוואַרטונג.

# 20



ר, יוסף, האָט געוואוסט, אַז די חברים ערליך און אַלטער געפינען זיך נאָך אַלץ אין תפיסה; אַז דער סטייט־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן, אויף פּרעזידענט רוזוועלטס באַפעל, האַלט אין איין נאָכפרעגן זיך אויף זיי און פאַרלאַנגט זייער באַפרייאונג. אויך די ענגלישע רעגירונג און אַלע פרייע, קעמפנדיקע לענדער בעטן ביי דער סאָוועט־רעגירונג צו באַפרייען אַלטערן און ערליכן. אָבער צום גרויסן אומגליק איז אין אַ שיינעם טאָג אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז ערליך און אַלטער זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך אַ סאָוועטישן געריכט, און דער אורטייל איז שוין דורכגעפירט געוואָרן. די כלומרשטע באַשולדיקונג קעגן זיי איז געווען, אַז ביידע, ערליך און אַלטער, האָבן געדינט היטלערן.

די דאָזיקע שוידערלעכע נייס האָט יוספן ממש צעבראָכן. ער האָט פּשוט נישט געקענט גיין צו דער אַרבעט. געוואַלד! ווי קען מען גאָר די דאָזיקע אידעאַלע מענטשן באַשולדיקן אין העלפן היטלערן, ימח־שמו?... ווי קען די וועלט דאָס גלויבן? איז דאָ אַ שטיקל יושר ביי די סאָוועטישע מאַכטהאָבער? האָט מען דען נישט דערמאָרדעט ערליכן און אַלטערן בלויז דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען קעגן דיקטאַטור? ווייל זיי זיינען געווען דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן און האָבן געהערט צום „בונד“? שעהען לאַנג איז יוסף אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק און געזוכט אַן ענטפער פאַר זיך אַליין אויף אָט דעם שוידערלעכן פאַרברעכן. וואָס איז פאַרט געווען דער ציל פון דעם דאָזיקן אומזיניקן מאָרד? פאַרוואָס? פאַרווען?

אין זיין גרויס פאַרצווייפלונג איז יוסף אַוועק אין דער רעדאַקציע פון דער יידישער קאָמוניסטישער צייטונג די „מאָרגן־פרייהייט" און געבעטן אַז ער וויל זיך זען מיט משה קאַצן, אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע, וועמען יוסף האָט נאָך געקענט פון יענע יאָרן אין וואַרשע, בעת קאַץ איז געווען אַן „עסעסאָוועץ" און אַ מיטאַרבעטער אין דער אַמאָליקער צייטונג „דער פריינד".

משה קאַץ האָט יוספן אויפגענומען אין דעם רעדאַקציע־צימער. ער האָט קאַצן דערקענט. געעלטערט זיך אַביסל, אָבער דערזעלבער משה קאַץ. אָן הקדמות האָט יוסף אַרויסגענומען די צייטונג פון קעשענע און געוויזן קאַצן די נייס פון דעם ערליך־אַלטער מאָרד. קאַץ האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, פאַרענטפערט זיך: — „מען ווייסט ניט וואָס דאָרטן טוט זיך. ס'איז מלחמה. ידיעות זיינען אַ מאָל יאָ אמתע, און אַ מאָל ניט". אַן אַנטוישטער איז יוסף אַוועק פון קאַצן. ער האָט נאָך מער דערפילט דעם גרויסן ליגן. קאַצס שטאַמלדיקע ווערטער האָבן אים נאָך מער איבערגעצייגט אַז אַ פינצטערער תהום ליגט צווישן דער אידייע פון סאָציאַליזם און דער סאָוועטישער אָרדענונג.

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און מיט אַ צעבראָכן געמיט, איז יוסף שפּעט אין אָוונט אַהיים געקומען. אַ מידער פון אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג איז ער אַוועקגעפאַלן אויף זיין געלעגער. אין האַרצן האָט ער נאָך מער געפילט ווי טייער און הייליק עס איז דער אידעאַל פון אמתן סאָציאַליזם! כבוד די לערער און מאַרטירער ערליך און אַלטער! — „הייליק וועל איך תמיד האַלטן אייער אָנדענק", — האָט יוסף מיט טרערן אין די אויגן זיך געשוואָרן.

ליגנדיק אַזוי אַן איינזאַמער אויף זיין בעט, האָט יוסף זיך דערמאָנט דעם טאָג ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט דעם חבר הענריק ערליך. ס'איז אים זיכער דעמאָלט אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז ערליך וועט פאַלן אַ קרבן פון אַזאַ מיאוסן בילבול! ערליך, — דער קעמפער קעגן די פאַשיסטן זאָל גאָר באַשולדיקט ווערן אין דעם אומגלויבלעכן פאַרדאַכט אַז ער אַרבעט פאַר היטלערן... קען דען זיין אַ גרעסערער ליגן? ווער נאָר עס איז געקומען אין באַרירונג מיט ערליכן און אַלטערן ווייס ווי געטריי און איבערגעבן זיי זיינען געווען די אָרעמע יידישע מאַסן אין פוילן! זיי האָבן ממש נישט געררוט אַבי צו לינדערן, צו העלפן יעדן יידן, אָפּגעזען צי ער איז אַ בונדיסט, צי ניט. ערליך און אַלטער האָבן דאָך אַרויסגערופן דעם גרעסטן דרך־ארץ פון אַלע יידן, אַפילו פון אידעאָלאָגישע קעגנער! ווידער און ווידער האָט יוסף זיך געפרעגט: „פאַרוואָס? פאַרוועןן?" די דאָזיקע פראַגע האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן...

יוסף האָט זיך איצט מיט מער חשק אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו העלפן די יידן אין פוילן, — באַזונדערס די לאַנדסלייט זיינע, ווי ער וואָלט אין דער אַרבעט געוואָלט פאַרגעסן און לינדערן דעם איבערלעכן צער און ווייטיק אויפן טויט פון זיינע באַליבטע אַרבעטער־פירער — ערליך און אַלטער. אין האַרצן איז יוסף איצט נאָך מער געווען צוגעבונדן צו דער אידייע פון „בונד". ווען ער האָט כח געגנוג און די מעגלעכקייט, וואָלט ער צוריק אַוועק קיין פוילן צו זיין מיט זיינע חברים אין געטאָ און וואַרטן ביז עס וועט קומען דער טאָג פון נצחון. אָבער ער זעט נישט קיין מעגלעכקייט דאָס דורכצופירן, וועט ער כאָטש ווידמען זיינע כוחות צו זאַמלען מאַטע־ריאַלן און געלט־מיטלען, כדי מעגלעך צו מאַכן צו פאַרענדיקן דאָס בוך אין וועלכן זיין היימשטאָט וועט פאַראייביקט ווערן. ער וועט אויך זען, ווי ווייט מעגלעך, אַז ס'זאָל געזאַמלט ווערן וואָס מער געלט פאַר די יידן אין די געטאָס, ווען די שעה וועט קומען און זיי וועלן באַפרייט ווערן!

אויף יוספן איז אויך געפאַלן דער גורל צו קומען אין קאָנטאַקט מיט אַלע לאַנדסלייט פון וואַרטע וואָס געפינען זיך אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע. יוסף האָט אָנגעהויבן, פונקט ווי דער אַמאָליקער משולח אין דער אַלטער היים, אַרומצופאָרן פון שטאָט צו שטאָט. ער האָט געזען לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, דעטראָיט, שיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס און אין קאַנאַדע. ער איז געווען אין טאָראָנטאָ, אין מאָנטרעאַל. אַלע אָן אויסנאַם, די אַמאָליקע פּאַרטיי־חברים פון „בונד" און אַפילו די פּאַרטיי־קעגנער, אויך פרומע יידן און קו־מוניסטיש געשטימטע, — די אייביקע קעגנער פון „בונד", — אַלע האָבן אים אויפגענומען פריינדלעך און חבריש. לאַנדסלייט אומעטום האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן מיט באַדייטנדיקע געלט־סומען. יוסף האָט דערפילט אַ סך וואַרעמקייט פון די לאַנדסלייט זיינע. ער האָט דערפילט אַז עס זיינען נאָך דאָ אין אַמעריקע חברים און לאַנדסלייט וועמען דער גורל פון די יידן אין פוילן גייט שטאַרק אָן, און דאָס איז געווען ווי אַ טרייסט פאַר יוספס טרויעריק־אַנטוישטע איבערלעבונגען.

דאָס האַרציקע אויפנעמען אים אומעטום וואו ער איז געקומען, האָבן יוספן געשטאַרקט אין זיין איינזאַמקייט. ער האָט געטראַכט: „איך בין געבליבן אַליין, דער איינציק־איבערגעבליבענער פון מיין משפּחה. די ירושה פון מיין משפּחה, — דאָס צעשטויבטע אַש איבער דער וועלט, איז דאָך אַ טייל פון די מיליאָנען אומגעקומענע יידן". יוסף האָט געפילט ווי ער וואָלט אין האַרצן געטראָגן אַ טייל פון אָט דעם אַש. בלייבן וועט ער הויל און ליידיק אַלע זיינע טעג און יאָרן. ווי קען מען פאַרגעסן? ווי קען מען אָפּמעקן פון זכרון אָט דעם גרויסן אומגליק?

ריכטיק זאָגט דער דיכטער יעקב גלאַטשטיין: „אַן אומגליק וואָס האָט ניט קיין ווערטער!"

אייביק וועט די ערד מאָנען פאַרן אומשולדיקן בלוט וואָס זי האָט איינגעזאַפּט פון די מיליאָנען אומשולדיקע מענער, פרויען און קינדער! אייביק! עד סוף כל הדורות!



# 21



רים האָט ניט גערוט די גאַנצע צייט זינט זי האָט זיך געפונען אין ניו־יאָרק, ווויסנדיק אַז אין דייטשלאַנד, אין דעם די־פּי־קעמפּ אין פעלדאַפינג, איז געבליבן איר ברודער קלמן מיט זיין טאָכטערביילע, און אין וואַרטע געפינט זיך אויך איר שוועסטערס טאָכטער, אײדל, די איינציקע טאָכטער פון איר אומגעקומענער שוועסטער, רבקה־לאה. די אַלטע מאַמע אירע, רחל־ביילע, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אין וואַרטע ווען זי איז אַנטלאָפן, ווייסט זי שוין, צו איר גרויסן צער, אַז זי איז געשטאָרבן נאָך איידער די אויסזידלונג קיין טרעבלינקע האָבן זיך אָנגעהויבן. די מאַמע, ע״ה, איז געקומען צו קבר ישראל! מרים האָט נאָך באַוויזן צו קריגן אַ פאָטאָגראַפיע פון דער מאַמעס לוויה, אויף וועלכער עס זעט זיך די משפחה, וואָס האָבן באַגלייט דער מאַמען צו איר אייביקער רו. זי זעט די משפחה אויפן בילד, ווי זיי טראָגן די געלע מגן־דודס, וואָס די היטלעריסטן האָבן באַפוילן יעדן יידן אין פוילן צו טראָגן אויף זייערע מלבושים. איר האַרץ טוט איר וויי קוקנדיק אויפן בילד. אָבער ערגער איז געווען דער גורל פון איר שוועסטער רבקה לאה מיט אירע קינדער. זיי זיינען אַלע אומגעקומען. געראַטעוועט האָט זיך בלויז אײדל, רבקה־לאהס טאָכטער. זי מוז שוין איצט זיין אַ דערוואַקסן מיידל פון 18 יאָר. עס ווערט איר גוט צו טראַכטן וואָס זי האָט שוין באַוויזן, מיט דער הילף פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אַהערצוברענגען פון פּאַריז קיין ניו־יאָרק איר ברודער מאָריס מיט זיין פאַמיליע. אָבער אײדלען מוז זי איצט אַרויסראַטעווען פון פוילן, כל זמן עס איז נאָך דאָ אַ מעגלעכקייט! ביי יעדן צו־

זאַמענטרעף מיט יוספן רעדט זי צו אים מיט טרערן אין די אויגן. זי בעט זיך ביי אים, ער זאָל איר העלפן אַהערברענגען אײדלען. זי וועט יעדן אָפּגעשפּאָרטן גראָשן אַוועקגעבן, אַבי אײדלען אַהערצו ברענגען. שפּעטער וועט מען דאַרפן אויך דעם ברודער קלמן מיט זיין טאָכטער ביילע אַריבער־נעמען. אָבער פריער פילט זי איז איר חיוב צו ראַטעווען אײדלען, די עלנטע יתומה.

יוסף האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן. מ׳דאַרף אויסגעפינען אַ געוועזענעם יידישן סאָלדאַט, וואָס זאָל גרייט זיין חתונה צו האָבן מיט אײדלען, כדי שפּעטער צו קענען זי ברענגען אַהער ווי אַ געזעצלעך ווייב.

יוסף וועט פאָרשלאָגן דעם יונגנמאַן אַ „דזשענטלמענס אַגרימענט״. ער איז צו קיין זאַך ניט פאַרפּליכטעט. נאָך דער חתונה וועט זיין אַ גט.

וואָס האָט מען ניט געטאָן, כדי צו ראַטעווען די רעשטלעך לעבנ־געבליבענע פון דעם היטלער־גיהנום?

יוסף האָט זיך דערמאָנט אָן משהן, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אַהער, צוזאַמען מיט נאָך פּליטים, דורך דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. משה איז דער זון פון דעם פאַרשטאָרבענעם בונדישן טוער ירחמיאל. ירחמיאל איז אַמאָל געווען אַ ראַטמאַן אין פּוילן, אין דער שטאָט באַווידוואָר. משה וועט זיכער ניט האָבן קיין האַרץ אָפּצוזאָגן אַזאַ זאַך. איז ער דאָך אַליין אַ געראַטעוועטער! ער איז דער איינציקער, וואָס קען דאָס טאָן. ער האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און ער קען, איינס־צוויי, פאָרן קיין אייראָפּע דאָרט חתונה האָבן מיט אײדלען און זי אַהערברענגען אַלס זיין ווייב. שפּעטער וועט מען זען.

יוסף האָט גערופן משהן אויפן טעלעפאָן, זיך געטראָפן מיט אים, געזעסן אַ גאַנצן אָוונט מיט אים און גערעדט און אַפּעלירט צו אים. מ׳וועט אים מיט אַלעס באַזאָרגן. מיט געלט און בילעטן אויף אַן עראָפּלאַן הין און צוריק.

— „משה״, — האָט יוסף צו אים אַ זאָג געטאָן — „דו ביסט דער־צויגן געוואָרן אונטערן איינפלוס פון „בונד״, דו מוזט אַרויסווייזן דיין מענטש־לעכקייט! דיין געפיל פון העלפן יענעם, וואָס נייטיקט זיך אין הילף. דו ביזט דער איינציקער וועמען מען קען געטרויען אַזאַ מיסיע״.

— „גיט מיר אַ פּאָר טעג צייט איבערצוטראַכטן. איך וועל אייך לאָזן וויסן. איר וועט לאַנג ניט דאַרפן וואַרטן. איך פאַרזיכער אייך״ — איז געווען משהס ענטפער.

— „טראַכט עס איבער, משה, גוט אַזוי. איך האָף, אַז דו וועסט מיך נישט אַנטוישן״, — האָט יוסף אַפּעלירט צו אים. — „איך האָב דאָס זעלבע

געטאָן פֿאַר אַנדערע דריי נפשות, ווען די צייט האָט עס געפֿאָדערט. איך האָב עס געטאָן באהבה. ווילד־פֿרעמדע זיינען זיי געווען, און זיינען גע־וואָרן מיינע קינדער אויפֿן פֿאַספּאָרט, אַבי זיי צו ראַטעווען פֿון די סאָוועטישע טשינאָווניקעס, די „אויסלייזער" פֿון דער מענטשהייט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז משה געקומען צו יוספֿן אין זיין צימער און מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— „העלאָ, יוסף, איך בין דאָ. און ווי איר זעט בין איך גרייט צו טאָן מיין חוב צו איידלען"...

עס זיינען געמאַכט געוואָרן אַלע פֿאָרמאַליטעטן און צוגרייטונגען. איידל האָט פֿאַרלאָזט פּוילן. זי איז בשלום אָנגעקומען אין שטאָקהאָלם, שוועדן. און אין דריי טעג אַרום האָט משה זיך שוין געטראָפֿן מיט איר ערגעץ אין אַ לאָבי פֿון אַ האָטעל. איידל איז געווען צוגעגרייט צו דער באַגעגעניש.

די חתונה איז פֿאָרגעקומען אין אַמעריקאַנישן קאָנסולאַט אין שטאָק־האָלם. עס איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע. מרים האָט מיט פֿרייד געלייענט די שורות: „דעם 10טן אויגוסט, 9 אין דער פֿרי, קומען מיר ביידע אָן אין ניו־יאָרק אויף דעם לאַ־גוואַרדיע לופֿט־פֿעלד. טאַנטע מרים, זאָל דער אָנקל נחום אונדז אָפּוואַרטן, לאָז אויך וויסן יוספֿן, אפֿשר וועט ער אויך געפֿינען צייט אונדז אָפּצוּוואַרטן ווען דער עראָפּלאַן וועט אָנקומען".

מרים, נחום און יוסף זיינען געשטאַנען אין דעם וואָקזאַל פֿון לופֿט־פֿעלד ביי די גרויסע פֿענצטער פֿון גאַנץ פֿרי אָן און אויסגעקוקט אויף דעם עראָפּלאַן וואָס דאַרף ברענגען דאָס פּאָרל אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

פֿון עראָפּלאַן זיינען איידל און משה אַרויס שמייכלענדיקע און מונטערע. מ'האָט זיך צעקושט און מ'איז אַוועק מיט די געסט צום פֿעטער נחום אין הויז. דאָרט איז סערווירט געוואָרן אַ געשמאַקער מאָלצייט.

נאָכן עסן האָט יוסף אויף דאָס ניי דערמאָנט משהן, אַז דער „דזשענטל־מענס אַגרימענט" בלייבט ווי מ'האָט אָפּגעשמועסט. דאָ האָט זיך איידל אויפֿ־געשטעלט און אַראָפּגענומען דאָס קידושין־רינגל פֿון פֿינגער און עס צוריק־געגעבן משהן און אים אַ קוש געטאָן. אַלע האָבן געדריקט משהן די האַנט און אים באַדאַנקט האַרציק פֿאַר זיין מיסיע.

דאָס „פּאָרל" פֿלעגט זיך אָבער ווייטער טרעפֿן ווי גוטע פֿריינד. משה האָט איידלען גענומען ווייזן ניו־יאָרק און ער פֿלעגט מיט איר אָפֿט פֿאַר־ברענגען. געוואוינט האָט איידל ביי דער מומע מרים.

די דאָזיקע צוויי יתומים, ביידע קרבנות פֿונעם היטלעריזם, האָבן זיך שטאַרק ליב באַקומען און ביידע האָבן למזל חתונה געהאַט.

דער פעטער נחום האָט זיך געלאָזט קאָסטן אַ היפּשע סומע געלט און חתונה געמאַכט זיין פּלימעניצע איידל אין איינע פון די שענסטע האָטעלן אין שטאָט, גאָר אימפּאָזאַנט אויפן אַמעריקאַנער שטייגער. צו דער חתונה זיינען אויך פאַרבעטן געוואָרן פאָרשטייער פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, — דער פאָטער און גואל פון אַלע פּליטים און יתומים־קינדער.

מרים איז געוואָרן די מאַמע פון דעם יונגן חתונה־געהאַטן פּאָרל און געהאָלפן זיי זיך איינאָרדנען. איידל און משה זיינען געוואָרן אַ טייל פון איר לעבן. און אַז איידל האָט למזל אין אַ יאָר אַרום געבוירן אַ יינגעלע, האָט מרים זיך געפילט ווי אַ באָבע, און ווי דאָס ניי־געבוירענע קינד וואָלט געווען איר אייניקל...



# 22



וזאַמען מיט נאָך הונדערטער אַמעריקאַנער סאָלדאַטן איז וויקטאָר אָפּגעווען אַ פּאָר חדשים אין אַן אַרמיי־קעמפּ, פּון וואַנען ער איז שפּעטער אָפּגעשיקט געוואָרן ערגעץ אין צפּון־אַפּריקע. אַקוראַט וואוהין — האָט ער אַליין נישט געוואוסט.

פּאַרן אָפּפּאָרן פּון ניו־יאָרקער האַפּן, האָט יוסף געבעטן וויקטאָרן, אַז ער זאָל זיך באַמיען ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען פראַנקרייך וועט באַפרייט ווערן — אויפצוזוכן זיין פרוי רבקהן. איצט געפינט זי זיך ערגעץ אין אַ פראַנצייזיש שטעטל. רבקה וועט אָבער געוויס צוריקקומען קיין פּאַריז אַזוי שנעל ווי די שטאָט וועט באַפרייט ווערן. יוסף וועט אים שוין שרייבן רבקהס אַדרעס. וויקטאָר האָט פאַרזיכערט, אַז ער וועט דאָס ניט פאַרגעסן. ער וועט שרייבן בריוו און זאָל ער נאָר בשלום אַרויס אַ לעבעדיקער פון דעם קאַמף וואָס שטייט איצט פאַר דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ווער ווייס וואו ער וועט ערגעץ פאַרוואָרפן ווערן...

די השגחה האָט אַזוי געוואָלט, אַז וויקטאָר זאָל דורכמאַכן אַלע געפאַרן פון דער מלחמה. ער האָט אָנטיילגענומען אין דער באַרימטער נאָרמאַנדיע־אינוואַזיע. יוסף פלעגט קריגן בריוו פון וויקטאָרן אַז ער איז בשלום אַרויס פון אַלע געפאַרן, און אַז ער געפינט זיך איצט אין דייטשלאַנד. עס וועט שוין לאַנג ניט דויערן, די אַמעריקאַנער אַרמיי דערנענטערט זיך קיין פּאַריז. ער קען פיל נישט שרייבן. אויב ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון נאָרמאַנדיע, האָפט ער אַלץ איבערצוקומען בשלום.

עס זיינען געלאָפן טעג און חדשים. יוסף אַרבעט, און גלייכצייטיק

איז ער פּאַרטאָן אין כסדרדיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. עס דער־נענטערט זיך דער זיג. די נאַצי־באַרבאַרן ווערן געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן. זיי ווערן געיאָגט ווי די חיות צוריק אין זייערע נאָרעס אין די האַלב־חרובע שטעט פון דייטשלאַנד, וואָס ווערן כסדר באַמבאַרדירט. פראַנקרייך איז פריי, און אָט איז וויקטאָר אין פּאַריז. ער האָט געקראָגן אורלויב און אַ דערלויבעניש צו זיין אין פּאַריז צוויי וואָכן. די באַגעגעניש, שרייבט ער צו יוספן, איז געווען פאַר רבקהן — ווען ער רופט „מאַמע״ — אַ גרויסע פריידיקע איבעראַשונג. זי האָט אים אויפגענומען מיט פרייד. ער איז אַריינ־געקומען אין דעם הויז, לויט דער אַדרעס וואָס ער האָט געהאַט, און געטראָפן דאָרטן רבקהן, איר אַלטן פאָטער, רב שמואל, און איר שוואָגער וולאַדימיר. גלייך ביים אַריינקומען אין הויז האָט וויקטאָר אַ פרעג געטאָן:

— „איר זייט רבקה שאַליט, יוספס פרוי?״

— „יאָ״, — איז געווען איר ענטפער.

— „און איך בין וויקטאָר, אייער זון״, — האָט ער אַ שמייכלדיקער געזאָגט.

רבקה האָט אים אַרומגעכאַפּט:

— „איך ווייס שוין אַלץ, איך ווייס שוין אַלץ״, — האָט זי מיט טרערן פון פרייד אים באַגריסט.

שעהן לאַנג זיינען זיי געזעסן. זי האָט וויקטאָרן דערציילט וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין די יאָרן ווען די נאַציס האָבן דאָ געהערשט. אין דעם בריוו שרייבט וויקטאָר, קען ער אַלץ נישט אַרויסשרייבן, דאָס איבעריקע וועט שוין דערציילן איינער פון זיי ביידע. ווער עס וועט פריער קומען קיין אַמעריקע. ווי עס ווייזט אויס, וועט רבקה פריער זיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווי ער, ווייל די אַמעריקאַנער אַרמיי וועט נאָך, ווי עס זעט אויס, דאַרפן לאַנג פאַר־בלייבן אין אייראָפּע.

יוסף האָט דערוואַרט רבקהס אָנקומען מיט געמישטע געפילן. ער האָט געטאָן אַלץ אַז די רייזע זאָל רבקהן זיין באַקוועם, און אַז זי זאָל האָבן אַלע אויסקומענישן אין וועג אויפן בעסטן אופן.

געלט איז געווען דאָס מינדסטע וואָס האָט אים באַאומרואיקט. געלט קומט און גייט אַוועק. ער וועט אַרבעטן און פאַרדינען אויף זיין אויסקו־מעניש, דערין האָט ער געהאַט בטחון. עס איז ניט פוילן און ניט פראַנק־רייך. דאָ האָט ער פריינד, באַקאַנטע און ער וועט נישט פאַרפאַלן ווערן. וואָס עס האָט אים יאָ באַאומרואיקט און אינערלעך צערודערט, איז דאָס פאַרגעפיל וואָס ער האָט איצט געהאַט וועגן דעם ווידער־צוזאַמענקומען זיך

מיט רבקהן... זינט זייער חתונה איז זייער לעבן געווען ווייט פון גליק, אַזוי פון אָנפאַנג אָן.

אין זיגזאַגן, אין פרייד און אין צער איז געגאַנגען דאָס לעבן זייערס. מינוטן פון פרייד באַגלייט פון אַ פרעמדקייט און פול מיט טרויעריקע אי־בערלעבונגען. באַזונדערס זינט דעם טויט פון זייער איינציק קינד שרהלע, איז די פרעמדקייט צווישן זיי נאָך שטאַרקער געוואָרן. עפּעס ווי אַ וואַנט וואָלט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער און זייביידן פונאַנדערגעשיידט. דאָך, טראָץ דער פרעמדקייט צווישן זיי, איז איצט געקומען דאָס געפיל פון אחריות. ער איז איר מאַן ער דאַרף אַלץ טאָן דעם דאָזיקן געפיל פון פרעמד־קייט צו פאַרטרייבן און צעברעכן די וואַנט וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן זיי דורך די יאָרן פון דער מלחמה. ווי וועט רבקה רעאַגירן אויף דעם אַלעם וואָס ער האָט געטאָן? אָט דאָס כלומרשטע חתונה האָבן מיט מרימען, אַז ער, מרים, וויקטאָר און סטעפע זאָלן זיך קענען ראַטעווען פון היטלערן, ימח שמו, און פון סאָוועט־רוסלאַנד, כדי צו געפינען אַ מקום־מקלט אין דעם פרייען לאַנד אַמעריקע?.. וועט רבקה פאַרשטיין אַז ער האָט נישט געקענט האַנדלען אַנדערש? די דאָזיקע פראַגעס האָבן יוספן געמאַטערט, וואַרטנדיק אַז אין אַ ליאַדע טאָג וועט רבקה זיין דאָ אין ניו־יאָרק.

* * *

מיט גרויס אומגעדולד האָט אויך מירל געוואַרט אויף רבקהס אָנקומען. רבקה, די אַמאָליקע נאָענטע פריינדין אירע, האָט יוספן טאַקע געוואונען, אים צוגענומען פאַר זיך — פונדעסטוועגן האָט מירל געוואַרט צו זען רבקהן פּנים אל פּנים. עס האָט אויך געוואַרט אויף רבקהן דער ברודער אהרן וואָס האָט רבקהן שוין יאָרן ניט געזען, זינט ער האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל זיינס מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק, ווען רבקה איז נאָך געווען כמעט אַ קינד.

און אָט שטייט יוסף שוין ביי דער שיף מיט וועלכער רבקה דאַרף אָנקומען. ער זעט זי פון דער ווייטן. ער דערקענט איר גאַנג אויף די טרעפּ. זי איז אויסגעפּוצט און זייער שיין אָנגעטאָן. דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים, און ער ווייס ניט צי פון פרייד צי פון שרעק פאַר דעם אומבאַוואוסטן וואָס דערוואַרט אים מיט רבקהס אָנקומען. זיי צעקושן זיך. מירל פאַלט רבקהן אויפן האַלדז. מען וויינט און מען לאַכט. דער ברודער אהרן דערקענט זי לויטן בילד און רבקה קוקט אויף איר ברודער אהרן, ווען זי געדענקט קוים. און ווידער באַטראַכט זי יוספן. זי שמייכלט און שווייגט. יוסף פילט אין איר שווייגן ווי זי וואָלט געטראָגן אַ סוד אין האַרצן, אַ סוד וואָס זי קען אים נישט אויסזאָגן.

* * *

אויפן וועג אַהיים איז יוסף פול מיט רייד. ער פרעגט רבקהן איין פראַגע נאָך דער צווייטער און ער וואַרט ניט אויף קיין ענטפער. ער דערציילט איר, אַז דערוויל וועט זי מוזן וואוינען מיט אים אין דעם איינעם צימער, וואו ער וואוינט אַלס באַרדער. דערוויל וועט זי זיך אויסרוען. ער האָט אַלץ איינגעאָרדנט. רבקה איז געזעסן אין דער טעקסי אַ שווייגנדיקע און גע־שמייכלט מיד. זי האָט ווינציק וואָס גערעדט.

צומאָרגנס איז רבקה געוואָרן רעדעוודיקער. זי פאַרשטייט אַלץ. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מרימען. אָבער זי איז ניט געווען צודרינגלעך.

— „דו דאַרפסט מיר נישט אַלץ דערציילן, איך פאַרשטיי אַלץ. עס האָט דאָך אַנדערש נישט געקענט זיין. די פינצטערע מלחמה איז אין אַלעם שול־דיק. פון זינט מיר האָבן חתונה געהאָט איז אַלע מאָל געווען עמעצער. פריער מירל, איצט מרים. יאָ, יוסף, דו האָסט אַנדערש נישט געקענט. מרימס לעבן האָסטו געדאַרפט ראַטעווען. נו, איך האָב דיר אויך עפּעס צו דערציילן".

און רבקה האָט גענומען יוספן דערציילן פון איר לעבן אין פראַנקרייך, אין די יאָרן פון דער מלחמה.



# 23



ס זיינען געווען די ערשטע טעג ווען די נאַציס האָבן געהאַלטן ביים אַריינמאַרשירן אין פּאַריז. רבקה איז אַנטלאָפן פון פּאַריז צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן. די שוועסטער טערצע און איר מאַן וולאַדימיר זיינען דערווייל געבליבן אין שטאָט ביים געשעפט. וולאַדימיר איז אַ רוס. אַ זון פון אַ צאַרישן גענעראַל. „אפשר וועלן די נאַ־ציס זיי לאָזן צורו", — האָט טערצע געטראַכט. אָבער טערצע האָט געמוזט אַנטלויפן. די נאַציס האָבן זי געכאַפּט און צוריק־געשיקט קיין פּוילן. רבקה האָט שפּעטער אויסגעפונען אַז טערצע איז צו־זאַמען מיט נאָך טויזנטער יידן אומגעקומען אין אַשווענטשים. רבקה האָט זיך געראַטעוועט. זי איז אָנגעקומען אין אַ דאָרף, ערגעץ אין פראַנקרייך. איבער־גענעכטיקט און איז צומאָרגנס אַרויס איבערן דאָרף. זי האָט זיך אָנגעטאָן דאָס שענסטע קלייד, וואָס זי האָט מיטגענומען מיט זיך, זיך פאַרפּוצט און פאַרקעמט די האָר לויט דער לעצטער מאָדע. רבקה האָט זיך באַמיט אויס־צוזען ווי אַן אמתע פראַנצויזקע. זי האָט יעדן געקוקט דרייסט אין פּנים אַריין, געשמייכלט, און די דאָרפס־לייט האָבן זי טאַקע אָנגענומען פאַר אַן אמתע פראַנצויזקע שוין פון דור־דורות. יענעם טאָג האָט זי זיך באַקענט מיט אַן אַלטער פרוי. די אַלטיטשקע האָט געפּלאַפּלט און זיך פאַרגעשטעלט. איר נאָמען איז: מאַטילדע מענסאָן. אפשר זוכט זי, רבקה, אַ צימער? זי איז איינע אַליין. די קינדער — אַלע אויסגעגעבן. איר מאַן איז נאָך מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן. די אַלטיטשקע וואָלט געווען גליקלעך צו האָבן אַזאַ ווי רבקה, אַלס שכנטע.

די אַלטע האָט, דוכט זיך, פאַרשטאַנען, אַז רבקה קומט פון פּאַריז, און אַז זי איז אַ יידישקע. זי זוכט דאָ צו בלייבן ביז די מלחמה וועט אַריבער. אין דעם דאָרף האָט מען קיין דייטשן ניט געזען. אַלע פראַנצויזן אין דאָרף, אויך די פּאָליציי אַפילו, האָבן געהאָלפן אויסבאַהאַלטן די אַנגעלאָפענע יידן וואָס האָבן מאַסנווייז אַהער געשטראָמט פון פּאַריז און זיך געלאָזן ווייטער אין וועג.

רבקה איז אַוועק צו דער אַלטער פרוי מאַטילדע, און זי איז שוין דאָרט פאַרבליבן ביז זי האָט דאָס דאָרף פאַרלאָזט.

רבקה האָט אַ זיפץ געטאָן. זי איז געבליבן זיצן אַ טרויעריקע. יוסף האָט אויך געשוויגן אַ ווייל. דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— „נו, אַבי דו ביסט אַלץ איבערגעקומען. איצט הייבט זיך אָן אַ ניי לעבן אין אַ ניי לאַנד!"

* * *

רבקה האָט יוספן גאָר נישט געענטפערט. פאַר אירע אויגן האָט אַ שוועב געטאָן די געשטאַלט פון איר פראַנצויזישן פריינד לעאָפּאָלד, מיט וועמעס טיף־שוואַרצע אויגן זי האָט זיך דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַגעגנט...

זי האָט זיך דערמאָנט: אָט קוקט זי אַרויס דורכן פענצטער און באַ־טראַכט דעם שיינעם גאָרטן, וואָס קענטיק אַז ער ווערט אָפּגעהיט און גוט אויפגעפּאַסט. אַרויסקוקנדיק האָט רבקה באַמערקט אַ מיטל־יאָריקן מאַן, וואָס שפּאַנט אַרום די ביימער און רייסט אַרויס די ווילדע געוויקסן און גראָזן. רייניקט און קערט די שמאָלע סטעזשקעס. פון צייט צו צייט כאַפּט ער אַ בליק צום פענצטער, צו רבקהן. זייערע בליקן באַגעגענען זיך. עס האָט לאַנג נישט גענומען און זיי האָבן זיך באַקענט... דער שכן, מאַסיע לעאָפּאָלד, ווערט אַן אָפּטער אַריינגייער צו דער אַלטיטשקער. ער פלעגט אויסזוכן אַלערליי תירוצים אַבי כאַפּן אַ קוק אויף רבקהן. זי האָט אים פאַרכאַפּט מיט איר יידישן חן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער מאָסיע איז אַן אַרבעטער אין אַ גרויסער פאַבריק. דאָס ביסל פרייע צייט גיט ער אָפּ דעם גאָרטן. אויך רבקהן איז ער געפעלן מיט זיין שיין רעדן, מיט זיין הויכער וואוקס און מיט זיינע מאַניערן. איצט, אין די אומעטיקסטע טעג פון איר לעבן, אַן עלנדע אין פרעמדן לאַנד, אין איר טרויער נאָך דער שוועסטער און נאָך משפחה אין פּוילן, האָט דער מאָסיע לעאָפּאָלד איר געבראַכט אַביסל פרייד. זי האָט אין געדאַנק אים אָפּט פאַרגליכן צו יוספן, מיט זיין קאַלטער באַציאונג צו איר אַפילו אין די גוטע צייטן. ביסלעכווייז האָט די ליבשאַפט לעאָפּאָלדס רבקהן שטאַרק אימפּאָנירט. רבקה פלעגט פאַרגעסן אויף אַ ווייל אירע

לײַדן, אין די מינוטן ווען זײַ פֿלעגן בײדע זײַן צוזאַמען. זי האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קײן חשבון. אַזוי האָבן זיך געצויגן די מלחמה־יאָרן אין דאָרף. די אַלטע מאַטילדע מענסאָן האָט זיך צופֿיל נישט געמישט אין רבקהס פּריוואַטן לעבן. אָבער רבקה האָט איר פּינקטלעך געצאָלט דאָס חודשלעכע דירה־געלט. זי האָט געזען ווי מאָסיע לעאָפּאָלד קומט יעדן אָוונט, נאָכן פֿאַרטיק ווערן מיט זײַן גאָרטן, און נעמט רבקהן ערגעץ וואו אַרויס. בײַ טאָג פֿלעגט רבקה אַרבעטן אויף דער נײ־מאַשין. נײען קלײדער פֿאַר די שכנים, און פֿאַרריכטן אַלטע קלײדער פֿאַר די אָרעמע פֿרויען פֿון דאָרף. זי האָט קוים געהאַט אויף איר אויסקומעניש. איר שוועסטער טערצע האָט איר מיטגעגעבן אַביסל געלט בײַם פֿאַרלאָזן פּאַריז. אַביסל געלט פֿלעגט זי אויך קריגן פֿון יוספֿן דורכן רויטן קרײַץ. איצט דער מאָסיע לעאָפּאָלד. ער האָט זיך באַמיט צו טאָן אַלץ איר צו העלפֿן.

זי געדענקט נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען. צי די פֿרעמדקײט וואָס זי האָט כסדר געפֿילט צו יוספֿן, צי אפֿשר האָט געווירקט די אמתע פֿרײַנדשאַפֿט פֿון לעאָפּאָלדן צו איר, — זי איז צוגעצויגן געוואָרן צו אים.

דורך דער צײַט האָט רבקה געקראָגן בריוו פֿון יוספֿן. זי האָט געענטפֿערט. יאָ, זי איז געווען גרייט צו קומען קײן אַמעריקע. כאָטש אָן חשק. זי האָט לעאָפּאָלדן דערצײלט פֿון איר באַשלוס. רבקה האָט געזען לעאָפּאָלדס טרויעריק פּנים. וואָס נענטער עס זײַנען אָנגעקומען די טעג פֿון באַפֿרײַאונג, אַלץ אומרואיקער איז רבקה געוואָרן. מער נאָך — לעאָפּאָלד. די דײַטשן זײַנען געלאָפֿן אויף צוריק. האַלב פּוילן איז שוין געווען אין די הענט פֿון דער רויטער אַרמײ. אויך פֿראַנקרײַך איז שוין כמעט אײַנגענומען געוואָרן פֿון די אַמעריקאַנער און קאַנאַדישע סאָלדאַטן. באַלד וועט פּאַריז באַפֿרײַט ווערן. דער טאָג פֿון נצחון קומט!

רבקה האָט זיך געריסן צוריקצופֿאָרן קײן פּאַריז. זי האָט דאָך געוואָלט וואָס גיכער אויסגעפֿינען ווער עס איז געבליבן לעבן פֿון איר משפּחה. אפֿשר איז פֿאָרט אַ ליגן די נײַעס פֿון טערצעס אומקום? אפֿשר לעבט זי ערגעץ באַהאַלטן אין אַ פֿראַנצײזישער הײם?

זי האָט געוואַרט אויפֿן טאָג ווען די דײַטשן וועלן אַרויסגעטריבן ווערן פֿון פּאַריז. יאָ, די פֿולשטענדיקע מפּלה פֿון די נאַציס איז נאָענט. לעאָפּאָלד און רבקה זײַנען געזעסן בײַ דער ראַדיאָ און זיך צוגעהערט צו די פֿרײדגעשרײען פֿון די פֿראַנצײזן אויף די גאַסן פֿון פּאַריז. די נײַסן ווי אַזוי די אונטערערדישע קעמפֿער, די „מאַקיס״ האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט פּאַריז און געכאַפּט די נאַציס אין די גאַסן. די פֿראַנצויזן האָבן איצט נקמה גענומען אין זײ!...

דאָס געזעגענען זיך מיט לעאָפּאָלדן איז רבקהן אָנגעקומען שווער. זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז זי פאָרט קיין אַמעריקע ניט אויף לאַנג. עפּעס זאָגט איר דאָס האַרץ אַז אויך די רייזע קיין אַמעריקע, אויב עס וועט איר געלינגען, וועט ניט זיין אויף לאַנג. אַמעריקע דאַרף מען זען! יאָ, זי מוז אַפּריער פּרוּוון איר מזל נאָך איין מאָל. און זי זאָגט צו לעאָפּאָלדן אים אָפט צו שרייבן. ער וועט זען, זי וועט האַלטן וואָרט.

נאָך דער באַפרייאונג פון פּאַריז, ווען די שיסערייען האָבן אויפגעהערט איז רבקה, באַגלייט פון לעאָפּאָלדן, אַוועק צום באַן. ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, ווי דער קוואַל פון אַלע זיינע קלוגע און שיינע רייד וואָלט אויסגעטריקנט. זי האָט אים פאַרשטאַנען. ער איז צו איידל, און ער וויל גאָרנישט אַרויפצווינגען אויף איר:

— „גערענק, רבקה, מיין הויז און מיין גאָרטן וועלן שטענדיק זיין אָפן פאַר דיר. דאָס איבעריקע זאָל דער שיקזאַל באַשטימען!"

דאָס זיינען געווען לעאָפּאָלדס לעצטע ווערטער איידער רבקה איז אַריין אין באַן וואָס האָט זי געבראַכט קיין פּאַריז.



# 24



ונקט ווי יוסף אַזוי האָט אויך רבקה דערוואַרט דאָס צונויפקומען זיך מיט געמישטע געפילן. זי האָט דערציילט פון איר לעבן, אָבער יוסף האָט געפילט ווי עפּעס ווערט נישט דערזאָגט. אין אירע רייד, אין איר פאַרטראַכטן זיך בעתן דערציילן פון אירע איבערלעבונגען אין פראַנצייזישן דאָרף ווילאָן, איז עפּעס אויסגעלאָזן געוואָרן. יאָ, עפּעס באַהאַלט זי פון אים. יוספן האָט שוין באַנג געטאָן וואָס ער איז דווקא יאָ געווען פריי און אויפריכטיק און איר איבערגעגעבן כמעט אַלץ פון זיינע איבערלעבונגען ביז אַהער.

דאָך האָט עס אויסגעזען אַז זיי וועלן זיך ווי עס איז צוזאַמענלעבן. פאַרגעסן אין אַלץ וואָס איז געווען פריער. דער טרויער נאָך די אייגענע, און דער גרויסער אומגליק פון די מיליאָנען אומגעקומענע יידן, וואָס מ׳האָט זיך ערשט דערוואוסט מיט אַלע פּרטים נאָך דעם זיג איבער די דייטשישע באַרבאַרן, האָט זיי ביידן ווי צוריק דערנענטערט און אַביסל פאַרטריבן די פרעמדקייט צווישן זיך.

יוסף איז אַוועק אַרבעטן. רבקה איז געוואָרן אַ באַלעבאָסטע, געקאָכט און געראַמט דאָס הויז, און אויף אַ צייט האָט זיך יוספן געדוכט אַז איצט, אין דעם שפּעט־זומער פון זיין לעבן, וועט זיך אַלץ איינשטעלן און קריגן אַ זין, אַ נייעם אינהאַלט ווייטער צו לעבן. ער וועט אַרבעטן און זיך אָפּגעבן מיט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. ער וויל אַלץ פאַרגעסן. פון צייט צו צייט פלעגט אים באַפאַלן אַ סך ספקות. דאָס אָפטע שווייגן רבקהס, איר פאַרטראַכטקייט איז געווען פאַר אים אַזוינס, וואָס ער האָט ביי איר פריער, אין די יאָרן ווען זיי זיינען גע־

ווען צוזאַמען, קייז מאָל נישט געזען. ער האָט עפּעס פאַרדעכטיקט. אפשר האָט זי דאָרטן, אין פראַנקרייך עמעצן איבערגעלאָזן נאָך וועמען זי בענקט אַזוי שטאַרק? אָדער אפשר מאַכט ער אַ טעות, און ס'איז בלויז דער צער און טרויער וואָס זי פילט נאָך די אייגן־אומגעקומענע אין פּוילן? און ווידער, — האָט ער דען אַ רעכט זיך צו גריבלען, פרעגן און חושד זיין?... וואָס איז מיט אים אַליין? וואָס איז מיט מרימען, וואָס האָט געהאָפט אויף אים? אפשר טראַכט רבקה גאָר פון איר, פון מרימען, כאָטש זי פרעגט גאָר נישט וואו זי איז? וואוינט זי דאָ אין ניו־יאָרק? אָדער זי געפינט זיך אין אַן אַנדער שטאָט?

ס'פלעגט יוספן אָפט גאָר פאַרדריסן וואָס רבקה דערמאָנט גאָר נישט מרימס נאָמען. איר גלייכגילטיקייט צו דעם אַלעם וואָס יוסף האָט איר דער־ציילט, פון זיין כלומרשטן חתונה האָבן מיט מרימן און דאָס גטן זיך מיט איר. יאָ, זיין לעבן איז איין גרויסער פּלאָנטער.

ער האָט דערפאַר זיך מער אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט פאַרן בוך פון זיין היים־שטאָט און אין דער הילפס־אַרבעט צו שטיצן די שארות־הפליטה, דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן וואָס געפינען זיך נאָך אַלץ אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשישער ערד, און מען דאַרף זיי העלפן אַרויס־נעמען פון דאָרט, און זען זיי זאָלן אָנקומען, ווער קיין ארץ ישראל, ווען קיין אַמעריקע אָדער קאַנאַדע.

* * *

אַ פּאָר חדשים נאָך איר זיין אין ניו־יאָרק איז רבקה קראַנק געוואָרן. זי האָט געדאַרפט דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. ווידער ליידן, ווידער אומעט און טרויער אין די פּוסטע צימערן. רבקהס זיין אין שפּיטאָל האָט יוספן צעבראָכן. די גוטע פריינדין מירל טרעט ניט אָפּ פון רבקהס בעט. זי קומט יעדן טאָג אין שפּיטאָל און לאָזט אַפילו איבער איר אייגענע באַלעבאַטיש־קייט אויף הפקר.

אין די דאָזיקע טעג פון רבקהס געפינען זיך אין שפּיטאָל, גייט יוסף דורך שבעה מדורי גיהנום. ער פילט ווי די כחות גייען אים אויס.

„גאָט", — טראַכט ער — „האָב איך ווינציק נאָך דורכגעמאַכט אין מיין לעבן? האָב איך ווינציק נאָך געליטן? ווי טראַגיש איז דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן. זיך ווינציק אָנגעליטן ביז איך האָב זיך געראַטעוועט אַהער אין דעם פרייען לאַנד? און איצט, אַז איך בין גרייט גאַנץ צו מאַכן מיין לעבן, אויפצושטעלן זיך אַ געצעלט און פּרוּווּן אַלץ פאַרגעסן, דאַרף רבקה קראַנק ווערן".

יוסף האָט אין האַרצן געבעטן אַז רבקה זאָל געזונט ווערן. עס האָט אים

אַרומגענומען אַ רחמנות אויף איר לעבן. עס זיינען פאַרביי פאַר זיינע אויגן די אַלע יאָרן פון זיין לעבן מיט איר: — וואַרטע, פּאַריז, וואַרשע, דאָס טעכטערל שרהלע, איר טויט, דאָס איינזאַמע קבר׳ל אויפן פּאַריזער בית־עלמין. אַ פינצטערער גורל באַגלייט אים אַלע יאָרן.

רבקהן איז בעסער געוואָרן.

נאָכן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל איז זי אַוועקגעפאָרן אין אַן אָפּרו־פּלאַץ, אין די בערג, כדי זי זאָל קומען צו זיך נאָך דער ערנסטער אָפּעראַציע. זי איז צוריקגעקומען אַ געזונטע. יוסף האָט אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט. ער איז אין האַרצן געווען גרייט צו באַנייען זיין לעבן מיט רבקהן און אַלץ גוט מאַכן. אפשר וועט צו זיי ביידן שוין קומען דאָס ביסל רו און גליק נאָך וועלכן ער גאַרט און בענקט שוין אַזוי שטאַרק אַלע זיינע יאָרן.

אָבער עס איז, ווייזט אויס, ניט באַשערט געווען יוספן אַז רבקה זאָל אויסלעבן די יאָרן מיט אים. יוסף האָט ביסלעכווייז באַמערקט ווי רבקה ווערט רעדעווודיקער. איר אָפט שווייגן ווערט איבערגעריסן, און אירע רייד — אין די געשפּרעכן וואָס זי פירט מיט יוספן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין דער וועלט, ווערט איר קול פול מיט כעס און פאַרדראָס. פון טאָג צו טאָג ווערן אירע רייד וועגן אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך, אַלץ שטעכיקער און פול מיט פאַרוואורפן.

ווייזט אויס אַז שוין דאָרטן, אין דעם פראַנצייזישן דאָרף מיט די פראַנ־צייזישע פריינד און אונטער דער ווירקונג פון איר פריינד לעאָפּאָלד, איז רבקה געוואָרן אַלץ מער לינק געשטימט. זי האָט דאָס באַטירלעך געוואָלט באַהאַלטן, וויסנדיק גאַנץ גוט יוספס שטעלונג צו דער וועלט, באַזונדערס נאָך זיינע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען בעת דער צווייטער מלחמה אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויפן וועג קיין אַמעריקע.

* * *

דעם ערשטן צוזאַמענשטויס וואָס יוסף און רבקה האָבן געהאַט, זינט איר געזונט ווערן, און וואָס האָט אים ,יוספן, טיף צערודערט, איז געווען בעת אַ געשפּרעך וועגן דער טראַגעדיע ערליך־אַלטער. די צוויי באַליבטע פירערס וואָס זיינען אומשלדיקע, דערמאָרדעט געוואָרן, פון די סאָוועטישע „סאָציאַליסטיש־יורשדיקע" ריכטער.

— „איך גלויב נישט אין די אַלע ליגנס וואָס דער „פאָרווערטס" שרייבט דאָרטן!" — האָט רבקה מיט כעס אַ זאָג געטאָן.

— „וואָס הייסט דער ,פאָרווערטס׳? — האָט איר יוסף צוריקגעפרעגט — „די גאַנצע ענגלישע פּרעסע איז דאָך פול מיט דער דאָזיקער נייעס. און פירערס פון דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג באַמיען זיך דאָך אויסצוגעפינען פאַרוואָס

און פאַרוועזן מ׳האָט זיי אומגעבראַכט. ווי קענסטו, רבקה, אַזוי רעדן? דו האָסט דאָך זיי גוט געקענט. זיי זיינען דאָך געווען דיינע פריינד, פונקט ווי מיינע. גלויבסטו טאַקע אַז ערליך און אַלטער האָבן געהאָלפן היטלערן, ימח שמו?״...

רבקה האָט געשוויגן. אָבער יוסף האָט נישט אָפּגעלאָזט און ווידער אָנגעהויבן:

— „עס האָט דאָך געקענט פּאַסירן מיט מיר דאָס זעלבע. איך בין דאָך געווען אין זייערע הענט״.

— „נו, וואָלט געווען פאַרפאַלן!״ — האָט רבקה רואיק אַ זאָג געטאָן.

יוסף איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון איר קאַלטבלוטיקן ענטפער און איז אַריין אין אַנדערן צימער, זיך אַוועקגעזעצט שרייבן די זכרונות זיינע פאַרן לאַנדסמאַן־בוך. ער האָט אָבער נישט געקענט רעכט נעמען די פעדער אין האַנט. רבקהס רייד, די שנאה אירע צו יעדן וואָס וואַגט זאָגן אַ שלעכט וואָרט אויף סאָוועט־רוסלאַנד, — האָט אים צערודערט. און ער האָט געמוזט אַרויס פון הויז יענעם אָוונט, זיך דורכגיין אַביסל, אפשר וועט ער זיך באַרואיקן אויף דער פרישער לופט אין דרויסן.

יוסף האָט געשריבן זיינע זכרונות. איין מאָל האָט ער אַ פרעג געטאָן רבקהן צי זי וויל לייענען דעם מאַנוסקריפּט.

— „איך האָב שוין געלייענט דיינע קלוגע רייד וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד״ — האָט זי אים געענטפערט.

יוסף האָט זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. נאָך אַ ווײַלע שוויגן, האָט רבקה געזאָגט:

— „ווען דו ביסט ביי דער אַרבעט, קוק איך אַריין אַ מאָל אין די בלעטלעך וואָס דו שרייבסט. מילא, דאָס וואָס דו שרייבסט פון דיינע קינדער־יאָרן, און וועגן צאַר און די רעוואָלוציע־יאָרן איז ניט שלעכט. נאָר דיינע מיינונגען וועגן סאָוועט־רוסלאַנד זיינען די זעלבע ווי פון אַלע פאַשיסטן! איך שעם זיך אַז מיין מאַן זאָל גאָר אַזוינס טראַכטן פון דעם לאַנד וואָס האָט געהאָלפן באַפרייען די וועלט פון פאַשיזם!״

יוסף האָט דערפילט ווי אַ תהום וואָלט זיך געעפנט פאַר אים. די פרעמדקייט וואָס איז תמיד געווען צווישן זיי איז ווידער אויסגעוואַקסן. רבקה פלעגט קיין מאָל נישט דיסקוטירן און זעלטן אָנטייל נעמען אין פּאָליטישע פראַגן. איצט האָט אַרויסגערעדט פון איר די רייד וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט אין די ניו־יאָרקער לינקע קרייזן מיט וועלכע זי איז געוואָרן לעצטנס גאָר נאָענט. יעדעס מאָל ווען זי פלעגט קומען פון אַ קאָמוניסטישער אונטערנעמונג, האָט רבקה זיך אָנדערציילט לויטער ניסים. דאָ האָט מען גערעדט וועגן דער רויטער אַרמיי, דאָ האָט זי געהערט אַ

לעקציע וועגן אַמעריקע און רוסלאַנד, און דעם פאַרגלייך פוןביידע לענדער, און דאָ, די צוקונפט פון דעם נייעם סאָוועטישן מענטש, וואָס וועט זיין אַ מוסטער פאַר דער וועלט. עס זיינען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן רבקהן און יוספן, און אַפילו מיט די פריינד וואָס האָבן יוספן באַזוכט. אויך מיט איר אַמאָליקער פריינדין מירל האָט זיך רבקה צעווערטלט. און רבקה האָט, איין מאָל, ממש אַלעמען ווי געטאָן מיט איר באַמערקונג: „איר אַמעריקאַנער יידן, האָט גאָר ווינציק געטאָן אין קאַמף מיטן פאַשיזם. איר האָט גאָר קיין קרבנות ניט געבראַכט, אין פאַרגלייך מיט די אונטערער־דישע קעמפער אין פראַנקרייך". יוסף האָט רבקהן איבערגעשלאָגן: — "דו האָסט איבערגעלעבט דאָרטן אין פראַנקרייך דאָס, וואָס יעדער ייד, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן, האָט דורכגעמאַכט. פאַרוואָס ביסטו נישט אַרויס זיך אָנשליסן צווישן די אונטערערדישע קעמפער? מסתמא האָסטו נישט געקענט. טאָ האָב נישט קיין טענה צו אַנדערע".

רבקהס פנים איז רויט געוואָרן.

— „און דו, גרויסער העלד, פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און זיך ניט אָנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי?"

אַמעריקע איז רבקהן גאָר ניט געפעלן.

זי האָט קיין גוט וואָרט ניט געהאַט פאַר דעם לאַנד וואָס איז געוואָרן דער מקום מקלט פאַר אַלע געליטענע און פאַרפאָלגטע. אַ באַזונדערע שנאה האָט זי געהאַט צו די רעכטע אַרבעטער־אינסטיטוציעס, די סאָציאַליסטן און בונדיסטן, — מחמת זייער קעגנערשאַפט צו די קאָמוניסטן מיט וועלכע זי האָט זיך איצט געחברט. יוסף האָט גראָד איצט געאַרבעט אין איינע פון די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אינסטיטוציעס. ער איז געווען צופרידן מיט זיין אַרבעט, ווייל דאָרט האָט ער געקענט מער אויפטאָן און אַרויסווייזן מער איני־ציאַטיווע. ס'האָט זיך אים אָפט אויסגעוויזן, אַז ער איז אין וואַרשע, נישט אין ניו־יאָרק. אין דער אָרגאַניזאַציע וואו יוסף האָט איצט געאַרבעט איז ער געקו־מען אין קאָנטאַקט מיט יידישע שרייבער און אַרבעטער־פירער. ער האָט דורך זיי אויך טאַקע פיל אויפגעטאָן פאַר זיינע לאַנדסלייט, און אויך פאַר דער שאֵרית־הפליטה אין דייטשלאַנד.

# 25



ער איינזיצן אין הויז, האָט יוסף געפילט, קען ער ניט. ער דאַרף ווידער זיין אין דינסט פאַר די איבער־געבליבענע יידן אין פוילן און פון די וואָס גע־פינען זיך אין די דייטשישע לאַגערן. דאָס בוך „די געשיכטע פון די יידן אין וואַרטע" מוז פאַרשפּרייט ווערן, און ער וועט טאָן אַלץ צו העלפן שאַפן דעם גרויסן הילפס־פאָנד פאַר דער שארית הפליטה.

יוספס איינזאַמקייט ווערט פאַרשלונגען אין דער אַרבעט פאַרן כלל, ווי אַמאָל אין זיין יוגנט אין וואַרטע, פאַרגעסט ער אין זיין אייגן גליק. ער ווערט ווי געלייטערט אין זיינע ליידן, עס ווערן אים נאָענט און אייגן די שורות פון אַ ליד פון דעם דיכטער א. ליעסין:

„דאָס גליק צו קענען זיך אָפּזאָגן פון גליק".

יאָ, ער איז איצט אין אַזאַ מדרגה. ער פאָרט אַרום איבערן לאַנד, נעכטיקט יעדן טאָג אין אַן אַנדערער שטאָט. ער ווערט אַ משולח, באַזוכט די וואַרטער לאַנדסלייט, רופט אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון אַלע לאַנדסלייט. דאָס בוך וועגן זיין שטאָט איז אויסגעוואַקסן אין אַ גרויס און וויכטיק ווערק. ער פילט די פרייד פון שאַפן, פון טאָן עפּעס וואָס וועט בלייבן לדורות.

* * *

עס האַלט דערביי אַז יוסף זאָל פאָרן ווי אַ שליח אין דעם באַפרייטן פוילן. די לאַנדסלייט דאָ ווילן דורכאויס אַריבערשיקן געלט צו די נויט־באַדערפטיקע. אָבער פּלוצעם בייט זיך אין פוילן דער רעזשים. פוילן ווערט אויס דעמאָקראַטיש, די קאָמוניסטן דאָמינירן דאָס לאַנד. אויך דער „בונד" אין וואַרשע, וועמען עס ווערט כלומרשט דערלויבט צו עקזיסטירן, בייט

דעם פּראָגראָם. עס װערן געמאַכט אַרעסטן, און עס פֿאַרשװינדן, נישט בלויז די ייִדישע פּירער, נאָר אויך פּױלישע מלוכה־לײַט, װאָס זײַנען געקומען פֿון דער לאָנדאָנער פּױלישער גלות־רעגירונג צו אַרבעטן פֿאַר אַ באַנײַטן פּױלן. יוסף װערט געצװאונגען זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער רײזע קײן פּױלן, װאָס ער האָט אַזױ גערן געװאָלט דורכמאַכן.

דער טאָג װען דאָס בוך „װאַרטער ייִדן" איז דערשינען איז געװען אַ יום־טוב, אי אַ טאָג פֿון טרױער. אין אײנעם פֿון די גרױסע זאַלן אין ניו־יאָרק איז דער יום־טוב פֿון דעם היסטאָרישן װערק געפֿײַערט געװאָרן. יוסף האָט זיך געפֿילט װי אײנער פֿון די הױפּט־מחותנים בײַ דעם יום־טוב. ער האָט דאָך אַזױ פֿיל געטאָן אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל דערשײַנען! יאָ, מ׳דערמאָנט אים. מען רופֿט אױס זײַן נאָמען און דער עולם לאַנדסלײַט אַפּלאָדירט אים מיט טרערן אין די אױגן, װאָס ער, יוסף, האָט מעגלעך געמאַכט אַז די דאָזיקע „עיר ואם בישראל", דאָס ייִדישע װאַרטע זאָל נישט פֿאַרגעסן װערן! ער זיצט אױף דער בינע, ער הערט די אַפּלאָדיסי־מענטן און ער פֿילט װי זײַן לעבן איצט האָט אַ שטיקל זין. אין די טעג פֿון טרױער און פּײַן, האָט ער אױסגעפֿירט די שליחות און געהאָלפֿן אױפֿ־שטעלן אַ דענקמאָל נאָך די אומגעקומענע קדושים פֿון זײַן הײם־שטאָט. זײַן אײנזאַם לעבן האָט געקראָגן אַ תיקון.

רבקה האָט אָפֿט גערעדט װעגן צוריקפֿאָרן קײן פּאַריז. יוסף האָט אַלץ מער אָנגעהױבן פֿילן אַז דאָס איז נישט בלױז אַ בענקשאַפֿט צום פּאַריזער אַרט לעבן. עפּעס ציט איר קײן פֿראַנקרײַך. מיט פֿאַראַכטונג האָט זי איצט גערעדט װעגן אַמעריקע און די משונהדיקע מנהגים דאָ הי. אַלץ מער האָט זי זיך באַגײסטערט װען זי פֿלעגט דערמאָנען דאָס פֿראַנ־צױזישע אַרט לעבן.

— „אַמעריקע איז אױפֿן װעג צום פֿאַשיזם" — פֿלעגט זי יוספֿן אַ שטאָך טאָן אָן אַ פֿאַרװאָס. יוסף האָט געפֿילט אַז נישט בלױז אַמעריקע האַסט זי, נאָר אַז זי טראָגט אױך צו אים אַלײן אין האַרצן אַ באַהאַלטענע שנאה. דאָס צאָלט זי אים אָפּ פֿאַר דער גלײַכגילטיקער, קאַלטער באַציאונג פֿון יוספֿן צו איר אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן.

יוסף האָט אַ זאָג געטאָן:

— „װען נישט אַמעריקע, װער װײס װאו דו װאָלסט געװען! און װאָס שײַך די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אינסטיטוציע, װאָס דו האָסט אַזױ פֿײַנט — די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט מיר געהאָלפֿן דיך אַהערברענגען. און נישט נאָר דיך אַלײן — טױזנטער ייִדן קומען אַהער אַ דאַנק דער הילף פֿון דער דאָזיקער אַרבעטער־אינסטיטוציע".

רבקה האָט יוספן שפּאָטיש געענטפערט:

— „דאָס געלט פון דיין אינסטיטוציע קומט פון פאָלק, ס'איז נישט זייערס. זיי, דיינע פירער, זיינען שונאים פון פאָלק!"

— „דאָס איז מיאוס און געמיין אַזוי צו ריידן", — האָט יוסף איר איבערגעשלאָגן מיט אַן אויפרעגנדיקער שטים.

רבקה איז צוגעלאָפן און יוספן דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים.

יוסף איז געבליבן אַ צעטומלטער. אויף דעם האָט ער זיך נישט געריכט! ער האָט זיך מיט אַלע כוחות באַהערשט, אַרויסגעלאָפן פון צימער און צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— „דאָס איז דער סוף!"

ער האָט זיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל און איז אַראָפּ אין גאַס. עס האָט אים געקלעמט אין האַרצן. ער האָט אָנגעקלונגען צו רבקהס ברודער, אהרן, און אים דערציילט וואָס עס איז געשען. ער קען מיט רבקהן מער אין איין שטוב נישט זיין. זי רייסט זיך קיין פּאַריז, ווי זי וואָלט דאָרטן האָבן עמעצן זייער אַ נאָענטן. איר שנאה עסט אים אויף. זאָל זי פאָרן צוריק, אויב זי וויל. ער וועט מער אַהיים נישט קומען. די בעסטע זאַך איז: זאָל זי זיך שוין אַרויסקלייבן. ער איז גרייט זי אויסצוהאַלטן ביז זי וועט אָפּפאָרן, און אַפילו דעקן די הוצאות פאַר איר רייזע. עס איז דער בעסטער אויסוועג פאַר זיי ביידן.

געגעכטיקט האָט יוסף ערגעץ אין אַ האָטעל. ער האָט אַלץ איבערגע־טראַכט, ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג. און כאָטש ער איז געווען פאַרשולדיקט אין חובות צוליב רבקהס קראַנקייט, האָט ער געקראָגן אַן הלוואה פון זיינס אַ נאָענטן פריינד. רבקה האָט זיך געדונגען און געוואָלט וואָס מער אַרויס־קריגן פון יוספן. און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז רבקה אָפּגעפאָרן קיין פראַנקרייך.



# 26



וריקגעקומען איז יוסף אין זיין וואוינונג נאָך רבקהס אַוועקגיין. ס׳איז אים געווען פּוסט און וויסט אויף דער נשמה. אויף דעם האָט ער זיך נישט געריכט. אָבער, ווייזט אויס, אַז אַזוי איז געווען באַשערט. פון זינט ער האָט חתונה געהאַט מיט רבקהן זיינען געווען צייטן וואָס האָבן געוויזן אויף סימנים פון פונאַנדערגיין זיך מיט איר אויף אַ חברישן אופן, ווי עס פּירט זיך צווישן מאָדערנע מענטשן. אָבער דאָ, ווי זי האָט געהאַנדלט, ליגט עפּעס דערביי אַ סוד. יוסף האָט געפּרוּווט אויסגעפינען. ער האָט געשריבן בריוו צו פריינד און באַקאַנטע אין פראַנקרייך און געוואָלט דערגיין פון וואַנען רבקהס שנאה שטאַמט, און פון וואַנען דער באַשלוס אירער צו פונאַנדערגיין זיך, אויף אַזאַ ניט־שיינעם אופן, האָט זיך גענומען. אָבער קיין קלאָרן ענטפער האָט ער נישט באַקומען.

נאָר דער סוד האָט זיך ווי פון זיך אַליין אַנטפּלעקט. אַ צוויי וואָכן נאָך רבקהס אַוועקפאָרן, ווען יוסף האָט זיך אַביסל באַרואיקט און אַנגעהויבן קומען צו זיך, אין די זעלבע דריי צימערלעך, האָט ער צופעליק געפונען אין אַ ווינקל פון זיין קליידער־שאַפע דעם נאָמען לעאָפּאָלד אויף אַ ווייס אַרומגעשוירן שטיקל טאָוול, מיט שטריקלעך אויף אַרומצובינדן אַ פּעקל. זוכנדיק אייך מאָל אין שאַפע אַן אָנצוג זיינעם וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט געטראָגן, האָט יוסף זיך געכאַפּט אַז עס פעלן אים מלבושים. די לעצטע וואָכן איז יוספן אין קאָפּ נישט געלעגן ווי ער גייט אָנגעטאָן.

„אַזוי, אַזוי״, — האָט יוסף אַ טראַכט געטאָן. — „ווייזט אויס, אַז רבקה האָט אָפּט געשיקט פּעקלעך״. זי האָט עס געטאָן גלייך פון די ערשטע טעג

פון איר אָנקומען אַהער. נאָר אַז זי זאָל טאָן אַזוינס, צונעמען זיינע מלבושים און שיקן אַן אומבאַקאַנטן פראַנצויז אַן זיין ווײסן, אויף דעם האָט יוסף זיך נישט גערעכנט.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און יוסף האָט אויסגעפונען צו וועמען רבקה איז צוריקגעפאָרן. דער ווייטיק און די בושה איז געווען גרויס. יאָ, רבקה האָט אים איצט אָפּגעצאָלט פאַר אַלץ כפל־כפלים.

טעג און נעכט איז ער איצט געווען אין שטוב. ער האָט קיינעם נישט געזען. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען, פריינד האָבן גערופן, נאָר יוסף האָט זיך אַנטשולדיקט: — „ער קען צו די זיצונגען נישט קומען. שפּעטער, קו־מענדיקע וואָך".

די אַרבעט אַרום דעם לאַנדסמאַנשאַפט־בוך האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט, ווייל יוסף איז געווען דער סעקרעטאַר און קיינער האָט זיין אַמט ניט געוואָלט איבערנעמען. און דאָ זיינען אָנגעקומען טרויעריקע ידיעות. פוילן איז שוין געווען באַפרייט און ערשט איצט האָט זיך געעפנט דער פינצטערער תהום, די מוראדיקע טראַגעדיע פון די יידן אין פוילן. ליידיקע שטעט אָן יידן! רעשטלעך קומען צוריק, זיי קענען אָבער אין פוילן נישט בלייבן.

אין וואַרשע און אין לאָדזש שאַפן זיך יידישע קהילות, אָבער נישט אויף צו בלייבן. מ׳ציילט די נפשות, און מען פאָרט אַרויס אויף דער פּראָווינץ. די טראַגעדיע ווערט נאָך גרעסער. די פּאָליאַקן וואונדערן זיך און קוקן אויף די לעבנגעבליבענע געציילטע יידן מיט שנאה. די פּאָליאַקן זיינען גאָר שטאַרק אַנטוישט: — „זע נאָר, זיי לעבן נאָך! אַבי מיר האָבן געמיינט אַז מ׳האָט זיי אַלע אָפּגעראַמט."



# 27



ין דער דירה וואָס יוסף האָט פריער געוואוינט מיט רבקהן, איז אים געווען שווער צו בלייבן. כאָטש ער איז איצט געווען פאַרטאָן אין אַר־בעט ביז איבערן קאָפּ: ביי טאָג אין דער ביור־ראָ פון דער גרויסער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, און אין אָוונט — זיצונגען; „בונד" און לאַנדסלייט־צוזאַמענקונפטן, רעליף־קאָמיטעט און דאָס פאַר־שפרייטן פונעם וואַרטע בוך. ער קען אין הויז נישט איינזיצן. ער מוז אַרויס פון דאַנען. יוסף באַשליסט צו בייטן זיין וואוינונג און זיך אַריבערציען נענטער צו דעם ביוראָ וואו ער אַרבעט. ער ווערט אַ באָרדער ביי אַ יידישער פאַמיליע אויף סעקאָנד עוועניו.

עס קומען אָן יידישע פליטים אין ניו־יאָרק, צווישן זיי אויך אַ פּאָר לאַנדס־לייט פון זיין שטאָט. ער נעמט זיי אויף אין זיין קאַנטאָר בייטאָג און אין די אָוונטן — אין זיין וואוינונג. ער איז מער ניט אַליין. ער געפינט באַקאַנטשאַפט צווישן די ניי־געקומענע. יאָ, צוויי גוטע, אינטימע פריינד פאַרמאָגט ער נאָך פון פריער. דאָס איז מירל און מרים. אַ מאָל געפינט ער צייט און ער באַזוכט מירלס הויז. ער באַמערקט ווי שמחה, מירלס מאַן ,קוקט קרום אויף זיינע באַזוכן און נעמט אים אויף נאָך קעלטער ווי פריער. אַ דאַנק מירלס פריינדשאַפט צו אים, זעט נישט יוסף שמחהס מאָדנע האַלטונג. און אָט אין איינעם אַן אָוונט, בעת יוסף איז געזעסן ביים טיש ביי מירלען אין הויז, באַ־וויזט זיך פלוצעם מרים. די גאַנצע צייט איז זי עפּעס ווי פאַרשוואונדן. איצט, נאָך רבקהס אָפּפאָרן , האָט אין מרימען אויפגעלעבט אַן אַלטער חלום. אמת, יוסף איז זיך נישט גוט באַגאַנגען מיט איר. מרים האָט געהאָפט אַז די

נאָענטקייט צווישן זיי וועט זיך אַנדערש ענדיקן. וואָכן און חדשים זיינען זיי דאָך געווען פאַרשריבן ווי מאַן און ווייב; די לאַנגע רייזע, די פריידן אוןליידן וואָס זיי ביידע האָבן דורכגעמאַכט צוזאַמען, — וועט פון דעם אַלעם גאָר נישט ווערן? וועט יוסף דאָס אַלץ פאַרגעסן?

מרים האָט זיך געפילט באַליידיקט פון דעם אופן ווי יוסף האָט זיך פון איר באַפרייט נאָכן אָנקומען אין ניו־יאָרק. מרים האָט ניט קלאָר פאַר־שטאַנען. האָט די טראַגעדיע פון דער צווייטער מלחמה, די געשעעניש מיט די יידן אין פוילן אים טאָקע אַזוי צערודערט? זי האָט געוואוסט אַז מיט רבקהן זיינען יוספס באַציאונגען קיין מאָל ניט געווען קיין גוטע. צו וואָס מיט אַ מאָל די כלומרשטע געטריישאַפט צו רבקהן און קאַלטקייט צו איר?

יוסף האָט מרימען באַגריסט פריינדלעך. ס׳איז אים אָבער געווען פיינלעך די באַגעגעניש. מרים האָט געזען קלאָר אַז פון די אַלע האָפנונגען וואָס זי האָט לעצטנס געהאַט נאָך רבקהס אַוועקפאָרן, וועט גאָרנישט ווערן. יוסף וויל פשוט איבעררייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט דאָס אָפן געזאָגט. רבקהס צוריקפאָרן, דער אופן פון זייער צעשיידן זיך, האָט יוספן אַזוי צע־טרייסלט, אַז זיינע באַציאונגען צו מרימען, ווי ליב זי איז אים געווען אַמאָל, האָבן אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער. ווי אויף צו להכעיס צו זיך אַליין, ווי זיך אַליין ווייז צו טאָן האָט יוסף דערשטיקט אין זיך אַלע געפילן וואָס זיינען אין אים נאָך פאַרבליבן צו זיין יוגנט פריינדין מרים. און מרים האָט דאָס דערפילט יעדן מאָל ביי די באַגעגענישן מיט יוספן אין מירלס הויז.

איין שטוב איז יוספן פאַרבליבן וואו ער האָט געקענט אַ מאָל אַריינקומען אין אַן אָוונט נאָך דער אַרבעט און געפינען אַ נאָענטן מענטשן, רעדן און אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, — דאָס איז געווען מירלס הויז. נאָר איין מירל האָט אים געקענט טרייסטן. נאָך די אַלע איבערלעבונגען זיינע איז מירל געבליבן די איינציקע וואָס האָט אים פאַרשטאַנען און מיטגעפילט זיינע ליידן. עס האָט אים געצויגן צו זיין נאָענט לעבן איר, ווי אַמאָל אין וואַרטע, כאָטש זי איז געווען אַ מאַמע פון אַ דערוואַקסענעם זון און כאָטש די יאָרן האָבן אַ סך געענדערט איר אויסזען. פאַר יוספן איז זי אָפט דערשינען ווי די מירל פון אַמאָל.

ער האָט זיך אָפט דערמאָנט יענעם פרימאָרגן, ווען ער האָט זיך אומ־געקערט מיט רבקהן פון דעם שטעטל וואו ער איז געפאָרן האַלטן אַ לעקציע.

ווער ווייס ,ווען רבקה פאָרט מיט אים נישט מיט אין יענעם שטעטל וואָלט ער אפשר פאַרשפּאָרט אַלע ליידן... אָבער פאַרפאַלן! אַזוי איז זיין גורל! איצט האָט מירל אין יוספן אַרויסגערופן זכרונות פון אַמאָל. עס איז בלויז געווען אַ פריינדשאַפט וואָס איז זיי ביידן פאַרבליבן פון די יונגע יאָרן.

יוסף האָט זיך געפילט גוט אין מירלס שטוב. אים איז גאָר נישט איינגעפאַלן אַז שמחה, וואָס האָט אים באַגעגנט מיט אַ קאַלטן „העלאָ" יעדעס מאָל ווען ער האָט יוספן געטראָפן פאַרטיפט אין אַ שמועס מיט מירלען, — אַז ער וועט אים גאָר חושד זיין אין פירן אַ לינקע ליבע מיט זיין ווייב.

איין מאָל אין אַן אָוונט איז יוסף געזעסן אין קיך און געשמועסט מיט מירלען ער האָט געטרונקען אַ גלאָז טיי און פאַרביסן מיט אַ היימיש־געבאַקענעם קיכל. מירל האָט איצט זיך אָפּגערוט פון איר אַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין שאַפּ און עס איז איר געווען אָנגענעם יוספס באַזוך און די רייד צווישן זיי: די זכרונות, וואָס האָבן זיך פון זיך אַליין געוויקלט און זייביידע צוריקגעבראַכט צו זייער יוגנט. זיי זיינען געווען אַזוי פאַרטיפט אין זייער געשפרעך, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געהערט שמחהס אַריינקומען. שמחהס פּלוצעמדיקער, פאַרדעכטיקטער אַריינקומען אין קיך, האָט אָפּגעשטעלט זייערע רייד, ווי זיי וואָלטןביידע זיך אויפגעכאַפּט פון אַ חלום. אַ ווײַלע איז יוסף נאָך געזעסן, דערנאָך זיך אויפגעהויבן און געזאָגט אַ גוטע נאַכט. שמחה האָט אים נישט געענטפערט.

ערשט נאָך יוספס אַוועקגיין איז שמחה אַרויס מיט לשון. ער וויל יוספן מער נישט האָבן ביי זיך אין שטוב. אים מיט זיינע מעשיות. וואָס וויל ער דאָ? וואָס האָט ער זיך עפּעס אַהער אַריבערגעקליבן פון דער בראָנקס? וואָס האָט ער אַוועקגעשיקט דאָס ווייב זיינס? ווען מען זוכט ער דאָ?

מירל האָט זיך צעלאַכט און אים אָנגערופן: „משוגענער"! אָבער שמחה איז באַשטאַנען אויף זיינס. יוסף טאָר מער זיין שוועל נישט באַטרעטן.

מיט גוטן האָט מירל געפּרוּווט באַרואיקן איר מאַן. וואָס וויל ער? דווקא איצט ווען יוסף איז אַליין, איז דאָס שיין צו פאַרטרייבן אַן אַלטן פריינד, וואָס זוכט אַ וואַרעמע שטוב וואו אַריינצוקומען? עס האָט גאָר־נישט געהאָלפן. שמחה האָט געסטראַשעט אַז ער וועט אינגאַנצן אַוועק פון שטוב, אויב ער וועט אויסגעפינען אַז זי וועט ווען עס איז זיך באַגעגענען מיט יוספן.

דאָס אַליין איז שמחהן געווען ווינציק. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן ווי צו פאַרטרייבן יוספן פון ניו־יאָרק. מירל האָט יוספן דורכן טעלעפאָן געבעטן ער זאָל מער נישט קומען אין איר הויז, ווייל שמחה איז אים פשוט חושד אַז ער איז עפּעס אויסן מיט זיינע באַזוכן.

יוסף האָט ביטער געשמייכלט. ניין, אויף אַזעלכעס האָט ער זיך נישט גערעכנט! נו, גוט. ער וועט מער נישט קומען. כאָטש איין גאָט ווייס ווי עלנט און איינזאַם ער איז אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. אין האַרצן אָבער וועט מירל תמיד בלייבן די גוטע און אויפריכטיקע פריינדין.

שמחה האָט אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף יוספן. אָבער יוסף האָט דעם גאַנצן ענין איגנאָרירט און באַשלאָסן אינגאַנצן איבערצורייסן זיין פריינד־שאַפט מיט מרימען און מירלען.

יוספן איז איצט געוואָרן נאָך שווערער זיין איינזאַמקייט. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז די גאַנצע וועלט איז קעגן אים. די איינזאַמקייט האָט אים געגעסן. שעהען לאַנג פלעגט ער אַרומשפּאַנען אַליין איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק. עס האָט זיך אים טייל מאָל געדוכט, אַז ער גייט אַראָפּ פון זינען. אויסטערלישע, ווילדע חלומות האָבן זיך אים געחלומט. אין שלאָף איז ער פול געווען מיט אַן אומבאַשרייבלעכן פּחד, און ער פלעגט זיך אויפכאַפּן מיט שוויס אויפן קערפּער. ער האָט געפילט אַז עס קומט אַ סוף צו זיין לעבן. אָבער מעשה־ניסים — עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן און ער האָט אָנגע־הויבן קומען צו זיך. ער האָט געפונען טרייסט אין לייענען, אין הערן מוזיק, און דער עיקר אין דער באַנייטער אַרבעט פון דעם הילפס־קאָמיטעט פאַר די לעבן־געבליבענע פוילישע יידן. מערקווירדיק, דווקא דורך דער אַרבעט אין דעם הילפס־קאָמיטעט האָט ער דערפילט אין זיך נייע כוחות. יוסף האָט באַשלאָסן איבערצורייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. ער וועט אָנהייבן אויף דאָס ניי. אָבער ס'האָט אים נאָך אַלץ געשראָקן די איינזאַמקייט. ער האָט נישט געוואָלט שטאַרבן ערגעץ אַליין, אַ פרעמדער, אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. און ער האָט ווידער גענומען זוכן צווישן די פּליטים נייע פריינד. ווער ווייסט? אפשר איז אים נאָך באַשערט צו געפינען אַ נאָענטן מענטשן, און אָנהייבן אַ ניי לעבן אין דער נייער און פרייער אַמע־ריקע. אפשר?...



# 28

ין דעם הויז אויף סעקאָנד עוועניו, וואו יוסף האָט געוואוינט, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ יונגנמאַן, גרונם נאָמבערג, אַ פּליט פון פוילן, וועלכער האָט פריער געוואוינט אין דעם צימער וואָס יוסף פאַרנעמט איצט. ביים פאַך אַ קעלנער, האָט גרונם געאַרבעט אין איינע פון די רעסטאָראַנען אויף סעקאָנד עוועניו. גרונם האָט שוין אויך גענוג דורכגעמאַכט אין זיין לעבן.

מר"ס פרידמאַן, ביי וועלכער יוסף האָט געוואוינט, האָט זיך ביסלעכוויז דערוואוסט פון יוספס איינזאַמען לעבן. זי פלעגט יעדן טאָג אַראָפּגיין אויף אַ פּאָר שעה, אַרויסהעלפן איר מאַן אין דער גראָסערי, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף דער פערטער גאַס, נישט ווייט פון דער ערשטער עוועניו. די איבעריקע צייט אָבער פלעגט די מר"ס פרידמאַן פאַרברענגען אין הויז און לייענען דעם „פאָרווערטס". באַזונדערס דעם „בינטל בריוו" און די ראָמאַנען פון די שרייבער, וואָס באַשרייבן די יידישע פּליטים און זייער איינזאַם לעבן אין ניו־יאָרק. מר"ס פרידמאַן פלעגט טרייסטן יוספן, אַז ער זאָל נישט מיינען אַז ס'איז שוין עק וועלט און דער הימל ליגט שוין אויף דער ערד.

— „מ'טאָר נישט אויפגעבן", — פלעגט זי טענהן צו יוספן ביים דערלאַנגען אים אַ גלעזל טיי. — „זעצט אייך צו ,מיסטער שאַליט, טרינקט אַ גלעזל טיי. אָט באַלד קומט בען פון סטאָר, וועט מען זיצן און שמועסן אַביסל".

זי איז געווען פריינדלעך צו יוספן און געזען ווי עלנט ער איז. דאָס אַראָפּגיין זיינס אויפן גאַס און דאָס אַרויפקומען צוריק אַן אומרואיקער. ער האָט זיך גאָר קיין אָרט ניט געקענט געפינען.

— „זיצט, מיסטער שאַליט, וועל איך אייך דערציילן פון מיין פריערדיקן באַרדער גרונם, וועט איר זען אַז ס'איז פאַראַן נאָך ערגערס אין לעבן".

און די מר"ס פרידמאַן האָט גענומען דערציילן:

— „אין די מלחמה־יאָרן איז גרונם געווען ערגעץ אין אוזבעקיסטאַן, אין טיף רוסלאַנד. שפּעטער איז ער אַריבער אין איראַן, פּערסיע, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קרובה, אַ קוזינקע זיינע פון אַמעריקע, וואָס איז געפאָרן צו אים קיין ארץ־ישראל, כדי גרונם זאָל קענען קומען קיין אַמעריקע. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין גוט לעבן צווישן זיך. זיי פלעגן זיך תמיד אַרומקריגן איבער נאַריש־קייטן. — יאָ, מיסטער שאַליט, אַז ס'איז ניט קיין ריכטיקער זיווג, העלפט נישט. איכ'ל עס אייך מאַכן קורץ, — האָט די גוטמוטיקע מר"ס פרידמאַן אַ זאָג געטאָן: — „זיי האָבן זיך צעשיידט, און ער האָט איר געגעבן אַ גט. איצט וואוינט ער ווידער אַליין און ער אַרבעט דאָ אין אַ רעסטאָראַן. גייט אַריין צו אים, מיסטער שאַליט, און באַקענט זיך מיט אים. ער איז אַ וואוילער יונגערמאַן, פול מיט לעבן. גיט אים טאַקע אָפּ אַ גרוס פון מיר. זאָל ער צ'קומען אַ מאָל. ער האָט דאָ געוואוינט ביי מיר אין דעם צימער וואָס איר האָט איצט".

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז יוסף אַריין עסן וועטשערע אין גערערס רעסטאָראַן. עס איז אויסגעוואַקסן אַ קעלנער, אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן, און אַ פרעג געטאָן אויף אַ היימיש־פּוילישן קלינגענדיקן יידיש:

— „וואָס וועט עטץ עסן?"

יוסף האָט אים באַטראַכט, זיך צערעדט מיט אים און דערקענט אין אים, סיי לויט דעם לשון, סיי לויט זיין גאַנצער באַנעמונג, אַז ער איז אַ „גריגער". יוסף האָט דערפילט אין אים אַ היימישן מענטשן. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און יוסף האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן: „אויב אייער נאָמען איז גרונם, קען איך אייך אַביסל".

גרונם איז געוואָרן נייגעריק:

— „ס'הייסט? וואו האָבן מיר זיך באַגעגנט? אין רוסלאַנד?..."

יוסף האָט אים דערציילט אַז ער וואוינט אין דעם זעלבן צימער וואו ער האָט פריער געוואוינט. די מר"ס פרידמאַן לאָזט אים גריסן.

— „אַצינד ווייס איך שוין" — האָט גרונם געשמייכלט.

פון יענעם טאָג אָן איז יוסף געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אין דעם רעסטאָראַן וואו גרונם האָט געאַרבעט. זיי זיינען געוואָרן באַפריינדעט. ביידע האָבן געהאַט וואָס צו דערציילן איינער דעם אַנדערן. די עלנדקייט פון די וואָס בלייבן אַליין און ווייסן ניט וואָס צו טאָן מיט זיך אין די פרייע שעהען פון

די אָונטן, און מער נאָך אין די פרייע טעג, האָט זיי ביידן צוזאַמענגעבונדן. מ'האָט זיי אָפט געזען אינאיינעם. גרונעם איז געווען יינגער פון יוספן מיט אַ פּאָר יאָר און האָט ניט פאַרמאָגט יוספס דערפאַרונג. ער האָט אויך ניט דורכגעמאַכט אַזאַ שטורמיש לעבן ווי יוסף. ער פלעגט דעריבער זיצן און הערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם די אַלע מעשיות וואָס יוסף האָט אים דערציילט. מ'האָט זיך פאַרטרויט איינער פאַרן אַנדערן.

איין מאָל האָט גרונם אַ זאָג געטאָן צו יוספן:

— „איך בעט דיך, יוסף, טו מיר אַ טובה. דו ביסט דאָך אַ גאַנצער שראַבער, דו וואַיסט ווי צו שראַבן אַ בריוו אין אַ פּייפּער. טאַ שראַב!"

יוסף האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און ניט פאַרשטאַנען וואָס גרונם וויל פון אים.

— „גאָר פשוט", — האָט גרונם געזאָגט, — „שראַב אָן אַן אַנאָנס, אַז מען זאָל פאַרשטאַין אַז איך זיך אַ כלה, אַ יונגע, אַ שאַינע, מיט אַ גיטן פּאַך אין האַנט, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, און מיט אַ ביסל געלט אין באַנק. אָן דעם, ברודער, טויג נישט!"

יוסף האָט פאַר אים אָנגעשריבן אַן אַנאָנס אין אַ יידישער צייטונג, דערביי געטראַכט, אפשר? אויב עס וועט גרונמען געלינגען צו קריגן זיין באַשערטע, איז גאָר נישט קיין קרומע זאַך, אַז ער אַליין זאָל אויך פּרואוון זיין מזל... פאַרפאַלן! ער איז אין אַמעריקע, און דאָ איז די עלנטקייט אין לשער! מען קען דאָ אויסגיין אויף דער צוויטער עוועניו, אַז קיין האָן זאָל נישט טאָן קיין קריי! ס'איז דיר נישט וואַרשע, לאָדזש, אָדער וואַרטע, וואו מ'האָט דיך געקענט און געוואוסט ווער דו ביסט... דאָ איז דער גאַנצער יחוס דיינער גאָר נישט ווערט. און יוסף האָט אַ טראַכט געטאָן: ווען אים גיט זיך איין צו באַקענען זיך מיט אַ פשוטער יידישער פרוי, וואָס זאָל אים געפעלן, זאָל זי אַפילו ניט זיין קיין אינטעליגענטקע, וואָלט ער אפשר נאָך חתונה געהאַט, אַזוי שטאַרק האָט אים געפייניקט די איינזאַמקייט.

אויף גרונמס אַנאָנס זיינען אָנגעקומען צענדליגער בריוו פון פרויען און יעדער בריוו האָט דערציילט פון אַ באַזונדער לעבן. דערביי איז אין אייניקע בריוו געווען צוגעלייגט אַ פאָטאָגראַפיע. גרונם איז געזעסן ביי יוספן אין צימער און ביידע האָבן זיי געלייענט די בריוו און באַטראַכט די פאַרשיידענע פאָטאָגראַפיעס פון יונגע אלמנות, גרושות און סתם פרויען מיט סימפּאַטישע, נאָך גאַנץ יונגע פנימער. פאַר יוספן האָט זיך אַנטפּלעקט עפּעס נייעס. גרונם האָט אים דערציילט, ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן ביי אים די צוזאַמענטרעפעניש. יעדן אָוונט האָט ער זיך געטראָפן מיט אַן אַנדער פרוי. אַזוי האָט ער געוואָלט. טייל מאָל פלעגט יוסף מיטגיין מיט אים און באַטראַכטן די פרוי

מיט וועלכער גרונם האָט געהאַט זיין „ראַנדעוואו״. נאָכן באַקענען זיך איז יוסף אַוועק. זיך כלומרשט אַנטשולדיקט אַז ער איז זייער פאַרנומען און זיי איבערגעלאָזט אַליין. ער פלעגט נאָכקוקן גרונמען מיט דער אומבאַקאַנטער פרוי, ווי זיי פאַרשווינדן צווישן די ביימער אין צענטראַל־פּאַרק. ס׳רוב פלעגט מען זיך טאַקע טרעפן אויפן ראָג פון פינפטער עוועניו און 59טע גאַס ביים פאָנטאַן, דאָס ראָמאַנטישע אָרט וואָס די צווייִ גרינע יידן האָבן פאַר זיך אויסגעזוכט און וואָס איז זיי זייער געפעלן. דער פאָנטאַן מיט דעם שפּריצנדיקן וואַסער און די טויבן וואָס פלעגן דאָ אַרומפליען פלעגט יוספן דערמאָנען אין פּאַריז.

פון די טרעפענישן האָט גרונם סוף כל סוף געפונען זיין באַשערטע. יוסף איז ווידער געבליבן אַליין. כאָטש אין האַרצן האָט אים הנאה געטאָן יענעמס גליק. פון צייט צו צייט האָט ער באַזוכט די פריש־אויסמעבלירטע וואוינונג פון זיין פריינד גרונם מיט זיין סימפּאַטיש אַמעריקאַנער־געבוירענער ווייבל, פּיליס, וועמעס ערשטער מאַן איז געפאַלן אין מלחמה אין די פיליפּינען. יוסף האָט באַשלאָסן אַז ער וועט אויך פּרוּוון זיין מזל. אפשר ?...



# 29



לויז פון אַן איין איינציקן אַנאָנס אין דער צייטונג, האָט יוסף געקראָגן אַ גרויסע צאָל בריוו פון פאַר־שיידענע טיילן פון שטאָט. אין דעם אַנאָנס האָט יוסף אָנגעגעבן זיינע יאָרן, ווי אַלט ער איז, זיין פּראָפעסיע — אַ בוכהאַלטער אין אַן אַרבעטער־אינסטיטוציע. אַז ער פאַרלאַנגט די באַקאַנטשאַפט מיט אַ פרוי אין די דרייסיקער יאָרן, מיט אַ פיינעם כאַראַקטער.

חוץ די בריוו, אַן ענטפער אויף דעם אַנאָנס, האָט איין מאָל אַן אומבאַקאַנטע פרויען־שטימע יוספן גערופן דורכן טעלעפאָן. אין לויף פון דעם געשפּרעך האָט זי אים פאַרבעטן צוקומען אין איר הויז אין דער בראָנקס. איר נאָמען איז מערי. זי וועט שוין וואַרטן אויף אים.

* * *

יוסף האָט דערזען פאַר זיך אַ פרוי וואָס האָט אויסגעזען נישט עלטער פון 35 יאָר. אַן איידעלע, מיט אַ סימפּאַטיש פּנים און אָנגעטאָן מיט געשמאַק.

ביים אַריינקומען האָט אים דאָס האַרץ אַ ציטער געטאָן. ער האָט דער־זען אַ מום; מעריס רעכטער פוס בייגט זיך אויף רעכטס. טאַקע קוים מיטן אויג צו באַמערקן. אָבער פאַרט, זי הינקט אַביסל. אין אַ היימישן גוטן יידיש, מיט אַן אומעטיקן בליק האָט זי יוספן פאַרבעטן אין גאַסטצימער און אים געבעטן זיך פילן היימיש. זי האָט געפאָרשט יוספן ביים רעדן, צי איר מום אויפן פוס האָט עפּעס געמאַכט אַ רושם אויף אים. אַ ווײלע שפּעטער זיינען פון אַן אַנדער צימער אַריינגעקומען טאַטע־מאַמע, עלטערע, בכבודיקע באַלעבאַטישע מענטשן. דער טאַטע האָט יוספן געגעבן שלום און זיך גלייך

אַנטשולדיקט פאַר אים און איז אַרויס. אויך די מאַמע האָט אים האַרציק באַגריסט און איז נאָכגעגאַנגען איר מאַן, פאַרמאַכנדיק די טיר הינטער זיך, כדי נישט צו שטערן דער טאָכטער און יוספן אין זייערע געשפּרעכן.

מערי איז געזעסן לעבן יוספן. זי האָט געקוקט אויף אים מיט פריינד־לעכע בליקן און מיט אַ שמייכל אויף איר סימפּאַטישן פּנים. אומעטיק און שטיל האָט זי דערציילט פון איר לעבן. זי איז, חלילה, נישט מי יודע קיין קאַליקע, — זאָגט זי, — פון געבורט אָן איז איר רעכטער פוס אַביסל לענגער. מ׳האָט זי יונגערהייט געקענט אָפּערירן, נאָר די מאַמע האָט נישט געלאָזט. זיי קומען פון דעם שטעטל אָפּאָטשנע אין פוילן. דאָס שטעטל איז יוספן זיכער באַקאַנט. ער איז דאָך אַ פּוילישער. אַהערגעקומען איז זי דאָ אַלס קינד. דאָ געלערנט און דאָ זיך אויפגעצויגן. זי האָט זיך ניט געקענט צוקלייבן קיין יונגנמאַן וואָס זאָל איר זיין צום האַרצן. פיל עלטערע פון איר, אָפט גאַנץ פאַרמעגלעכע, האָבן אָפּגעשלאָגן אירע טירן. עס איז איר געווען ביטער און אַזוי איז זי פאַרזעסן. אָבער דאַנקען גאָט, דאָס מזל האָט איר אַ שיין געטאָן. און וואו? דווקא אין איר געבורט־שטעטל אָפּאָטשנע, וואו זי איז געווען אויף באַזוך. אַן ערך דריי חדשים פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין חודש יולי, 1939. דאָרטן האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ יונגנמאַן, וואָס איז געווען יינגער פון איר מיט אַ פּאָר יאָר, און וואָס איז געווען גליקלעך זי צו האָבן פאַר אַ ווייב. זי האָט אויסגעמאַכט די פּאַפּירן און אים געזאָלט אַריבערברענגען לויטן געזעץ קיין אַמעריקע. אָבער צום אומגליק איז דער קריג אויסגעבראָכן. די נאַציס זיינען באַפאַלן פוילן. מער האָט זי איר מאַן שוין נישט געזען. טרערן זיינען אָנ־געלאָפן אין מעריס אויגן. דער מאַן אירער איז אומגעקומען. דאָס האָט זי זיך ערשט דערוואוסט ווען די מלחמה האָט אויפגעהערט.

יוסף האָט זיך נעענטער באַקענט מיט מערין. זי איז אים געפעלן. עס ווערט געזאָגט אַז די ליידן לייטערן אַ מענטשן.

אין מעריס שווייגן, אין איר סימפּאַטישן אומעטיקן שמייכל האָט יוסף געפונען אַ נאָענטן מענטשן. זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים, ווי אַמאָל די יינגערע מיידלעך אין וואַרטע. ער איז טאַקע עלטער פון איר, אָבער זי איז וויליק צו טיילן איר לעבן מיט אים. זי וועט זיין אַ געטרייע ווייב, אַ באַלע־באָסטע.

ביים וואָרט „באַלעבאָסטע״ איז פּלוצעם יוספן באַפאַלן אַן אומעט. דעם גאַנצן אָוונט האָבן זיי ביידע געשוויגן. און ווען מערי איז צוגעשטאַנען צו יוספן, ער זאָל איר זאָגן פאַרוואָס ער איז אַזוי טרויעריק היינט, האָט ער איר געזאָגט:

— „נײַן, מערי, עס װעט נישט טױגן. דו ביסט נאָך יונג, און צו זײַן גליקלעך, אמת גליקלעך, דאַרפסטו האָבן אַ קינד. אין צו װערן אַ טאַטע איצט, אין די יאָרן װען איך בין שױן אַריבער פופציק, װיל איך נישט. נאָכן טױט פון מײַן טעכטערל שרהלע, שרעקט מיך דער גורל... איך װײס, אַז ס'איז נישט שכלדיק אַזױ צו רעדן. עס דאַרף זײַן פאַרקערט. גאָט קען נאָך זײַן גוט צו מיר. אָבער דאָס איז מײַן באַשלוס. אַזױ פיל איך. אױב דו, מערי, װילסטו אײַנגײן אױף דעם, נישט צו האָבן קײן קינדער, איז גוט.

מערי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מיט טרערן אין די אױגן, שטום אָן װערטער האָט זי זיך געזעגנט מיט אים. עס איז אים שװער געװען די לעצטע מינוטן מיט איר אױפן שפּאַציר אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט אַרום דעם בראָנקס־פּאַרק. יוסף האָט מערין צוגעפירט צו איר הױז.

— „גוט, יוסף, גיב מיר צײַט איבערצוטראַכטן זיך", — האָט מערי אַ זאָג געטאָן װי אין געװײן, שטײענדיק בײַם אַרײַנגאַנג פון איר הױז. יוסף האָט פון מערי מער נישט געהערט.



# 30



ער האָט יוסף קיין אַנאַנסן נישט געוואָלט שרייבן. ער האָט אַפּילו ניט געוואָלט ענטפערן אויף די בריוו, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אַנקומען פון פאַרשיידענע פרויען פון דער בראנקס, פון ברוקלין און פון אַנדערע געגענטן אַרום ניו־יאָרק. ער האָט געקראָגן אַנבאָטן, פאַרשלאָגן. נאָר יוסף האָט זיך געשראָקן ווען עס איז פון די בריוו־שרייבערינס צו באַגעגענען. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ אַנטוישונגען עס שטייען אים פאַר? יוסף האָט באַשלאָסן צו וואַרטן אַ שטיק צייט. מעג־לעך שפּעטער. ער וועט זיך אַרומקוקן. אפשר וועט ער נישט דאַרפן אויף אַזאַ אופן זוכן אַ פרוי מיט וועמען אויסצולעבן די פּאָר יאָר, וואָס זיינען אים נאָך פאַרבליבן...

נאָר עס איז יוספן, ווייזט אויס, דאָך באַשערט געווען צו האָבן אַנטוי־שונגען און אומזיסטע יסורים. ער האָט באַגעגנט אַ פרוי פאַניאַ. אין די פערציקער יאָרן. אַן אויסגעפּוצטע אין עסיק און אין האָניק. באַקענט האָט זיך יוסף מיט פאַניאַן ביי אַ לאַנדסמאַן זיינעם, משה מענדל, אויף ריווערסייד דרייוו.

— „עס וועלן זיי ביי מיר געסט, און דער עיקר", — האָט משה מענדל געשריען אויפן טעלעפאָן — „וויל מיין ווייב דיך באַקענען מיט אַ שיינער אלמנה... זי וועט אויך זיין אויף דער פּאַרטי. זיי אַזוי גוט און טו צוליב מיין ווייב און קום צו. אַנטויש אונדז נישט".

ביי דער שמחה איז אין אַ ווינקל פון צימער געזעסן די פרוי פאַניאַ בראָנשטיין און דערציילט יוספן פון איר לעבן. זי האָט דערוואַקסענע צוויי

קינדער, אַ טאָכטער און אַ זון. געקומען אַהער איז זי פון פּאַריז אויף אַ באַזוך צו איר טאָכטער, וואָס האָט אין פּאַריז חתונה געהאַט מיט אַן אַמעריקאַנער יידישן סאָלדאַט. אַן אלמנה איז זי געוואָרן זייער יונג, ווען אירע צוויי קינדער זיינען נאָך געווען קליינע. זי שטאַמט פון פּוילן. געוואוינט האָט זי אין וולאָצלאַוועק. איר מאַן איז געשטאָרבן יונגערהייט פון אַ האַרץ־קראַנקהייט און זי האָט אַליין מיט אירע אייגענע כחות דערצויגן די קינדער, אַליין אָנגעפירט מיט איר געשעפט אין איינע פון די שענסטע גאַסן אין וולאָצלאַוועק. שפּעטער איז זי מיט די קינדער אַוועק קיין פּאַריז. איבערגעלעבט די צווייטע וועלט־מלחמה, זיך אויסבאַהאַלטן פון די נאַציס און פון דער ווישי־פּאָליציי. איצט האָט זי זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע און זי וויל זייער שטאַרק דאָ בלייבן און אַהערברענגען איר זון וועלכן זי האָט איבערגעלאָזן אין פראַנקרייך. צו דערגרייכן דעם דאָזיקן הייסן וואונטש אירן קען זי נאָר, ווען זי וועט חתונה האָבן מיט אַן אַמעריקאַנער בירגער. דאָס וואָלט איר געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרבלייבן אין אַמעריקע, און שפּעטער אויך אַריבערצוברענגען איר זון, ווייל מיט דער טאָכטער דאָ הי, איז זי, געלויבט צו גאָט, שוין באַזאָרגט. פאַניאַ האָט קאָקעטיש געשמייכלט צו יוספן. ווי זי וואָלט אים פּשוט און אָפן געלאָזט וויסן, אַז ער איז איר געפעלן און ווי געוואונטשן פאַר איר. יוסף האָט געפילט וואָס די דאָזיקע פרוי איז אויסן. צי זיי זיינען ביידע יאָ אַ פּאָר, צי נישט, דאָס גייט פאַניאַן קנאַפּ־וואָס אָן. דאָך האָט זי אויף יוספן געמאַכט אַן איינדרוק. דער עיקר האָט זי אים גערייצט ווי אַ פרוי און אין אים אויפגעוועקט באַגערן ווי ביי אַ יונגנמאַן.

פאַניאַ האָט זיך געקלאַמערט אין יוספן, אים פּשוט נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט געוואוסט זיין פּאָזיציע דאָ הי. זי האָט אויך געוואוסט אַז דורך אים קען זי אַריינגעפירט ווערן אין אַ בעסערער געזעלשאַפט, זיך באַקענען מיט נייע מענטשן. עפּעס וועט שוין דערפון אַרויסקומען.

דערווייל האָט פאַניאַ זיך באַמיט צו באַקומען אַן אימיגראַנטן־וויזע, כדי צו קענען בלייבן אין אַמעריקע. זי האָט צוליב דעם געמוזט אָפּפאָרן קיין קאַנאַדע אויף אַ פּאָר טעג, צו קריגן פון דאָרטיקן קאָנסול די וויזע. איין מאָל האָט יוסף פאַניאַן באַגלייט אַהיים. פאַרנדיק אין סאָבוויי האָט עפּעס פּאַסירט וואָס האָט יוספן אינגאַנצן צערודערט. פון פאַניאַס האַנט־טאַש איז אַרויסגעפאַלן אַ פּאַפּירל, אומבאַמערקט פון איר. יוסף האָט עס אויפגעהויבן און אויך גיך אַריינגעקוקט אין דעם. עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. צו יוספס גרויסער אַנטוישונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז פאַניאַ איז אַ קראַנקע. זי האַלט זיך איצט אין קורירן ביי אַ דאָקטאָר. ער האָט שנעל

באַהאַלטן דאָס פּאַפּירל אין קעשענע. ער האָט פאַניאַן פון איר שרעקלעכן סוד, וואָס ער האָט זיך נאָר־וואָס דערוואוסט, גאָר ניט געזאָגט. ער האָט אָבער איין זאַך שוין געוואוסט אויף זיכער, אַז מאַן און ווייב וועלן זיי קיין מאָל נישט ווערן!

פאַניאַ האָט טאַקע געמוזט אָפּלייגן איר רייזע קיין קאַנאַדע ביז זי וועט כאָטש טיילווייז פּטור ווערן פון דער דאָזיקער פאַרדעכטיקער קראַנקייט...

ווען פאַניאַ איז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום געפאָרן קיין קאַנאַדע, איז יוסף פונדעסטוועגן מיט איר מיטגעפאָרן, כדי צו פאַרלייכטערן איר צוריקקומען. זי איז נישט געווען זיכער אַז מ׳וועט זי צוריק אַריינלאָזן קיין אַמעריקע. אויפן וועג אַהין האָט יוסף איר נישט אויסגעזאָגט, אַז ער ווייס פון דעם אומגליקלעכן סוד און נישט געגעבן איר צו פילן אַז ער קוקט אויף איר ווי אויף אַ פּרוי מיט אַ פאַרדעכטיקטער קראַנקייט... ווען די רייזע קיין קאַנאַדע איז אַדורך בשלום, און זי איז אַריבער דער גרענעץ פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן מיט דער וויזע פונעם אַמעריקאַנישן קאָנסול, ערשט דאַן האָט איר יוסף געזאָגט, אַז ער ווייס פון איר קראַנקייט. ער האָט קיין סך ביי פאַניאַן נישט געפרעגט. נישט געוואָלט וויסן ווי אַזוי און ביי וואָסערע אומ־שטענדן זי איז קראַנק געוואָרן. אדרבא, יוסף האָט זי געטרייסט. פאַניאַ איז געזעסן און האָט געוויינט. אַרויסגעקוקט אַ טרויעריקע דורכן וואַגאָן־פענצטער. יוסף האָט זי פאַרבירט איינשטילן, אַז די דאָזיקע קראַנקהייט קען מען קורירן. עס נעמט טאַקע לאַנג אָבער זי וועט פּטור ווערן פון דער חולאת; זי וועט נאָך זיין גליקלעך מיט דעם מאַן מיט וועלכן זי וועט חתונה האָבן. זי איז אַ שיינע, און עס וועלן זיך נאָך געפינען גענוג בעלנים צו בעטן איר האַנט. ביים געזעגענען זיך האָט פאַניאַ יוספן מיט טרערן אין די אויגן געבעטן צו האַלטן אַלץ בסוד. יוסף האָט איר פאַרזיכערט אין דעם.

אַוועקגייענדיק פון פאַניאַן האָט יוסף געטראַכט פון זיין מאָדנעם מזל. ער איז געווען צופרידן וואָס דער שיקזאַל זיינער האָט אים אויסגעהיט, ניט צונויפצוקומען זיך מיט דער דאָזיקער פרוי.

# 31



פאַר וואָכן נאָך דער אומגליקלעך־מאָדנער באַקאַנט־שאַפט מיט פאַניאַן, האָט יוסף ווידער באַשלאָסן אַריינצושטעלן אַן אַנאָנס אין דער צייטונג אין דער שידוכים־אָפּטיילונג.

איצט איז עס דאָס לעצטע מאָל וואָס ער טוט אַזאַ זאַך, האָט יוסף געטראַכט. ער האָט זיך גע־שעמט אויף דער שוואַכקייט וואָס איז אים באַ־פאַלן אין די איינזאַמע טעג. עס זיינען אָנגעקומען אַ סך בריוו. ער האָט געבלעטערט און געלייענט און לסוף אַלע בריוו צע־ריסן, אַ חוץ איין איינציקן בריוו געשריבן אין יידיש. אין דעם יידישן בריוו איז אָנגעגעבן געווען דער אַדרעס. דאָס האָט צו אים געשריבן אַ פרוי פון לייקוואוד, ניו דזשוירזי. זי האָט געלייענט דעם אַנאָנס. זי קלייבט זיך איינ־גיכן צו זיין אין ניו־יאָרק. זאָל יוסף איר ענטפערן, וועט זי קומען פרייטיק, דעם 3טן אַפּריל, 10 אַזייגער אין דער פרי, זי וועט צופאָרן אין איר אויטאָ־מאָביל צו זיין וואוינונג. זאָל ער אויף איר וואַרטן אין דרויסן און האַלטן אַ יידישע צייטונג אין האַנט, וועט זי וויסן אַז דאָס איז ער. אונטערגעשריבן האָט זיך די פרוי: מר״ס בעקי געלמאַן.

זיי האָבן זיך באַגעגנט ווי אָפּגעמאַכט אין בריוו. דער פרימאָרגן איז געווען אַ פריליגנדיקער. יוסף האָט געטראַכט:

„אפשר שיינט די זון פאַר אים? אפשר וועט דאָס מזל דאָס מאָל פאַר אים אויפשיינען ווי דער פרילינג־פרימאָרגן?״

ער האָט פאַר זיך דערזען אַ פרוי אַ געזונטע אין אויסזען, ווי איינע וואָס געפינט זיך שטענדיק אויף דער פרישער לופט. יוסף האָט געהערט פון לייק־

וואוד, וועגן די פּאַרמס דאָרט, וועגן די יידן וואָס לעבן דאָרט און האָבן פּרנסה אין גרויס שפע. יוסף איז געשטאַנען פאַרן אויטאָ און זיך צוגעהערט צו דער מר״ס געלמאַנס רייד:

— „נו, לאָמיר זיך נאָך אַ מאָל פאַרשטעלן. איר ווייסט שוין מיין נאָמען און איך אייערן. עס דוכט זיך מיר, אַז מיר קענען זיך שוין לאַנג״, — האָט די מר״ס געלמאַן אַ זאָג געטאָן אַ ביסל פאַרשעמט און אירע באַקן זיינען רויט געוואָרן. זי איז אַרויס פון אויטאָמאָביל. יוסף האָט איר געגעבן די האַנט. זיי האָבן זיך שווייגנדיק באַטראַכט. מר״ס געלמאַן האָט די ערשטע איבער־געריסן דאָס שווייגן:

— „חוץ טרעפן זיך מיט אייך, מ״ר שאַליט, בין איך אויך געקומען קיין ניו־יאָרק צוליב ביזנעס,״ — האָט זי מיט אַ שמייכל געזאָגט. — „יאָ, אַלץ איז ביזנעס אין אַמעריקע. ווילט איר אפשר מיט מיר מיטפאָרן? איך דאַרף בייטיק זיין אין ברוקלין אויף דע קאָלב עוועניו, וועלן מיר שמועסן אויפן וועג״.

יוסף איז אַריין אין אויטאָמאָביל. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ שמועס. פון אָנהייב שווערלעך, ווי צווישן צוויי ווילד־פרעמדע מענטשן, וואָס אַן אַנאָנס אין אַ צייטונג האָט זייביידן צונויפגעבראַכט. ביסלעכווייז אָבער איז די שטימונג ביי ביידן געוואָרן אַ מונטערע און אַ רעדעוודיקע. יוסף האָט דערציילט פון זיך, פון זיין לעבן אויף יענער זייט ים און איצט דאָ אין ניו־יאָרק. ער האָט אַ פיינע שטעלע, אָבער זיין אַליין איז נישט גוט. און זי, די מר״ס געלמאַן, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט איינגע־שטימט מיט אים.

אין מיטן רעדן האָט זי אים געלאָזט זיצן אין אויטאָמאָביל און איז אַריין אין אַ געשעפט אויף דע קאָלב עוועניו, זיך געזאַמט אַ ביסל און צוריקגעקומען אַ פריילעכע, מיט אַ פריינדלעכן „העלאָ״, ווי זי וואָלט יוספן שוין געקענט פון יאָרן.

שפּעטער, זיצנדיק אין אַ רעסטאָראַן ביים מיטאָג עסן, האָט יוסף זיך דערוואוסט מער פון דער דאָזיקער מר״ס געלמאַנס לעבן אין דעם שטעטל לייקוואוד.

זי איז אַן אלמנה אין די טיפע דרייסיקער, און כאָטש זי וואוינט אַרום לייקוואוד איז זי ניט קיין פאַרמערקע. זי אַרבעט אין אַ שאַפּ. האָט אַ שיין און ליב טעכטערל. פאַרמאָגט אַן אייגן הויז אין טאָמס־ריווער, וואָס גע־פינט זיך ניט ווייט פון לייקוואוד. יאָ, ווען איר מאַן לואי האָט געלעבט האָבן זיי געפּלאַנט אויפצושטעלן אין טאמס־ריווער „אַ הינער־פאַרם״. זי וואוינט טאַקע אין איר אייגן הויז אין טאמס־ריווער און אַרבעט אין לייק־

וואוד. דעם בריוו וואָס יוסף האָט געקראָגן האָט זי אים טאַקע געשריבן אין לייקוואוד אין שאַפּ.

— „נו", — האָט זי פאַרענדיקט, „לאָמיר זיך דורכשרייבן, מיסטער שאַליט, איר וועט דאַרפן צוקומען קיין טאמס־ריווער. דאָס איבעריקע וועלן מיר שוין זען".

יוסף האָט זיך דורכגעשריבן מיט דער מר"ס געלמאַן. די בריוו צווישן זיי זיינען געוואָרן אַלץ פריינדלעכער און נאָענטער. זי האָט אים איינגעלאַדן צו קומען אויף אַ וויק־ענד קיין טאמס־ריווער. יוסף איז אַרויסגעפאָרן זיך אָנגעמען מיט פרישער לופט. עס איז געווען זומער. כאָטש די געגנט דאָרט איז פלאַכלאַנד, ווינציק בערג און אַ סך וועלדער, איז די לופט אַרום לייקוואוד און טאמס־ריווער אַ דערפרישונג פאַרן אויג און פאַר אַ שטאָטישן מענטשן איז עס גאָר אנגענעם דאָרט צו פאַרברענגען.

יוסף האָט זיך באַקענט נענטער מיט בעקין, ווי ער האָט זי איצט שוין גערופן גאַנץ היימיש, פּונקט ווי זי אים — יוסף. דאָס טעכטערל, פייגעלע, האָט זיך געטוליעט צו יוספן. יוסף האָט געטראַכט: אַן אייגענע היים, צווישן וועלדער און פעלדער, אַ היים וואו דעם מידן קאָפּ אָוועקצולייגן. בעקי איז אַן אנגענעמע, אַ קלוגע, אַ לייטישע. אַביסל צו פּראַקטיש, און אויסגערעכנט ביז גאָר. נו, אַ מענטש קען דאָך נישט בלויז האָבן מעלות. זי איז דאָך מיט אַ צוויי צענדלינג יאָר יינגער פון מיר. אויף דעם פינף יעריקן טעכטערל בעקיס איז אַ נחת צו קוקן. איך וועל זי דערציען און זי וועט אויסוואקסן ווי מיינס אַ קינד.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן שרהלען, זיין פאַרשטאָרבן טעכטערל. זי וואָלט שוין איצט געווען אַ דערוואַקסענע. ווייל, וויי, ווי די יאָרן ווישן אַלץ אָפּ. דער גרעסטער ווייטאָג ווערט צוביסלעך פאַרהיילט. יוספן איז באַפאַלן אַ טרויער. אַלץ אין אים האָט געוויינט אין גרויס בענקשאַפט נאָך די יאָרן זיינע אין וואַרשע ווען שרהלע האָט נאָך געלעבט — — —

בעקי האָט אַלץ גענוי אויסגערעכנט. זי האָט געמאַכט פאַר אים אַלע פּלענער. יוסף האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט ווי ער וואָלט געוואָרן יינגער אין יאָרן, און פאַרקערט, זי, בעקי, איז גאָר די עלטערע און ער מוז זי אַלץ פאָלגן. אין די וויק־ענדס פלעגט יוסף קומען צו בעקין ווי צו זיין אייגענער היים. ער האָט זיך שוין געפילט היימיש אין דעם הויז, וואָס איז געשטאַנען אין איינע פון די געסלעך אין טאָמס־ריווער. בעקי פלעגט נעמען דעם אויטאָ־מאָביל און ביידע פלעגן זיי אַרויספאָרן אין עסבורי־פּאַרק און באַטראַכטן אַלע שיינע פּלעצער אין די שטעטלעך אַרום טאָמס־ריווער. יוסף האָט יענעם זומער פאַרבראַכט מיט איר זיינע צוויי וואָכן וואַקאַציע. עס איז געווען פאַר

אים ווי אַ גרויסער יום־טוב, און ס'האָבן יוספן שוין געלאָקט די טעג נאָך דער חתונה, ווי ער וועט זיך איינשטעלן. אפשר, מיט דער צייט, וועט ער גאָר איינגאַנצן אויפגעבן די אַרבעט אין ניו־יאָרק, כאָטש די אַרבעט זיינע איז אים געווען ליב. אָבער אַזוי האָט בעקי פאַר אים געפּלאַנט. — „ס'וועט דיר זיין צו שווער דאָס פאָרן יעדן טאָג היין און צוריק“, — האָט זי אַ זאָג געטאָן. און ער האָט געוואוסט אַז בעקי וועט אויספירן אירס. שוין אַזאַ כאַראַקטער ביי איר.

בעקי האָט יוספן דערציילט וועגן איר ברודער לייבל, וואָס האָט זיך על פּי נס געראַטעוועט פון היטלערס גיהנום. ער געפינט זיך איצט אין האַוואַנאַ, קובאַ. בעקי וויל זייער שטאַרק אים אַריבערברענגען פון קובאַ אַהער.

— „איך וואָלט אַלץ געטאָן צו האָבן מיין ברודער לייבל מיט מיר דאָ“, — האָט בעקי איין מאָל אַ זאָג געטאָן צו יוספן. זי האָט געקוקט אויף אים מיט טרערן אין די אויגן. בטבע איז יוסף געווען גרייט צו העלפן וועמען עס איז, דערצו איצט, אַז בעקי בעט אים איר צו העלפן, ווי קען ער איר אָפּזאָגן? וואָס עס זאָל נישט ווערן צווישן אים און בעקין אין דער צוקונפט, אָבער העלפן איר, — דאָס איז זיין חוב — האָט יוסף געטראַכט. לייבל איז דער איינציקער לעבעדיקער איבערבלייב פון איר גאַנצער משפחה, ווי קען ער זיין גלייכגילטיק צו איר בקשה?

— „דער איינציקער וועג אים אַהערצוברענגען, איז אים חתונה מאַכן מיט אַ יונגער אַמעריקאַנער בירגערין“, — האָט יוסף מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן צו בעקין.

אין געדאַנק איז אים געקומען אויפן זינען מערי — די יונגע אלמנה, מיט וועלכער ער האָט זיך צונויפגעטראָפן דורך די אַנאָנס אין צייטונג. זי איז יונג אין אויסזען, קוקט נישט אויס ווי אַ חתונה־געהאַטע, נאָר גיכער ווי אַ יונג מיידל; ס'אַ גאָלדענער שידוך! — זי איז אַ סימפּאַטישע, אַן איידעלע און פול מיט חן. אַי, דער מום מיטן פוס, דאָס איז אַ קלייניקייט. עס איז קוים מיטן אויג צו באַמערקן. און לייבל, בעקיס ברודער, וועט זיכער איינגיין אויפן שידוך, דער עיקר זי זאָל נאָר אים געפעלן אַלס מענטש.

יוסף האָט אויפגעלעבט. ווי ביי יעדער געזעלשאַפטלעכער אונטערנע־מונג, וואָס ער האָט אונטערנומען, האָט ער דאָ אויך נישט גערוט ביז ער האָט אויסגעפּירט זיין פּלאַן. אַזאַ איז ער תמיד געווען, דער טיפּישער עסקן, דער טוער פאַר טובת הכלל. יוסף קריגט ממש פליגלען ווען ער דאַרף עפּעס דורכפירן. די פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך ביי אים ווען נאָר ער דאַרף עמעצן העלפן.

בעקי, און די שוועסטער אירע, טאָבע, האָבן זיך גענומען דורכשרייבן מיט לייבלען וועגן דעם שידוך. זיי האָבן אים געשריבן וועגן די מעלות וואָס מערי באַזיצט. עס איז ממש אַ גליק. זאָל ער, לייבל, איר נאָר געפעלן.

עס האָט לאַנג נישט גענומען. לייבל און מערי האָבן זיך אָנגעהויבן דורכשרייבן איינער מיטן אַנדערן. אויף אַ דיסקרעטן אופן האָט יוסף אַלץ אַראַנזשירט. אין די קאַלטע וואָכן פון חודש פעברואַר איז בעקי און איר שוועסטער טייבל כלומרשט געפאָרן אויף וואַקאַציע קיין האַוואַנאַ, קובאַ. מערי איז מיט זיי מיטגעפאָרן.

די באַגעגעניש צווישן מערין און לייבלען איז געווען גלייך פון ערשטן טאָג בעסער ווי מ׳האָט זיך פאָרגעשטעלט. טאָג־אויס טאָג־איין זיינען זיי געווען צוזאַמען. עס איז געווען אַ געווינטשטע פּאָר.

דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן, און מערי און לייבל האָבן מיט מזל חתונה געהאַט. נאָך איר צוריקקומען פון קובאַ האָט מערי געטאָן אַלצדינג כדי אַריבערצובריינגען איר מאַן לייבל אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס האָט זיך אָבער לײדער נישט איינגעגעבן. די שווערע עמיגראַציע־געזעצן האָבן אַלץ צונישט געמאַכט! לייבל איז געבליבן אין האַוואַנאַ און מערי — אין ניו־יאָרק. זי האָט נישט געקענט באַשליסן איבערצולאָזן אירע עלטערן און די גאַנצע משפּחה און זיך אַריבערקלייבן קיין קובאַ אויף שטענדיק. פון דער חתונה איז גאָרנישט געוואָרן. מעריס ביטערער שיקזאַל האָט אויף אַלעמען שלעכט געווירקט. יוסף האָט מיטגעפילט מיט דער שיינער מערי. זי איז טאַקע יוספן געווען דאַנקבאַר פאַר אַלץ וואָס ער האָט געטאָן. נאָר יוסף האָט געקענט מיטפילן מעריס איבערלעבענישן. „באַשערט אַזוי״, האָט ער געטראַכט. יעדער מענטש מיט זיין מזל, מיט זיין ביטערן גורל. צום צווייטן מאָל איז מערי געבליבן אַליין. פריער ווי אַן אלמנה און איצט ווי אַ יונגע גרושה.



# 32



וף־זומער האָט יוסף באַקומען אַ סך בריוו פון זיינע נאָענטע קרובים אין די „די־פּי״ לאַגערן אין דייטשלאַנד. די קרובים האָבן געבעטן מ׳זאָל זיי העלפן קומען קיין אַמעריקע. איין בריוו האָט באַ־זונדערס געמאַכט אַ רושם אויף יוספן בשעתן לייענען. דאָס איז געווען אַ רירנדיקער בריוו, פול מיט בקשות און טרערן, געשריבן פון זיין שוועס־טער הינדעס צוויי לעבנגעבליבענע קינדער, זיג־מונד און רוזשקע. יוסף האָט זיך דערפריייט מיט דער ידיעה, אַז זיי זיינען געבליבן לעבן פון דער גאַנצער גרויסער משפחה.

ער האָט זיך דערמאָנט ווען זלמן און רייזל (שפּעטער האָט מען זיי גע־רופן זיגמונד און רוזשקע) פלעגן קומען צו אים אַלס קליינע קינדער נאָך. ס׳האָט אים אַרומגענומען אַ גרויס רחמנות. טרערן האָבן אים געשטיקט בעת ער האָט געלייענט דעם בריוו. ער האָט געטראַכט פון זיין שוועסטער הינדע, און פון די אַנדערע ברידער און שוועסטער זיינע. וואו זיינען זיי אַלע אַהינ־געקומען? יוסף האָט באַשלאָסן צו טאָן אַלץ אין זיינע מעגלעכקייטן כדי אַהערצוברענגען זיגמונדן און רוזשקען, קיין ניו־יאָרק. אַלץ וואָס זיי דאַרפן איז אַ פאָרמעלן „אַפידעיווידי״, אונטערגעשריבן פון אַן אַמעריקאַנער בירגער, וואָס וועט זיי כלומרשט פאַרזיכערן אַ היים און אַ פּלאַץ צו אַרבעטן, כדי זיי זאָלן קיינעם נישט פאַלן צו לאַסט.

יוסף האָט נישט געערוט. אַ קלייניקייט! ראַטעווען זיין שוועסטערס קינ־דער פון דער בלוטיקער דייטשישער ערד, צו בלייבן דאָרט אַן איבעריקע רגע — מיינט גיהנום! ער וועט טאָן אַלץ! און טאַקע גלייך, שוין. טראַכטנדיק פון אַ היים, אַן אַדרעס, איז נאַטירלעך קיין אַנדערער נאָמען אים נישט געקומען אויפן זין, ווי בעקי, — זיין צוקונפטיקע לעבנס־באַגלייטערין. זי

איז דאָך ממש פון גאָט צוגעשיקט געוואָרן! ער וועט קענען העלפן זיין אייגן בלוט און פלייש, זיי אַהערברענגען, און ס'וועט אים דאָ הימלעכער ווערן, ער וועט האָבן דאָ קרובים אין נייעם לאַנד.

יוסף האָט אָבער גלייך באַמערקט בעקיס קאַלטקייט בעת ער האָט אַ באַגייסטערטער, פול מיט פרייד, איר איבערגעגעבן די בשורה פון די צוויי לעבנגעבליבענע שוועסטערקינדער. בעקי האָט נישט אָפּגעזאָגט גלייך צו געבן איר אונטערשריפט. זי האָט נאָר גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן: „נו, נו, גיב מיר די פּאַפּירן, איך וועל זיי דורכקוקן, און דיר זיי צושיקן אונטער־געשריבענע".

יוספן איז גלייך נישט געפעלן געוואָרן דער אופן ווי בעקי האָט כלומרשט באַוויליקט צו געבן איר אונטערשריפט אויף דעם „אַפידייוויד"... ער האָט געוואַרט אַ וואָך און צוויי. ער האָט אַפילו בעקין נישט געוואָלט רופן אויפן טעלעפאָן. עס איז געווען פאַר אים ווי אַ פּרוביר־שטיין: וועט בעקי אַרויסווייזן איר געטריישאַפט און נאָענטקייט? אויב ניט איז עס אַ שלעכטער סימן, און דער גאַנצער שידוך מיט איר איז נישט מער ווי אַ געשעפטלעכער ענין. אויף דער דריטער וואָך ערשט זיינען אָנגעקומען די פּאַפּירן, אָבער ניט אונטערגעשריבענע. עס האָט אים אַ ריס געטאָן אין האַרצן די קאַלטקייט בעקיס זינט ער האָט איר פאַרגעלייגט צו געבן דעם „אַפידעיוויד" פאַר זיגמונדן און רוזשקען; דאָס ניט אָפּרופן אים אַפילו אויפן טעלעפאָן, אים פרעגן וואָס ער מאַכט, און פאַרוואָס קומט ער ניט אַרויס יעדן „וויקענד" אַזוי ווי פריער? עס איז יוספן קלאָר גע־וואָרן, אַז עס האַלט נאָך ווייט פון דעם חלום זיינעם אָנצוהייבן זיין לעבן אויף דאָס ניי. צוויי־פלען האָבן זיך פאַרגנבעט אין האַרצן. ער האָט מיט אַ מאָל דערפילט אַז ס'וועט גאָר נישט ווערן פון דעם צונויפטרעפן זיך מיט איר.

ער איז פונדעסטוועגן אַרויסגעפאָרן זיך זען מיט בעקין. דאָס איז געווען די פערטע וואָך זינט זיי האָבן זיך נישט געזען. בעקי האָט אים אויפגענומען דווקא זייער האַרציק. געמאַכט אים צו פילן היימיש אין הויז און געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי האָט געבענקט נאָך אים. מיט אַ שמייכל האָט זי אים פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער האָט נישט גערופן:

— „ווי האָסטו זיך געקענט איינהאַלטן און נישט קומען מיך זען?" — האָט זי מיט אַ שעלמישן שמייכל געפרעגט. נאָר פון דעם „אַפידעיוויד" און די פּאַפּירן וואָס זי האָט אים צוריקגעשיקט אָן אַן אונטערשריפט — קיין איין וואָרט נישט! אויך יוסף האָט עס נישט געוואָלט דערמאָנען, נישט צו מאַכן איר פילן אומאַנגענעם. ער האָט אַ טראַכט געטאָן. אפשר פאַר־

לאַנגט ער פון איר צו פיל? אפשר האָט זי מורא צו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, די לאַסט פון צוויי פרעמדע מענטשן? בעקי האָט געזעדט. איר קול האָט אים צעמישט די געדאַנקען. ער האָט ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז. ער האָט געקוקט אויף איר, און מסכים געווען שטילערהייט אויף די אַלע פּלענער אירע: יוסף זאָל זיך אַריבערקלייבן אַהער אין אַ וואָך אַרום מיט זיינע זאַכן, מיט די ביכער און דאָס גאַנצע ביסל האָב און גוטס. די חתונה־לייסענס וועלן זיי אַרויס־נעמען גלייך. אַ פּאָר טעג נאָך זיין אַריבערקלייבן זיך אַהער.

עס איז געווען אַ פּרייטיק אין דער פרי. יוסף איז אויפגעשטאַנען און גענומען פּאַקן זיינע זאַכן. אין דרויסן איז אַנגעפאַלן אַ גרויסער שניי. דער וועטער איז געוואָרן פון מינוט צו מינוט אַלץ ערגער. עס איז געוואָרן אַ זאַווערוכע, און יוסף האָט געמוזט אָפּלייגן די נסיעה זיינע קיין טאמס־ריווער. ער האָט אָפּגערופן בעקין אויפן טעלעפאָן. וואָס זאָגט זי? קען ער פאָרן אין אַזאַ שלעכטן וועטער? ס׳איז אוממעגלעך. יוספן האָט זיך געדוכט, אַז בעקי איז עפּעס ווי צופרידן וואָס דער צופאַל האָט זיך אַזוי געמאַכט און ער וועט ניט קומען, און דער פּלאַן פון אַריבערציען זיך ווערט דערווייל אָפּגעלייגט.

אין אַ וואָך אַרום איז יוסף געפאָרן קיין טאמס־ריווער. עס איז געווען פרייטיק פאַרנאַכט און ער האָט געטראַכט צו בלייבן ווי געוויינלעך איבערן „וויק־ענד". ביי בעקין האָט ער געטראָפן צוויי פריינדינס אירע, פון ניו־יאָרק. עפּעס איז דאָ פאַרגעקומען, האָט ער געפילט. צו וואָס האָט זי איינגעלאַדן מענטשן ווען ער איז דאָ? ער וועט דאָך אַפילו נישט קענען בלייבן אַליין מיט איר זיך דורכצושמועסן ווי עס באַדאַרף צו זיין. ער האָט זיך באַקענט מיט די צוויי פרויען, מר״ס נעלסאָן און מר״ס קושניר. אין געשפּרעך ביים טיש, בשעתן עסן, האָט ער באַמערקט דעם סאַר־קאַסטישן שמייכל אויף בעקיס פּנים, און דאָס אָפטע שושקען זיך מיט די פריינדינס אירע. „ס׳איז נישט די זעלבע בעקי", — האָט יוסף געטראַכט.

עס האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. בעקי איז אַריין אין צווייטן צימער וואו עס איז געווען אַן „עקסטענשאָן" אַ פּאָר טרעפּ העכער אין צווייטן צימער. יוסף איז געבליבן אַליין. פאַרוואָס האָט זי נישט געוואָלט ענט־פערן דעם טעלעפאָן דאָ אין צימער, וואו יוסף געפינט זיך? האָט זי סודות פון אים? באַהאַלט זי עפּעס פון אים אַזוינס, וואָס ער טאָר נישט וויסן? יוסף האָט אַ הייב געטאָן דאָס טרייבל, אַ וויילע זיך צוגעהערט און גלייך זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. ער האָט צוריק אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־

גריבל. בעקי האָט דערוויילע געהאַט פאַרענדיקט איר טעלעפאָן־געשפּרעך. זי איז אַריין מיט אַ פייערל פון כעס אין אירע אויגן. זי האָט געשוויגן, געקוקט אויף יוספן און ענדלעך אַרויסגעפּלאַצט מיט אַן אויפגערעגט קול, גאָר נישט ווי איר טבע איז געווען:

— „דו ביסט אַן אמתער דעטעקטיוו. דו האָסט, זע איך, זייער אַ הויכע מיינונג וועגן מיר! וואָס הייסט, דו הערסט זיך אונטער ווען איך רעד צו עמעצן אויפן טעלעפאָן? פע, ביט שיין, און עס געפעלט מיר נישט!" יוסף האָט איר גאָרנישט געענטפערט.

פון קיך זיינען אַריינגעקומען בעקיס צוויי פריינדינס. און אַלע האָבן זיי איצט געקוקט אויף יוספן און שעלמיש געשמייכלט.

עפּעס ווי אַ סוד וואָלט זיי אַלע דריי געהאַלטן צוזאַמען. זיי האָבן יוספן געגעבן צו פילן אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער, אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. יעדע מינוט איז אים איצט געוואָרן איבעריק דאָ צו בלייבן. בעקי האָט געפּלאַפּלט מיט אירע חברטעס, געוואונקען מיט די אויגן און זיך געוואָרפן מיט האַלבע ווערטער. זי האָט אי יוספן, אי די חברטעס געלאָזט וויסן גלייכצייטיק, אַז זי דערוואַרט זייער וויכטיקע געסט אויף מאָרגן. ווער זיינען די געסט? יוסף האָט שוין נישט געהאַט די דרייסטקייט אַפילו איר צו פרעגן. ער האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען. דאָס איינלאַדן מענטשן איין טאָג נאָכן אַנדערן, כדי ער זאָל זיך פילן ווי אַ פרעמדער. יוסף האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַט און אַ באַליידיקטער געטראַכט, אַז עס וועט גאָר נישט ווערן צווישן אים און בעקין. יוסף האָט זיך פּלוצעם אויפגעשטעלט און גענומען פּאַקן זיינע זאַכן.

— „איך פאָר צוריק קיין ניו־יאָרק!" — האָט ער בעקין אַ זאָג געטאָן קוקנדיק איר אין פּנים אַריין.

בעקי האָט עס דערוואַרט. זי האָט כלומרשט געפּרואווט אים אָפּריידן און מיט אַ געמאַכטער איידלקייט אים געבעטן צו בלייבן נעכטיקן. ווען בעקי איז אויף אַ ווײַלע אַריין אין קיך זיינען די צוויי חברטעס בעקיס צוגעלאָפן צו יוספן און אים שטילערהייט אַריינגעשושקעט אין אויער:

— „איר טוט גוט, מ"ר שאַליט, וואָס איר פאָרט אַוועק. איר טוט זייער גוט, זי איז נישט פאַר אייך".

יוסף האָט זיך קאַלטלעך געזעגנט מיט בעקין. — „איך וויל הערן פון דיר, יוסף", — האָט אים בעקי כלומרשט מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן. אָבער יוסף האָט איר מער נישט געשריבן. ער האָט וואָס גיכער געוואָלט פאַרגעסן אין די שטעטלעך טאַמס־ריווער און לייקוואוד, די מאָדנע באַגעגעניש און די גאַנצע אַוואַנטורע מיט בעקין.

# 33



ן אַנטוישטער פון אַלע זיינע איבערלעבונגען, פון די קלעפּ וואָס דאָס לעבן האָט אים געגעבן, איז יוסף אַריינגעפאַלן אין אַ שטימונג פון פולשטענדיקער רעזיגנאַציע.

„ער וועט שוין בלייבן אַזוי אַן איינזאַמער דאָס רעשט ביסל יאָרן, וואָס איז אים באַשערט צו לעבן“, — האָט ער אָפּט געטראַכט. — „אָן אַ היים, אָן וועלכע עס איז נאָענטע מענטשן, פאַר וועמען דאָס האַרץ זיך אויסצורײדן אַ מאָל“.

די איינציקע טרייסט ,דאָס איינציקע ביסל אָנהאַלט אין לעבן — זיינען געווען די הונדערטער בריוו פול מיט האַרציקער דאַנקבאַרקייט, וואָס יוסף פלעגט, טאָג־אויס, טאָג־איין, באַקומען פון די שארית־הפליטהניקעס, וואָס געפינען זיך אין די „די־פּי“־לאַגערן אין דייטשלאַנד, אין פראַנקרייך, שוועדן און אין ארץ־ישראל. בריוו האָט יוסף באַקומען סיי פון לאַנדסלייט און באַקאַנטע, וואָס ער געדענקט פון זיין יוגנט אָן, סיי פון אומבאַקאַנטע, וואָס האָבן געוואוסט וועגן יוספס פיל־פאַרצווייגטער טעטיקייט דאָ אין ניו־יאָרק, פון זיין מי און אַרבעט וואָס ער טוט פאַר די לעבן־געבליבענע קרבנות פון דעם פינצטערן נאַצישן דייטשלאַנד.

אַביסל בעסער איז יוספן געוואָרן מיטן אָנקומען פון רוזשקען און איר ברודער זיגמונד, די קינדער פון זיין אומגעקומענער שוועסטער הינדע. מיט רוזשקען איז אויך מיטגעקומען איר מאַן וואָלף און זייער קינד רחלע, אַ ליב מיידעלע. זיי זיינען געקומען ווי פליטים און יוסף האָט זיי געהאָלפן מיט אַלעם וואָס ער האָט נאָר געקענט. מיט ראַט און טאַט. ער פלעגט זיי אָפּט באַזוכן אין זייער וואוינונג. זיי האָבן געוואוינט צוזאַמען מיטן ברודער זיגמונד. און יוסף איז מער נישט געווען אַזוי איינזאַם ווי פריער.

צווישן די בריוו וואָס יוסף פלעגט קריגן, איז איין מאָל אָנגעקומען אַ בריוו פון מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, פון דער פליטים־פאַמיליע דזיאַלאָשינסקי. פאָליע מיט איר מאַן, לוטעק, האָבן זיך געראַטעוועט ווי דורך אַ נס פון די היטלעריסטן און זיי געפינען זיך אין מאָנטרעאָל. מיט זיי געפינט זיך אויך אַ קינד פון איר עלטערער שוועסטער, רעגינע, וועמען די נאַציס האָבן אומ־

געבראַכט. דאָס קינד נעמט אָן פּאַלען פאַר איר מאַמען. אַזוי וועט עס שוין בלייבן. מיט פּאָלען איז אויך מיטגעקומען אירס אַ יינגערע שוועסטער, רענאַ. די בריוו צו יוספן האָט טאַקע געשריבן רענאַ. אָבער יוסף איז געווען אונטערן איינדרוק, אַז דאָס שרייבט אים נישט רענאַ, נאָר פּאָלע, ווייל אונטערשרייבן אויף די בריוו פלעגן זיך אַלע דריי, — פּאָלע, רענאַ און לוטעק.

יוסף האָט גוט געקענט די דאָזיקע משפחה, ווייל ער האָט געוואוינט בשכנות מיט זיי אין וואַרטע, אַ שטוב לעבן אַ שטוב. דערצו זיינען זיי אויך געווען זיינע קרובים, יוספס פעטער יעקב, דער מומע הינדעס מאַן, איז געווען פּאָלעס און רענעס פאָטערס אַ לייבלעכער ברודער. יוסף האָט אַ לאַנגע צייט זיך דורכגעשריבן מיט פּאָלען, דאָס הייסט מיט רענען, וואָס ער האָט געמיינט אַז זי איז פּאָלע. אין לעצטן בריוו בעטן זיי אים, אַז ער זאָל קומען צו זיי קיין טאָראָנטאָ אויף אַ באַזוך.

„עס וועט זיין ביי אונדז אַן אמתער יום־טוב, אַז איר וועט קומען", — האָבן זיי אים געשריבן.

יוסף האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז ער האָט וואַקאַציע־צייט, אין די זומער־וואָכן פון חודש יולי, געדאַרפט אויסנוצן כדי אַרומצופאָרן איבערן לאַנד און אָרגאַניזירן די ווייטערדיקע הילף פאַר די פּליטים אין די לאַגערן און גאָר באַזונדערס פאַר די לאַנדסלייט פון זיין היימשטאָט. דער פּלאַן איז געווען צו זיין אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, און ביים סוף פון זיין שליחות אויך אין דער שטאָט טאָראָנטאָ.

ווען יוסף איז אָנגעקומען אין מאָנטרעאָל, האָט ער זיך באַגעגנט מיט רענען. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז פּאָליע מיט איר מאַן, לוטעק, זיינען אין טאָראָנטאָ, און די אַלע בריוו וואָס ער האָט דערהאַלטן, האָט זי אים געשריבן. די פּאָר טעג פון יוספס זיין אין מאָנטרעאל איז ער מיט רענען געוואָרן זייער באַפריינדעט. זי האָט פאַר אים אַנטפּלעקט אירע אינטימסטע איבערלעבונגען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז וואוינען וואוינט זי אין מאָנט־רעאָל, ווייל זי האָט טאָראָנטאָ פאַרלאָזט צוליב אַ ליבע. עס האָט זיך פאַר־ליבט אין איר אַ קריסט, אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן, צו וועמען זי איז אויך ניט געווען גלייכגילטיק. זי האָט זיך אָבער געשראָקן חתונה צו האָבן מיט אַ גוי. בעתן דערציילן פון אירע איבערלעבונגען האָט יוסף גע־טראַכט, אַז רענע איז נאָך אין דער היים, אין וואַרטאַ, געווען אַסימילירט און כסדר גערעדט פּויליש און ס'רוב פאַרבראַכט מיט קריסטלעכע פריינ־דינס און פּוילישע גימנאַזיסטן. זי איז אייגנטלעך פּעאיק אויף אַזאַ שריט אָפּגעפרעמדט צו ווערן פון יידן.

אויך פאַלע איז געווען אַזאַ טיפּ. פאַלע האָט אָבער יאָ חתונה געהאַט מיט אַ יידישן יונגנמאַן. דער מאַן אירער, לוטעק, איז אויך ווייט פון יידן און יידישקייט ניט ווינציקער פון פאַלען. יוסף האָט געטראַכט אַז געבענטשט זאָל זיין אַמעריקע וואָס אָט אין דעם פרייען לאַנד ווערט די אַמאָליקע אַסי־מילירטע יוגנט מיט דער צייט יידישער אין גייסט און זי קערט זיך אום צו יידן און צו דער יידישער סביבה. רענע האָט איצט גערעדט יידיש. אמת נישט אַזוי גוט ווי פּויליש וואָס איז געווען כמעט איר מוטער־שפּראַך. אָבער זי וועט זיך נאָך אויסלערנען און ריידן יידיש מיט דער צייט ניט ערגער פון אַלע יידן.

יוסף האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס רענע איז געווען שטאַרק גענוג אָוועקצופאָרן פון איר שוועסטערס הויז, זיך שיידן מיט אַ היים און בעסער זיין דאָ אַליין אַבי ניט צו באַגיין דעם פאַטאַלן שריט און חתונה האָבן מיט אַ גוי. יוסף האָט גוט געוואוסט ווי אַזעלכע „חתונות" ענדיקן זיך. ער איז דאָך געווען אַ שטאַרקער ייד אין האַרצן און ס'האָט אים ווי געטאָן צו הערן ווען עמעצער פון זיינע באַקאַנטע לאַנדסלייט איז באַגאַנגען דעם פעלער און געהייראַט אַ קריסטלעך מיידל, אָדער ווען אַ יידישע טאָכטער פלעגט זיך פאַרבינדן מיט אַ קריסט אויפן גאַנצן לעבן.

יוסף האָט געהאַלטן פון רענען, פון איר אינטעליגענץ און איר וויסן. אים האָט ווי געטאָן צו הערן פון אירע איבערלעבונגען אין די יאָרן ווען זי איז געווען אין די לאַגערן ביי די נאַצישע רוצחים. ער האָט אויפגעשוי־דערט בשעת רענע האָט אים דערציילט מיט אַלע איינצלהייטן פון די יאָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין וועלכע די דייטשישע מערדער האָבן זי פאַרשלעפּט. — „איצט", — האָט יוסף געזאָגט, — „פאַרגעס אין דעם אַלעם! דו דאַרפסט זיך דערנענטערן מער צום יידישן לעבן דאָ. באַקען זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור און מוזיק. איך וויס, דיר וועט עס אָנקומען נישט גרינג. ביסט דאָך איינע פון די טיפּיש־יידיש־פּוילישע אַסימילירטע מייד־לעך וואָס איך געדענק גוט פון דער היים, מיט זייער קוק פון אויבן־אַראָפּ אויף יידן און זייער קולטור. אָבער פאַלג מיך. דאָ אין מאָנטרעאָל האָסטו אַלע מעגלעכקייטן זיך צו דערנענטערן צו דער יידישער יוגנט. פאַראַן דאָ אַ יידישער אינטעליגענטער קרייז. גיי צו צו דער פאָלקס־ביבליאָטעק, וועסט דאָרטן באַגעגענען דיכטער וואָס שטייען אָסור נישט נידעריקער פון די בעסטע היינטיקע פּוילישע פּאָעטן. אַפילו פון טואווים און סאָלנימסקין וואָס זיינען' אגב, אויך יידן, אָדער שטאַמען פון יידן. זיי זיינען אָבער דאָך נישט קיין יידישע דיכטער נאָר פּוילישע, זיי זיינען אין תוך גייסטיקע דעזער־טירער!".

רענע האָט זיך צוגעהערט צו יוספס אינטערעסאַנטע רייד. זי האָט גאָרנישט זיך פאַרגעשטעלט אַז מ׳קען אויף יידיש אַזוי שיין און טיף דיסקוטירן קולטור־פראַגעס, ווי יוסף האָט עס באַוויזן אין זיינע שמועסן מיט איר.

— „יאָ, מיין פריינד," — האָט רענע אַ זאָג געטאָן, — איך וועל אייך פאָלגן. איך בין דאָך אַזוי איינזאַם דאָ. פון יידן דערוויטערט און די פוילישע קולטור גיט מיר דאָ גאָרנישט. ענגליש דאַרף איך נאָך ערשט לערנען".

יוסף האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט רענען אין דער האָפענונג זיך ווידער צו זען.

— „לאָמיר שרייבן איינער צום אַנדערן. וועסטו מיר ענטפערן, ווי ביז איצט, אויף מיינע בריוו?" — האָט יוסף זי געפרעגט.

— „וואָס דאַרפסטו פרעגן, יוסף," — האָט רענע מיט אַ שמייכל אים געענטפערט. — „ווערסט זען איך וועל האַלטן וואָרט! איך האָף נאָר אַז אויך דו, יוסף, זאָלסט האַלטן וואָרט און מיך דאָרט אין דעם גרויסן ניו־יאָרק ניט פאַרגעסן".

פון מאָנטרעאל איז יוסף אָפּגעפאָרן קיין טאָראָנטאָ און פאַרבראַכט דאָרט אַ פּאָר טעג. ער האָט כסדר גערעדט פון רענען וואָס פאַר אַ פיינעם איינדרוק זי האָט אויף אים געמאַכט, און געגעבן אָנצוהערענישן דער שוועסטער, אַז כאָטש רענע איז יינגער פון אים מיט אַ שיינע פּאָר יאָר זיינען דאָך אירע מיידלשע יאָרן אויך שוין כמעט ווי אַוועק. רענע האָט דאָך צום גרויסן אומגליק, פאַרלוירן איר יוגנט אין די לאַגערן.

— „יאָ, יוסף, מיין פריינד," — האָט פאָלע אַ זאָג געטאָן, — „איך וואָלט זיך געשעצט גליקלעך צו זען מיין שוועסטער אַ פאַרהייראַטע שוין. און אייך, יוסף, וויל איך זאָגן אָפּנהאַרציק: איר געפעלט מיר זייער. שרייבט זיך דורך מיט רענען".

דאָס דורכשרייבן זיך מיט רענען האָט אָנגעהאַלטן אַ שיינע פּאָר חדשים, ביזן פרילינג. יוסף האָט מיט אַ מאָל געזען אַז רענע מיידט אויס אים צו ענטפערן אויף אַלע דירעקטע פראַגן וועגן ביידנס צוקונפט. רענע האָט דורך דער צייט גענומען מאָלן. טאַלאַנט צו מאָלן האָט רענע אַרויסגעוויזן נאָך אַלס אַ יונג מיידל אין וואַרטע. איצט, אין איר איינזאַמקייט אין מאָנטרעאל, האָט זי זיך ווידער גענומען צום מאָלן. זי האָט געלערנט אין די אָוונטן אין אַ ספּעציעלער שול און געפונען איר אויסדרוק אין מאָלעריי. די ליבע מיט דעם קריסטלעכן יונגנמאַן פון וועלכן זי איז אַנטלאָפן, האָט

אָבער צעבראָכן איר האַרץ. זי האָט באַשלאָסן מער קיין מאָל ניט צו הייראַטן.

ווען יוסף איז אַ צווייטן מאָל געקומען קיין מאָנטרעאָל, האָט זי יוספן אָפן און קלאָר געזאָגט:

— „דו געפעלסט מיר. די פּאָר יאָר וואָס דו ביסט עלטער פון מיר וואָלטן ניט אויסגעמאַכט. אָבער איך וועל שוין בלייבן אַזוי. איך וועל ווייזט אויס שוין קיין מאָל ניט חתונה האָבן. איצט האָב איך מיין קונסט, די מאָלעריי, און אין מאָלן געפין איך אינהאַלט אין מיין איינזאַמקייט".

אַן אומעטיקער, אַ פאַרלוירענער פון די דרייסטע רייד רענעס איז יוסף צוריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק.

נאָך די מאָדנע, אומפאַרשטענדלעכע, שידוכימדיקע און ראָמאַנטישע באַגעגענישן מיט בעקין און רענען, איז יוסף געבליבן נאָך מער אַנטוישט און דאָס מאָל זיך ממש אַ נדר געטאָן נישט צו זוכן מער קיין באַקאַנטשאַפטן דורך אַנאָנסן אויף דער שידוכים־זייט פון די צייטונגען. אַ רעזיגנירטער האָט ער געטראַכט צו פאַרבלייבן אַן איינזאַמער דאָס רעשט ביסל יאָרן אין דעם גרויסן ניו־יאָרק. באַשערט אַזוי. אַזוי וועט דאָס שיקזאַל זיינס אים אָפּצאָלן פאַר די פּאָר ליכטיקע טעג פון פרייד אין אַמאָליקן פוילן. פאַר יעדער מינוט פרייד פון אַמאָל וועט ער איצט, אין האַרבסט פון זיין לעבן, אָפּצאָלן צוריק. ווי דער פילאָזאָף שאָפּענהויער לערנט אונדז: „פאַר יעדער מינוט פרייד — צאָלט מען צוריק מיט פּיין."

אַ טרייסט זיינען געווען פאַר אים די הונדערטער בריוו וואָס ער פלעגט איצט טאָג־אויס און טאָג־איין באַקומען פון די „די־פּי" לאַגערן אין דייטשלאַנד, פון פוילן, פון זיין היימשטאָט וואַרטע, און אויך פון ארץ־ישראל. דאָס האָבן אים געשריבן אומבאַקאַנטע יידן פון דער שארית הפליטה, די אומגליקלעכע רעשטלעך פון דעם פיל־מיליאָניקן יידישן ישוב אין אַמאָליקן פוילן. וואו זיי האָבן געקראָגן זיין אַדרעס האָט יוסף אַליין רעכט נישט געוואוסט. ווייזט אויס, אַז די אַרבעט וואָס ער האָט באַוויזן צו טאָן זינט ער געפינט זיך אין אַמעריקע, האָט זיין נאָמען אַזוי באַקאַנט געמאַכט אומעטום איבער דער וועלט וואו נאָר די פּליטים האָבן זיך געפונען. מיט נאָך מער ברען און חשק האָט יוסף זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו העלפן לינדערן די נויט פון די פּליטים. עס איז געווען וואָס צו טאָן. מ'האָט די פּליטים געדאַרפט וואָס שנעלער אַרויסראַטעווען פון די דייטשישע לאַגערן און זיי העלפן זיך איינאָרדענען. אַהערברענגען זיי אין די אַמעריקאַנער לענדער, זען אַז זיי זאָלן קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל זיך באַזעצן און דאָרטן אָנהויבן אַ ניי לעבן.

# 34



יינער פון יוספס פּילצאַליקע יוגנט־פרײַנד, נאָך פון די צייטן ווען די צאַרישע רעגירונג האָט געהערשט איבער פּוילן, איז געווען דער ענערגישער, אי־בערגעגעבענער, יידישער סאָציאַליסט און קולטור־טוער, לייבוש. מיט לייבושן איז יוסף געוואָרן באַפרײַנדעט אין יענע יאָרן אין דער „טשאַיניע", און זיך געטראָפן מיט אים אויף דער „אַרבעטער־בירזשע" אין די באַשטימטע גאַסן און געסלעך פון שטאָט. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער חבר לייבוש געווען פון די ערשטע וואָס האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די לעדער־אַרבעטער. ער איז אויך פאַקטיש געווען איינער פון די גרינדער פון די יידישע וועלטלעכע שולן אין וואַרטע אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ. לייבוש האָט אויך געהאָלפן שאַפן דעם „בילדונגס־פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער", וואו יידישע אַרבעטער פלעגן קומען אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט הערן אַ לעקציע, זיך אויסלערנען שרייבן און לייענען, אד"גל.

יוסף איז צוגעבונדן געוואָרן מיט אַ חברשער ליבשאַפט צו לייבושן און צו זיין משפחה. ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען ביי לייבושן אין שטוב און ער איז געוואָרן היימיש מיט דער גאַנצער משפחה. ער האָט ליב געהאַט די דאָזיקע אַרבעטער־משפחה ווי צענדליגער אַנדערע אַרבעטער־הייזער און באַוואונדערט זייער ערלעך לעבן, די ליבשאַפט און אויפריכטיקייט וואָס איינער האָט דאָ צום אַנדערן. אַזוינס האָט ער אין די מער באַלעבאַטישע הייזער, ווער שמועסט נאָך ביי די גבירים, קיין מאָל ניט געזען.

אין זיין אַליין־זיין האָט יוסף איצט ניט איין מאָל געטראַכט וועגן דעם דאָזיקן חבר לייבוש און יענע היימיש־וואַרעמער סביבה, — די חברשע אַט־מאָספּערע פון זיין אַמאָליקן חברס שטוב. אָ, ווען ער האָט איצט דאָ אין דעם גרויסן ניו־יאָרק אַזאַ באַענטן פריינד ווי לייבוש! אַ שטוב אַזאַ וואו אַריינ־צוקומען אַ מאָל אין אַן אָוונט, ווען די שרעקלעכע איינזאַמקייט לאָזט אים נישט איינזיצן אין דעם מעבלירטן צימער זיינעם און טרייבט אים אַרויס אין גאַס... שפּאַנענדיק אַזוי אין די גאַסן פון ניו־יאָרק אָן אַ ציל און אָן אַ זין, — ווייל צייט האָט יוסף איצט געהאַט מער ווי פריער, די אַרבעט פאַר די פּליטים האָט אַביסל אָפּגעלאָזן, — האָט יוסף ניט אויפגעהערט צו טראַכטן פון זיין חבר לייבוש; פון לייבושעס פרוי יענטל און זייערע קינדער. דער חבר לייבוש פלעגט פאַר אים אויסוואַקסן מיט זיין פּשוט ערלעכן אויסזען, מיט די תמימותדיקע אויגן אין וועלכע אַ וועלט פון גלויבן אין אַ בע־סערער וועלט האָט תמיד געטליעט אין זיי. די יאָרן פון זיין אייגענער יוגנט האָט יוסף ווידער געזען פאַר זיך אויפגיין בעתן טראַכטן פון זיין אַמאָליקן געטרייען חבר לייבוש...

ווען לייבוש האָט חתונה געהאַט מיט יענטלען האָט ער שוין געהאַט אַ קינד פון זיין ערשטער פרוי מיט וועלכער ער האָט זיך געגט. יוסף גע־דענקט דאָס דאָזיקע מיידעלע ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד. איר נאָמען איז געווען רוזשקע. שפּעטער זיינען ביי דעם חבר לייבושן געבוירן גע־וואָרן צוויי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך. זיי האָבן אַלע געקראָגן אַ יידיש וועלטלעכע דערציאונג, געלערנט אין די פּרץ־שולן. רוזשען האָט די חברטע יענטל דערצויגן ווי איר אייגן קינד. שפּעטער האָט אַן אומגליק געטראָפן מיט איינעם פון די קינדער. דאָס טעכטערל דאַליע איז קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. יוסף דערמאָנט זיך די לוויה פון אָט דער יונגינקער דאַליען. עס איז געקומען אַ גאַר גרויסער עולם, הונדערטער אַרבעטער, און די קינדער פון דער פּרץ־שול האָבן זי באַגלייט ביז אויפן בית־עולם, און ביי דאַליעס קבר׳ל האָט יוסף גערעדט און אַרויסגערופן טרערן ביי יעדן פון די פאַר־זאַמלטע. גערעדט האָט ער דעמאָלט וועגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וועגן די שלעכטע וואוינונגען אין וועלכע די יידישע אַרבעטער זיינען גע־צוואונגען צו לעבן אין ענגשאַפט, און אין וועלכע די מערדערלעכע טיפוס־קראַנקייט האָט איר נעסט. אַלט און יונג שטאַרבן פון אָט דער קראַנקייט, און שולדיק איז די פאַרשאָלטענע סיסטעם פון רייך און אָרעם...

דער חבר לייבוש האָט געוואוינט הינטערן שטאָט, אין אַן אַלט הויז. נישט קוקנדיק אויף דער גרויסער אָרעמקייט וואָס איז געווען אין דער דאָזיקער אַרבעטער־שטוב, איז דאָרט געווען ציכטיק און ריין אין אַלע ווינ־

קעלעך. יוסף האָט ליב געהאַט אַריינצוקומען צו זיין חבר לייבוש אין שטוב. ער האָט געפילט דאָס האַרמאָנישע גליקלעכע צוזאַמענלעבן, וואָס עס האָט דאָרט געהערשט. פאַר טאַטע־מאַמע איז גאָר נישט שווער געווען אַז די קינדער זאָלן קריגן די בעסטע דערציאונג. לייבוש האָט אַלץ געטאָן אַז זיינע קינדער זאָלן גיין אין זיינע וועגן; צו קעמפן פאַר אַ בעסערער וועלט, פאַר אַ וועלט פון סאָציאַליזם. אַוודאי האָט די קינדער אָפט געפעלט דאָס נייטיקסטע; זיי פלעגן אָפט אַוועקגיין אין שול כמעט הונגעריקע. אָבער קיינער האָט פון דעם נישט געוואוסט. די ציכטיקע קליידער וואָס זיי האָבן געטראָגן האָבן וועגן דעם נישט דערציילט. און די ליבשאַפט, די פרייד און דאָס גע־לעכטער אַרום זיי האָט יעדן איינציקן געוויזן ווי גליקלעך די דאָזיקע משפחה לעבט צווישן זיך. דער עיקר האָבן טאַטע־מאַמע געזאָרגט צו געבן די קינדער בילדונג.

— „וויסן, וואָס מער וויסן", — פלעגט לייבוש זאָגן — „אַלץ מער גליק אין לעבן האָט דער מענטש אין זיין צוקונפט".

די יינגסטע טאָכטער, גאָלדע, האָבן די עלטערן אַפילו באַוויזן צו שיקן אין דער שטאָטישער גימנאַזיע. און ווי גליקלעך זיינען טאַטע־מאַמע געווען, וואָס זיי זיינען ביכולת צו שיקן זייער גרעסטענע טאָכטער צוזאַמען מיט דער בעסערער יוגנט, די מער־אינטעליגענטע אין שטאָט, אין דער שטאָטישער גימנאַזיע.

דאָס גליקלעכע און פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון לייבושעס משפחה איז אָבער מיט אַ מאָל איבערגעריסן געוואָרן. פונקט אַזוי ווי עס איז איבערגע־געריסן און צעשטערט געוואָרן דאָס שטילע פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון טויזנטער און טויזנטער יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן.

די נאַציס זיינען באַפאַלן פוילן אין יאָר 1939. אָן אַ ווידערשטאַנד זיינען געפאַלן שטעט איינע נאָך דער אַנדערער, און אויך וואַרטע איז באַפאַלן געוואָרן פון די דייטשישע אַרמייען, הייזער זיינען פלוצעם אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועך, געשטורעמט געוואָרן פון דער לופט; עס זיינען געפאַלן באָמבעס; די שטאָט האָט געברענט. הייזער זיינען אָפגעווישט געוואָרן כהרף־עין, און אויך דאָס אַלטע הויז הינטערן שטאָט, וואו לייבוש האָט געוואוינט מיט זיין משפחה, האָט נישט אויסגעמיטן דעם חורבן. געבליבן גאַנץ איז, על פי נס, די אָפיצינע פון הויז, בלויז דער טייל וואו לייבוש האָט געוואוינט.

* * *

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטער לעבן פאַר אַלע יידן אין שטאָט. הונגער, קראַנקייטן, דער טויט האָט געבושעוועט אין אַלע ווינקעלעך. מחנות יידן זיינען טאָג־טעגלעך געטריבן געוואָרן אויף שקלאַפן־אַרבעט אונטער אַ האָגל

פון קלעפּ און סאַדיסטישע פּייַנונגען. אַפילו פרויען און קינדער זיינען גע־צוואונגען געוואָרן אָנצופילן די שטאָטישע שוץ־גריבער וועלכע די שטאָטישע באַפעלקערונג האָט פריער נאָך געהאַט געגראָבן, בעת די ידיעות פון קריג האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט. מען האָט יעדן איינעם געטריבן צו טראָגן ציגל מיט די היילע הענט, אָן אַ זין, פון אָרט צו אָרט. לייבוש, יענטל זיין ווייב און אַלע קינדער, די צאַרטע און איידעלע טעכטער, זיינען קיין אויסנאַ־מען נישט געווען. זיי זיינען דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום און געפּייניקט געוואָרן פון די דייטשן צוזאַמען מיט אַלע יידן אין וואַרטע.

אין יענער צייט, אַ וואָך־צוויי נאָך דעם בלוטיקן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן אין שטאָט, האָט זיך גאָלדע, לייבושעס ייִנגסטע און געראָטענע טאָכטער, די סטודענטקע, באַקענט מיט אַ יונגן סטודענט לודוויק אַראַנסאָן. לודוויק האָט שטודירט אַלס אינזשעניר. זיינע עלטערן זיינען געווען צווישן די רייכע אַסימילירטע יידן אין שטאָט. לודוויק פלעגט אַרומשפּאַצירן מיט גאָלדען אויף די יידישע גאַסן ווען די דייטשן האָבן זיך נישט באַוויזן. זיכע־רער מיטן לעבן איז מען דאָך געווען אין שטוב. יידן פלעגן וואָס ווייניקער זיך ווייזן אין די גאַסן. גאָלדע האָט לודוויקן פאַרבעטן אין שטוב. כאָטש אָן אָרעמע און נישט אַזאַ פאַרפּוצטע ווי די, וואָס ער און זיינע עלטערן האָבן באַוואוינט אין איינע פון די שענערע גאַסן אין שטאָט — פון דעסטוועגן איז לוודוויקן ליב געווען גאָלדעס שטוב. ער האָט זיך געפילט היימיש וואו נאָר גאָלדע איז געווען, און אויך גאָלדע האָט אים ליב געהאַט. ער איז גרייט געווען חתונה צו האָבן מיט איר, נישט געקוקט אויף די שלעכטע צייטן וואָס יעדער האָט פאָראויסגעזען מיט דער אָקופּאַציע פון די דייטשישע מחבלים.

די עלטערן לודוויקס זיינען אָבער געווען קעגן דעם שידוך. אַזוי איז גאָלדע זיי געפעלן. אַ וואויל מיידל, אַ סימפּאַטישע, און ווי לודוויק גיט זיי איבער, אַ פלייסיקע סטודענטקע, אָבער אַ כלה פאַר זייער זון האָבן זיי געוואָלט נעמען פון זייער אייגענעם קלאַס, פון די מער מיוחסדיקע רייכע הייזער, פון דעם קרייז וואָס קומען אין דייטשישן טעמפּל; די וואָס רעכענען זיך פאַר דייטשן פון „מאָזעסעס" גלויבן. אמת, לודוויקס עלטערן האָבן געוואוסט, אַז היטלער, י"ש, באַהאַנדלט די דייטשישע יידן פּונקט ווי אַלע יידן, דאָך האָבן די משפחה אַראַנסאָן, ווי אַ סך זייערס גלייכן, געהאָפט אין דער שטיל, אַז די דייטשן וועלן זיי בעסער באַהאַנדלען. די אַראַנסאָנס האָבן נישט געוואָלט האָבן צופיל מגע־משא מיט די יידן פון די אָרעמע געסלעך.

לודוויק האָט אָבער זיך נישט צוגעהערט צו די רייד פון זיינע עלטערן. ער איז אַפילו ברוגז געוואָרן מיטן פאָטער. גאָלדען האָט ער ניט פאַרפעלט

צו זען כמעט יעדן טאָג. אין שטוב האָט מען אָנגעהויבן ערנסט רעדן וועגן דעם, אַז גאָלדע און לודוויק זאָלן שטעלן אַ חופּה.

די חופּה איז געשטעלט געוואָרן אַ פּאָר טעג נאָך סוכות. דער כּח פון לעבן איז שטאַרקער פון אַלע ליידן. אין שטאָט זיינען פאָרגעקומען אַ סך אַזעלכע שטילע חתונות. די פרייד איז טאַקע געמינערט געוואָרן. מען האָט נישט געליאַרעמט; כּלי־זמר האָבן נישט געשפּילט אין די גאַסן. שטיל, הינטער פאַרמאַכטע טירן האָט מען געשטעלט חופּות, און עס זיינען צוגעקומען יונגע חתונה־געהאַטע פּאָרלעך.

אויך גאָלדע און לודוויקס חתונה איז געווען אַ שטילע. אַפילו די עלטערן לוודוויקס האָבן נישט געוואוסט, אַז זייער זון שטעלט אַ חופּה אין אַ הויז פון גאָלדעס אַ חברטע. ערשט נאָך דער חופּה זיינען זיי ביידע אַוועק צו לודוויקס עלטערן. דער פאָטער, איגנאַץ אַראָנסאָן, און די מאַמע, די מאַדאַם העלענאַ אַראָנסאָן, האָבן זיי געוואונטשן גליק, זיך צעקושט מיט גאָלדען און זי אַריינגענומען אין דער משפּחה ווי אַן אייגן קינד.

דערווייל איז די לאַגע פון די יידן אין שטאָט געוואָרן ערגער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די באַרימטע „אויסזידלונגען", — יעדן טאָג אַ פּאָר גאַסן. קיינער איז נישט געווען זיכער צי ער וועט מאָרגן זיך געפינען אין דעם זעלבן הויז וואו ער געפינט זיך היינט. ביי יעדער „אויסזידלונג" האָבן די דייטשן גערויבט, צוגענומען יידישע האָב און גוטס פאַר דער דייטשישער מלוכה־קאַסע. די נאַציס האָבן קאָנפיסקירט יידישע פאַרמעגנס און מיט יעדן טאָג זיינען די יידן אין שטאָט געוואָרן אָרעמער. די נויט איז געוואַקסן אין יידישע שטיבער. דערצו איז די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט געוואָרן גרעסער מיט יעדן טאָג. עס זיינען אָנגעקומען מאַסן יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. אַלע האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען אין וואַרטע, ווייל אין וואַרטע איז נישט געווען קיין געטאָ־וואַנט, ווי אין וואַרשע אָדער לאָדזש. עס איז נאָר באַשטימט געוואָרן אַ געוויסער געגנט אין שטאָט וואו די יידן מוזן וואוינען. אָבער דערווייל קענען יידן זיך פריי באַוועגן אומעטום, אויב נאָר זיי האָבן ערגעץ וואו אַ באַשעפטיקונג וואָס קען נוצן ברענגען דעם נאַצי־רייך. די דייטשן האָבן אין וואַרטע די ערשטע צייטן געגעבן די יידן אַרבעט אין שטאָט, און יידן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען און זיינען געקומען קיין וואַרטע. די יידישע באַפעלקערונג איז איצט אויסגעוואַקסן, צו אַן ערך, פופציק טויזנט. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קראַנקייטן צוליב דער מוראדיקער ענגשאַפט. דער טיפוס האָט געבושעוועט אין שטאָט.

טראָץ דעם אַלעם, כאָטש עס איז געווען אַזוי ביטער יעדע מינוט אונטער דער הערשאַפט פון דעם נאַצי־מושל, זיינען אין די יידישע גאַסן אויפגעקומען

איניקע קולטור־און־הילפס־אינסטיטוציעס, וואָס האָט אַביסל געלינדערט די נויט פון די הונגעריקע יידן אין שטאָט. חוץ שפייזן דעם מאָגן צו דערהאַלטן ביים לעבן די טויזנטער נויטבאַדערפטיקע יידן, האָבן די קולטור־אָרגאַניזאַציעס אויך געזאָרגט פאַר דעם גייסטיקן אויפהאַלט פון דער פאַרפייניקטער און דערשלאָגענער יידישער באַפעלקערונג. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט כאָרן, דראַמאַטישע גרופּעס און לייען־קרייזן. באַזונדערס איז דער „בונד" געווען טעטיק אויפן קולטורעלן געביט. עס איז געווען אַ שטיקל טרייסט, ווען אין די אָוונטן פלעגן זיך דאָס רוב יידן אין שטאָט צוזאַמענקומען צו אַ פאָרלעזונג, אַ טעאַטער־שפּיל, אָדער צו אַ קאָנצערט פון יידישער מוזיק; די אָוונטן האָבן זיי געגעבן כח אויסצוהאַלטן די ענויים־קשים פון די שעהען בייטאָג.

לויט אַ באַפעל איז געשאַפן געוואָרן דער „יידן־ראַט", וועמעס אויפגאַבע איז געווען צוצושטעלן אַרבעטער אין פאַרשיידענע דייטשישע אַרבעטס־פּלעצער. טויזנטער יידן זיינען געשטאַנען אין די רייען ביים אַרבעטס־אַמט וואו דער „יידן־ראַט" האָט אַרויסגעגעבן אַ לעגיטימאַציע, אַז דער און דער איז אַ ניצלעכער אַרבעטער, אַ שוסטער, אַ שניידער וכדומה. אַזוי אַרום איז מען געווען זיכער נישט אַרויסגעשיקט צו ווערן פון שטאָט ערגעץ אין די דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון וואַנען זייער ווייניק פלעגן צוריקקומען. פון טאָג צו טאָג זיינען די רייען ביים „יידן־ראַט" געוואָרן גרעסער. געוועזענע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, האָט מען איצט געזען שטיין אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, מיט הונגעריקע אויגן זיך בעטן אַ „פּאַפּירל", אַז זיי זיינען גאָר שוסטער אָדער שניידער. עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף די יידן אין די רייען. דאָס זיינען געווען ממש לעבעדיקע מתים, סקעלעטן, ניט קיין מענטשן פון פלייש און בלוט. זיי זיינען געשטאַנען אין די הונדערטער, יידן מיט אַן אומבאַשרייבלעכן פּחד אין די אויגן, איינגעהילטע אין שמאַטעס וואָס האָבן קוים צוגעדעקט זייערע לייבער.

* * *

דעם 22סטן סעפּטעמבער, 1942, 5 אַזייגער פאַרטאָג, זיינען ווידער טויזנטער יידן געטריבן געוואָרן איבער די גאַסן פון שטאָט. מ'האָט יידן אַרויסגעטריבן פון זייערע שטיבער און נישט געגעבן זיי קיין צייט אַפילו זיך רעכט אָנצוטאָן. געסטאַפּאָ־לייט, ווי די בלוט־הינט, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, באַגלייט פון אוקראַיינישע הילפספּאָליציי, האָבן געשלאָגן און געטריבן די יידן צו דער מעטאַל־פאַבריק, וואו עס געפינען זיך די „שאָפּן".

עס ווערן אָפּגעריסן פרויען פון זייערע מענער, קינדער פון זייערע טאַטעס. מ'הערט מוראדיקע שיסערייען אין דער לופטן. עס פאַלן די, וואָס פּרואוון זיך

געזעגענען מיט זייערע נאָענטסטע. די גאַסן זיינען פול מיט געיאָמער, מיט פּחד און מיט טויט.

פאַרן טויער פון דער מעטאַל־פאַבריק שטייען די צונויפגעטריבענע יידן. ווער עס האַלט אין האַנט אַ רויט ביכל וואָס באַשטעטיקט אַז ער איז אַ ניצ־לעכער אַרבעטער, און ווער — ניט. די וואָס האָבן ניט קיין רויטע ביכלעך קוקט אַרויס שרעק און פאַרצווייפלונג פון זייערע אויגן. עס שטייט דער גרויזאַמער פּאָליצייי־שעף, דער בלוט־הונט און מערדער דעגענהאַרט. ער האַלט אַ שטעקעלע אין האַנט און ער באַטראַכט די יידן אין דער ריי וואָס גייען אים פאַרביי, געטריבן פון זיינע געהילפן מיט די בייטשן אין די הענט: „דו, יודע — רעכטס, דו, שוויין־יודע — לינקס!"

דער גורל פון טויזנטער יידן צו דער שחיטה ווערט געחתמעט! מ'טרייבט די יידן פון לינקס צו די פּי־וואַגאָנעס. מ'ציט אַראָפּ פון זיי די שיך. מען שטופּט אַריין אין יעדן וואַגאָן הונדערט און צוואַנציק מאַן. בלויז אַ קליינע צאָל יידן געלינגט יענעם טאָג זיך אַריינצובאַקומען אין די „שאַפּן" פון דער מעטאַל־פאַבריק, צווישן זיי געפינט זיך אויך לודוויק, גאָלדע און אירע צוויי ברידער, שמשון און מרדכי.

דער טאָג האָט זיך געענדיקט מיט אַכט טויזנט אַרויסגעשיקטע און הונ־דערטער דערמאָרדעטע אויפן אָרט!

עס גייען אַוועק וואָכן, חדשים פון מאָרדן אין די גאַסן, פון זוכן באַהאַל־טענע יידן, וואָס האָבן זיך נישט געמאָלדן בעת דער ערשטער אַקציע. עס ווערט געשאַפן די „קליינע־געטאָ" וואָס באַשטייט פון דריי קליינע געסלעך. שמוץ, קראַנקהייטן רויבן צו לעבנס יעדן טאָג. דאָס ביסל עסן אין דער קיך וואָס דער „יודן־ראַט" טיילט צו איז נישט גענוג צו דערהאַלטן די נשמה. אַלע מוזן אַרבעטן. מ'טרייבט די יידן פינף אַ זייגער אין דער פרי צו די באַשטימטע אַרבעטס־פּלעצער מחוץ דער געטאָ. ניין אַ זייגער אין אָוונט טראָגט זיך די אומעטיקע מעלאָדיע פון טרומפּייט, וואָס פאָדערט אויף צום שלאָף. אַ שווערער וואָלקן, פול מיט יאוש און מרה־שחורה, הענגט איבער דער געטאָ. נישטאָ קיין שטוב וואו עס זאָל נישט פעלן אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ טאַטע, אָדער אַ קינד וואָס איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און איז געבליבן ליגן אָן לעבן אין זיך.

* * *

אין דער אַמונציע־פאַבריק „האסאג", שקלאַפן די יידן פון וואַרטע, — אַן ערך פיר טויזנט לעבן־געבליבענע נאָך די פיל „אַקציעס" אין שטאָט.

דעם 19טן יולי, 1943, עלף אַ זייגער ביינאַכט, — ווידער אַ סעלעקציע. מען טרייבט אַרויס אין גאַס. מען קוקט יעדן אין פּנים, און די מערדער

שאַצן ווער ס'איז קראַנק אָדער צו אַלט צו אַרבעטן, און ווער עס האָט דאָס „גליק" צו בלייבן לעבן און ווייטער שקלאַפן, פראַצעווען און הונגערן. די אַמוניציע־פאַבריק ווערט דאָס ריזיקע קבר פון די לעבן־געבליבענע, דאָס גיהנום אין וועלכן זיי ווערן געפּייניקט ביז מען שיקט זיי אַלע ביסלעכווייז אַף קיין טרעבלינקע — דאָס טויטן־אָרט וואָס איז שוין אַלעמען באַוואוסט... עס קומען פאָר ווידערשטאַנדן מיט די מייסטערס פון פאַבריק. ניט אַלע לאָזן זיך גיין צו דער שחיטה ווי די שאָף. זייער סוף איז אַ טראַגישער. זיי פאַלן אויפן אָרט.

פון יולי 1943 ביז יאַנואַר 1945, געפינען זיך נאָך אַלץ טויזנטער יידן אין דער שקלאַפן־פאַבריק „האסאג". נישטאָ קיין ווערטער פאַר די ענויים־קשים, פאַר די ליידן פון די לעבן־געבליבענע. נישט איינער פון זיי איז מקנא די, וואָס זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון זייערע יסורים דורך אומקום אין טרעבלינקע און אין אַנדערע טויטן־קאַמערן, דורך אַלע מיתה־משונות וואָס דער טייוול אין געשטאַלט פון די דייטשישע בעסטיעס האָט אויסגעטראַכט. גאָלדע, לודוויק, די צוויי ברידער שמעון און מרדכי, באַוויזן זיך צו האַלטן צוזאַמען אין דעם טויטן־לאַגער „האַסאַג". זיי לעבן אַלץ איבער, זיי זעען וואָס די מערדער טוען צו קליינע קינדער. אין די הונדערטער ווערן זיי צעשאָסן פאַר די אויגן פון די מאַמעס.

אין שול האָט גאָלדע געלערנט די מעשיות פון חורבן־ירושלים. די לערער פלעגן דערציילן וואָס די רוימער האָבן געטאָן צו די יידן. באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין איר זכרון די מעשה מיט רבי עקיבא, וואָס די רוימער האָבן געקעמט זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען ביז ער איז אויסגעגאַנגען מיט „שמע־ישראל" אויף די ליפּן... דאָס וואָס אירע אויגן האָבן צוגעזען, וואָס די נאַציס האָבן געטאָן צו קליינע, אומשולדיקע קינדער, איז טויזנט מאָל גרויליקער. פאַר אירע אויגן וועלן שטענדיק בלייבן שטיין די מאַוימדיקע גרויליקע בילדער פון די צענדליגגער און צענדליגגער קברים; דאָס צווינגען צו גראָבן דאָס אייגענע קבר און דערנאָך אַריינגעוואָרפן ווערן אין אים לעַ־בעדיקערהייט. זי וועט תמיד הערן די שיסערייען אויף די קוים־נאָך לעבעדיקע יידן, אויסגעלייגטע אין די מאַסן־קברים, און דאָס בילד פון די הונדערטער צעשאָסענע קינדער אויפן פעלד לעבן דעם שטאָטישן בית־עולם.

נאָך יאָרן ליידן האָבן די קליינע צאָל לעבנגעבליבענע יידן אין דער „האסאג"־פאַבריק געוואוסט אַז דער טאָג פון חשבון דערנענטערט זיך! די רויטע אַרמיי מאַרשירט פאָרויס און געפינט זיך שוין הינטערן שטאָט. אָבער די רשעות פון די היטלער־מערדער לאָזט אַלץ נישט אָפּ. און אָט אַ נייע

סעלעקציע. די לעצטע שוין — פאַר דער באַפרייאונג — צווישן די טויזנ־טער יידן־שקלאַפן אין די פאַבריקן־לאַגערן „האַסאַג".

* * *

אין דער דאָזיקער „סעלעקציע" האָבן זיך אויך געפונען גאָלדעס מאַן לודוויק און אירע צוויי ברידער, שמשון און מרדכי. גאָלדע זעט ווי מ'פירט אַוועק אירע נאָענטסטע, איר אייגן בלוט און פלייש — אומגעבראַכט צו ווערן ערגעץ־וואו, ווער ווייס אין וועלכן טויטן־קאַמער! זי שטייט פאַרגליווערט.

„אַזוי פיל יאָרן איז אונדז באַשערט געווען צו בלייבן לעבן צוזאַמען, נאָכן צוזען אַזוי פילליידן, אַזוי פיל מערדערייען, האָבן מיר דאָך אויס־געהאַלטן. און איצט", — טראַכט גאָלדע, — „בלייב איך אַליין, אַליין צווישן די אָפּגעשוואַכטע שקלאַפן אין דער פאַבריק־„האַסאַג".

עפּעס רייסט זיך אָפּ אין איר. זי פילט אַז איינע אַליין, אָן לודוויקן, אָן די ברידער, וועט זי מער קיין כח ניט האָבן צו דערציען די געציילטע טעג, אָדער אפשר גאָר שעהען, ווען די רויטע אַרמיי וועט זיך אַהער אַריינרייסן און אַ סוף מאַכן צו די בלוטיקע תליונים און וועלט־מערדער. גאָלדע שטייט ביים הויכן צוים און זעט פון ווייטן איר לודוויקן. ער שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ ווי ער וואָלט זיך שעמען אויף זיין ווינסטן מזל, אַוועק־געריסן צו ווערן פון איר אויף אייביק, אויף אייביק שוין... זי וויל וויינען און זי קען ניט. אַלץ אין איר איז פאַרגליווערט. זי פילט די לעצטע בליקן אויף איר פון די צוויי ברידער אירע ווי זיי וואָלטן זאָגן: „שרעק זיך ניט, גאָלדע, אַז מיר האָבן כח געהאַט אויסצוהאַלטן ביז איצט, וועט אונדז ווייטער אויך באַשערט זיין זיך צו זען אין גיכן באַפרייטע פון די מערדער־הענט. זייער סוף איז נאָענט!..."

* * *

אין לאַגער האָט זיך יענעם טאָג, דעם 16טן פעברואַר, 1945, געטראָגן די פריילעכע בשורה: „די רויטע אַרמיי געפינט זיך הינטערן שטאָט. זיי זיינען שוין אַריבער קיעלץ, און וולאָשטשאָווע".

מען האָט עס טאַקע געקענט זען אין די פנימער פון די דייטשן. זיי זיינען געווען ווילד און צעטומלט; זיי גיבן באַפעלן און האָבן גלייך חרטה. אין זייערע באַפעלן איז קענטיק זייער פאַרלאָרנקייט און אומזיכערקייט. מיט אַ מאָל איז דער שטרענגער טאָן זייערער פאַרשוואונדן. אָנשטאָט באַפעלן — איז זייער שטים פול מיט „ביטע", — „ביטע, גייען זי היר; ביטע, קאָמען זי היר". — ס'איז זיי נישט צו דערקענען!

די שטימונג איז אָבער סיי ווי אַ געדריקטע. ניטאָ קיין שפייז. מ'האָט קיין ברויט היינט ניט צוגעטיילט. דאָס איז אויך אַ גוטער סימן. מסתמא

זיינען די וועגן אַרום דער שטאָט שוין פאַרשטעלט פאַר די דייטשן. דער־פאַר האָט מען יאָ געגעבן מיטאָג. די הילצערנע קעסלען ווערן פונאַנדער־געטראָגן איבער דער פאַבריק. די אַרבעטער־שקלאַפן, אויסגעהונגערטע, נישט אויסגעשלאָפענע, פאַרמאַטערטע, שלינגען די זופּ, האַלטנדיק קוים די לעפל אין די קראַנק־שוואַכע, מידע הענט... זיי פילן קיין שום טעם ניט אין דער וואַסערדיקער זופּ, דאָך שלינגען זיי גיריק און דערוואַרעמען זיך מיט יעדן שלוק. מיט אַ מאָל, ווי אַ דונער פון הימל, דערהערט מען אַ שרעקלעכן קראַך און באַלד אַ צווייטן, אַ דריטן, און איינער שרעקלעכער פונעם אַנדערן, ווי די וועלט וואָלט געהאַלאַטן ביים חרוב ווערן. מען וואַרפט זיך אויף דער ערד, אויך די דייטשישע וועכטער ליגן אויסגעצויגן אויפן דיל און ציטערן פון שרעק. די סאָוועטישע אַרמיי מוז שוין זיין גאָר באָענט. עס בליצט און עס דונערט אָן אויפהער בקולי־קולות. מ׳הערט אויך דאָס קראַכן פון קאַנאָנען, וואָס געפינען זיך אַפּנים גאָר נאָענט פונעם לאַגער. עס ווערט אַ מהומה.

— „די פרייהייט קומט! די לאַנג־געגאַרטע פרייהייט. מיר זיינען אויס־געלייזט, אוי, גאָט!"

אָט אַזעלכע און ענלעכע שושקערייען גייט איינער איבער דעם צווייטן. זיי ליגן איצט, די יידן־שקלאַפן אויף דער ערד, שטילע, מידע, מיט די פּנימער אַראָפּ. מ׳שושקעט זיך איינער מיטן אַנדערן, פייערלעך פון פרייד און נצחון ברענען אין זייערע אויגן. יעדער קראַך, יעדער אויפטרייסלענדיקער דו־נער איז אַ פריידיקער אָנזאָג אויף דער באַלדיקער באַפרייאונג פונעם נאַצי־יאָך! מיט פרייד קוקן זיי זיך צו ווי די דייטשישע וועכטער לויפן אַרום ווי פאַרסמטע מייז, צעטומלטע; זיי, די מערדער־יונגען, ווענדן זיך איינער צום אַנדערן, פרעגן שטומערהייט, מיט בלויזע האַנט־באַוועגונגען, וואָס זיי זאָלן טאָן...

אָבער די מערדער האָבן יענעם טאָג שוין גאָר נישט געקענט טאָן!...

פאַרנאַכט האָט די באָמבאַרדירונג אַביסל אָפּגעלאָזן. ווי די קאַנאָנען וואָלטן זיך וועלן אָפּרוען, אָפּכאַפּן דעם אָטעם, כדי ווידער אויף דאָס ניי אָנהייבן צו דונערן. און אָט הערן אַלע אינעם לאַגער דעם באַפעל זיך אויס־צושטעלן אין רייען און מיטנעמען די פּעקלעך. אַ באַפעלנדיקע שטים שרייט אויס: „מאַרשירן!" מען מאַרשירט ביז צום אויסגאַנג־טויער. און ווידער אַ באַפעל — „צוריק צו די באַראַקן!"

עס גייען אום קלאַנגען אַז אין דער שטאָט קומען פאָר גאַסן־קאַמפן מיט סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי. אַ יידישער פורמאַן, וואָס מען ווייסט נישט פון וואַנען ער האָט זיך גענומען, דערציילט, אַז ער האָט געזען

אין שטאָט רוסישע טאַנקען. ער איז געפאָרן מיט די דייטשישע סאָלדאַטן איבער טויטע נאַציס וואָס ליגן אין די גאַסן אין די הונדערטער... אָבער דערוויל געפינען זיך די יידישע לאַגערניקעס הינטער פאַרצוימטע דראָטן אין סאַמע עק פון שטאָט באַוואַכט פון די רוצחים.

אין מיטן נאַכט שניידן זיך דורך אויף דעם פינצטערן האָריזאָנט פייער־בליצן און אויפרייסן, וואָס טרייסלען אויף די לופט, אָן אויפהער דונערן די שיסערייען. דער עכאָ פונעם ערשטן אויפרייס איז נאָך נישט פאַרשטילט, און שוין קומט אַ צווייטער און אַ דריטער. אין דער פינצטער זוכן איצט די יידן זייערע דייטשישע וועכטער, אָבער מען זעט נישט און מען הערט נישט! נישטאָ קיין דייטשן מער! פרייד און שרעק באַפאַלט דעם ריזיקן לאַגער. מ׳האָט מורא זיך פרייען, טאָמער קומען די מערדער נאָך צוריק. די באָמבאַרדירונג הערט נישט אויף. פאַראַן קרבנות. מען דערקענט שוין דייטלעך אַרטילעריע־שאָסן. פון דעם שטאָט־טייל ווייזן זיך שטאַרקע פלאַמען, ווי וועגווייזערס פאַר די אומגליקלעכע אינעם לאַגער, ווי די פלאַמען וואָלטן רופן:

— „צערייסט די דראָטן! אַרויס אויף דער פריי! ראַטעוועט זיך!"

ווי געשטויסן פון אַט דעם שטומען, אָן־ווערטערדיקן רוף, רייסן זיך איצט אין די הונדערטער, פון אַלע באַראַקן אינעם „האָסאַג"־לאַגער, די מידע, שוואַכע יידן־שקלאַפן אויף דער פריי!

צווישן די באַפרייטע יידן איז אויך געווען גאָלדע. זי האָט אין יענער נאַכט אַראָפּגעריסן פון זיך די קליידער־שמאַטעס, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך ווי אַ יידין־שקלאַפין! אין דער פינצטער זוכט זי אין די שטיבער, אפשר וועט זי געפינען עפּעס אַ מלבוש, אַ קלייד צו פאַרדעקן איר לייב. זי געפינט אַ מאַנטל און זי טוט אים אָן אין דער פינצטער. זי פאַרגלעט אירע האָר. זי פאַרגלעט דעם טייל קאָפּ, וואָס די מאַשין האָט פאַרוואונדעט, מיט־רייסנדיק פּאַסמעס האָר. טרערן קומען איר אין די אויגן. טרערן פון פרייד, וואָס זי האָט דערלעבט די מינוטן פון פרייהייט. זי גלויבט זיך אַליין נישט. לעבט זי טאַקע? איז דאָס וואָר? ווי אַ חלום קומט איר דאָס אַלץ פאָר...

גאָלדע לויפט מיט אַלע כחות אַרויס פונעם לאַגער. זי גייט נאָך דער באַפרייטער מאַסע, וואָס שטראָמט אין דער פינצטער. וואוהין? זי ווייס אַליין נישט וואו אירע מידע פיס טראָגן זי. און אָט איז זי שוין אין שטאָט. זי זעט די חרובע גאַסן. זי זעט די סאָוועטישע סאָלדאַטן, פאַרשמייעטע, פריי־לעכע. זי הערט זייערע אויסגעשרייען אין רוסיש, זי הערט זייערע לידער, זייער פריילעכן זינגען. און זי שפּאַנט ווי אַ פאַרחלומטע איבער די פּוסטע גאַסן. זי דערבליקט דאָ און דאָרט אַן אויפגעריסענעם רוסישן טאַנק. מידערהייט,

קוים וואָס די פיס אירע טראָגן זי, דערגייט זי צו די געסלעך וואו זי האָט אַמאָל געוואוינט מיט איר משפּחה... אַמאָל... אַמאָל. גאָט! ווי לאַנג איז דאָס שוין? און אַזוי דערגייט זי אין דער פינצטער צו איר געסל, זי בלייבט שטיין פאַרן הויז, פאַר איר היים, וואָס איז איצט חרוב. טרערן שטיקן זי. זי וויל וויינען און קען נישט. פרייד און אַנגסט מישן זיך צונויף, — אַ קנויל פון געפילן. זאָל זי לאַכן? זאָל זי וויינען? אַ שכנה קומט אַרויס פון דעם חרוב־פאַרבליבענעם הויז. זי דערקענט זי, אָבער די שכנה קוקט אויף גאָלדען מיט אַ שטומען בליק. איז דאָס גאָלדע?ביים טונקעלן שיין פון אַ נאַכט־לעמפּל, האָט די קריסטלעכע פרוי גאָלדען קוים דערקענט. זי האָט זיך געצלמט, די גוטע קריסטלעכע פרוי; „באָזשע מאָי! דאָס ביסטו? גאָלדע? וואָס האָבן זיי געטאָן צו דיר?...”

גאָלדע קען נישט פאַרגעסן די גוטסקייט פון דער דאָזיקער פּוילישער שכנה אין יענער שפּעטער נאַכט־שעה, די ערשטע נאַכט פון איר באַפרייאונג. די פרוי אַננאַ האָט גאָלדען דערוואַרעמט מיטן ערשטן ביסל וואַרעמס. נישט אַרויסגעלאָזט זי פון שטוב. דאָרט האָט זיך גאָלדע געפילט ווי ניי געבוירן. זיך האָט זיך אַרומגעוואַשן. אַננאַ האָט איר דערוואַרעמט דאָס האַרץ מיט איר מענטשלעכער האַנדלונג. גאָלדע איז געבליבן ביי אַננאַן אַ פּאָר טעג, ביז עס האָבן זיך אָפּגעזוכט אַביסל יידן אין שטאָט, און זי איז אַוועק פון אַננאַן צו זיין צווישן יידן.



# 35



ס האָבן זיך אָפּגעזוכט אַביסל יידן. רעשטלעך, אויס־געדאַרטע, יונגע יידן, מיט פּחד אין די אויגן. דער פּחד איז זיי פאַרבליבן פון די שקלאַפן־יאָרן אונ־טער די דייטשישע מערדער.

געציילטע וואָכן נאָר — און די צאָל יידן וואָס קומען אָן אין וואַרטע ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער. מען פאַרבינדט זיך מיט דעם פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע — סט. מאַדזשעלעווסקי, און מען בעט אים צו לאָזן וויסן דעם „פּאַראייניקטן וואַרטער רעליף" אין ניו־יאָרק צו שיקן הילף. מען הייבט אָן קריגן בריוו און די ערשטע הילף פון די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק. עס ווערט איצט די גרעסטעוועטע יידן אין וואַרטע אַביסל פריילעכער אויפן האַרצן.

אין שטאָט עפנט זיך אַ הויז פאַר די הונדערטער היימלאָזע יידן, פאַר אינוואַלידן און יתומים, עס שאַפט זיך אַ לייען־קרייז און קורסן פאַר דער קליינער צאָל יוגנטלעכע און אַ באַזונדער שול פאַרן ביסל געבליבענע יידישע קינדער. די גרעסטע קרבנות אין צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע זיינען געווען די יידישע קינדער. די פרייד צווישן די פאַרבליבענע יידן אין שטאָט איז געווען גרויס ווען מען האָט ווידער דערזען צווישן די דערוואַקסענע אויך קינדער: די משהלעך און שלמהלעך. די קינדער זיינען געווען בלייכע, אויס־געדאַרטע, אָבער געשטראַלט האָבן די לעבעדיקע יידישע אייגעלעך אין זייערע פּנימלעך, די קינדיש־יידישע אייגעלעך, וואָס דער גרויסער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק האָט אַזוי ערלעך באַזונגען. מען האָט ווידער דערזען לעבעדיקע יידישע קינדער אַרומלויפן און שטיפן, און ווידער האָט מען געהערט די

קינדערשע, קלינגענדיקע שטימעלעך. די פרייד איז געווען אָן אַ שיעור. די קינדער האָבן געוועקט אין די לעבנגעבליבענע דעם גלויבן אַז מ׳וועט נאָך איבערלעבן די שונאים, די נאַצישע רשעים, וואָס ווערן איצט געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן.

די מלחמה איז נאָך דערווייל אָנגעגאַנגען ביי די גרענעצן פון פוילן און דייטשלאַנד. מיט יעדן טאָג האָט זיך די סאָוועטישע אַרמיי פון איין זייט, און די אַרמייען פון די עליס פון דער אַנדערער זייט, גערוקט פאָרויס. ביס־לעכווייז האָבן די עליס־אַרמייען גענומען דערנעענטערן זיך איינער צום אַנ־דערן. די היטלער־אַרמייען האָבן זיך געפונען אינמיטן ווי אין אַ קלעם. קיין אַנטרינונג פאַר זיי איז שוין ניט געווען...

די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט ווערט אַלץ גרעסער. עס קומען אָן יעדן טאָג יידן פון די באַפרייטע לאַגערן און אויך פון סאָוועט־רוסלאַנד. די צאָל יידן אין וואַרטע דערגרייכט שוין אָן ערך זעקס טויזנט. עס עפענען זיך קאָאָפּעראַטיוון פאַר שוסטערס, שניידערס, טישלערס, שלאָסערס און פריי־זירערס.

שווער איז געווען דאָס פּראָבלעם פון יידישער דערציאונג פאַר די הונ־דערטער קינדער, געראַטעוועטע און אויפגעזוכטע. נאָך יאָרן פון געפינען זיך אין די לאַגערן, אָדער בונקערס, באַהאַלטענע ביי פּאָליאַקן אויף אַרישע פּאַפּירן, אָדער גאָר אין די קלויסטערס ביי גלחים און נאָנעס, וואָס האָבן מיט זיי געלערנט די נייע לערע פון קריסטנטום. אַ סך פון זיי זיינען געווען צע־רודערטע; די דאָזיקע קראַנקע קינדער האָבן זיך גאָר נישט געוואָלט לאָזן דערקענען אַז זיי זיינען יידישע קינדער. אייניקע האָבן גאָר אַרויסגעוויזן אָפענע שנאה צו יידן און געהאַלטן אין איין שרייען, אַז זיי ווילן צוריק אין קלויסטער צו די גלחים און צו די נאָנעס. עס האָט זיך געפאָדערט געניטע און איבערגעבענע לערערס, דערציערס מיט אַן אידעאַל אין האַרצן און מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט צו קינדער צוריקצוברענגען די דאָזיקע קינדער צום יידישן באַוואוסטזיין.

איינע פון די דאָזיקע געטרייע לערערינס איז געווען גאָלדע. פון איר מאַן און ברודער האָט זי, זינט דער סעלעקציע, גאָר נישט געהערט. זי האָט זיך ווי מיאש געווען ווען־עס־איז צו זען זיי לעבעדיקע. אין איר אומעט און עלנט, אין איר בענקשאַפט און טרויער נאָך אירע נאָענטסטע, האָט גאָלדע זיך געווידמעט דער אַרבעט פאַר דער יידישער קינדער־היים וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ גאָר וויכטיקן אַנשטאַלט. יידן זיינען געקומען קיין וואַרטע פון אַלע באַפרייטע געגנטן, אָבער פיל פון זיי האָבן גלייך פאַרלאָזן פוילן צוליב די אומרוען אין אַ סך שטעט. באַזונדערס נאָך דעם באַרימטן פּאָ־

גראַם אין קיעלץ. אַ יידישער ישוב אָבער בלייבט נאָך אַלץ אין וואַרטע, און מען מוז כסדר באַזאָרגן די קינדער מיט שפּייז און לערנען מיט זיי די לימודים, ווי עס פאָדערט די פּראָגראַם פון אַ גאַנצער יידישער שול, פון קינדער־גאָרטן אָן ביז די העכערע קלאַסן. לערערס זיינען געווען ווינציק און אַרבעט אַ סך. גאָלדע, צוזאַמען מיט די איבעריקע לערערס אַרבעטן איבער זייערע כוחות. זיי פאַלן ממש פון די פיס, אָבער זיי פאַרלאָזן נישט זייערע פּאָסטנס. נאָר דינען געטריי די ניי־אָנגעקומענע יידישע קינדער וואָס נייטיקן זיך אין זיי. באַזונדערס נייטיקן זיך די קינדער אין געהעריקער שפּייז. זיי קריגן עסן פון כל־טוב. ביסלעכווייז קומען די קראַנקע קינדער צו זיך, פיזיש און גייסטיק.

די לערערס זיינען צו די קינדער די טאַטעס און די מאַמעס וואָס די דאָזיקע עלנטע יתומים האָבן ערגעץ־וואו פאַרלוירן. די יתומים ווייסן נישט און וועלן קיין מאָל נישט וויסן וואו זייערע עלטערן זיינען אַהינגעקומען און צי זיי זיינען אַפילו צו קבורה געקומען...



# 36



**ווישן דער גרויסער צאָל בריוו וואָס יוסף פלעגט** נאָך דער מלחמה באַקומען אין ניו־יאָרק פון די הונדערטער לעבנגעבליבענע לאַנדסלייט פון זיין היימשטאָט וואַרטע, — האָט ער אויך באַקומען אַ בריוו פון גאָלדען. יוסף האָט, נישט ווייסנדיק אַליין פאַרוואָס, גאָלדעס בריוו געהאַלטן לענגער אין זיינע הענט. געלייענט, געלייענט און זיך פאַר־טראַכט בעתן לייענען; אויפסניי אַריינגעקוקט אין די אותיות געשריבן מיט גרינער טינט. דער בריוו איז געווען געשריבן אין חודש דעצעמבער, 1945, דאָך האָט יוסף געפילט ווי עפּעס גרין־פרילנדיקס, יוגנטלעכס ווייעט אַרויס פון די ווערטער פון דער יונגער לערערין אין דער וואַרטער קינדער־היים.

יוסף האָט עפּעס ווי אינסטינקטיוו דערפילט אַז אָט דער בריוו הייבט אָן אַ ניי בלעטל אין זיין לעבן. כאָטש דער בריוו איז געווען אַ טרויעריקער, און דערציילט פון ליידן, האָבן די ווערטער אין דעם בריוו געווירקט אויף יוספן פונקט פאַרקערט, מיט פרייד און מיט אָנזאָג אויף נייעם לעבן.

אָנפאַנגס האָט זיך יוסף דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען, וואָס האָבן תיכף נאָכן איבערלייענען דעם בריוו אַ יאָג געטאָן אין זיין מוח. לייבושס טאָכטער! לייבוש, זיין בעסטער חבר! אפשר איז זי די אמתע באַשערטע אין רייפן האַרבסט פון זיינע יאָרן? אפשר וועט זי, כאָטש יינגער פון אים אין יאָרן, אָבער „אַלט" אין ליידן און אין טרויעריקע איבערלעבונגען, ווערן די טרייסט אין זיין לעבן? אירע רייד, אָפענע און קלאָרע, אָבער מיט אַזאַ

װאַרעמקייט און נאָענטקייט, האָבן אַרויסגערופן די דאָזיקע טראַכטענישן. גאָלדע האָט געשריבן:

„דאָס שרייבט אייך גאָלדע:

איר געדענקט מיך נאָך? לייבושעס טאָכטער. איך בין געבליבן איינע אַליין.

איך שרייב אייך דעם בריװ ליגנדיק אין בעט. כ'בין מיד, דער־שעפּט. איך אַרבעט אין דער יידישער קינדער־היים. כ'האָב איינגעאָרדנט אַ קינדער־פאַרשטעלונג, כ'האָב שװער געאַרבעט אַז די פאָרשטעלונג זאָל זיין אַ דערפאָלג. איצט בין איך אָן כחות און מוז רוען נאָך דער שװערער אָנשטרענגונג.

ליבער יוסף! איך בעט אייך, שרייבט מיר פערזענלעך אַ בריװ, נישט װי אַ טוער און סעקרעטאַר פון „רעליף", נאָר מיט אייער האַנט און ניט אויף אַ שרייבמאַשין. איר, ליבער חבר, דערמאָנט מיך אין מיינע שענסטע און בעסטע יאָרן. כ'זע מיין היים, מיינע נאָענטע און טייערסטע! אַז איר װעט מיר שרייבן װעל איך װידער זיך פילן װי אַמאָל אַלס קינד װען איר זייט געװען מיין לערער..."

* * *

דאָס דורכשרייבן זיך מיט יוספן האָט אַביסל אויפגעהייטערט גאָלדעס געמיט. בייטאָג איז זי געװען פאַרטאָן מיט איר אַרבעט אין דער קינדער־היים, פאַרנומען דאָס גערויש פון דעם קליינװאַרג. זי איז כסדר אַרומ־געגאַנגען אַרום די קינדער, ס'רוב יתומים. זי איז געװען צאַרט צו זיי, פאַרטראָגן אַלע זייערע קריגערייען און געענטפערט זיי אויף די פאַרשיי־דענע פראַגעס װאָס דאָס קליינװאַרג האָט געהאַלטן אין איין פרעגן, און געמאַכט שלום צװישן זיי.

אין די אָװנטן, װען גאָלדע האָט גערוט, זיינען געשטאַנען פאַר אירע אויגן די אומעטיקע פּנימער פון די מער־דערװאַקסענע קינדער, װאָס מיט זייער גאַנצן שטיפן און פילדערן, פלעגן זיי בלייבן אין מיטן שפּילן אָדער לערנען טרויעריק פאַרטראַכטע, און קוקן אויף איר מיט זייערע אומעטיקע אויגן װי זיי װאָלטן שטומערהייט געפרעגט די אייביקע פראַגע אויף װעל־כער קיינער האָט זיי קיין ענטפער נישט געקענט געבן:

„פאַרװאָס, פאַרװאָס האָבן זיי צוגענומען פון מיר מיין מאַמען? און װאו איז מיין טאַטע? און װאו איז מיין שװעסטער? און װאו איז מיין ברודער? ליגנדיק אין בעט האָט גאָלדע, נאָך אַ שװערן טאָג אַרבעט, נישט געקענט איינשלאָפן. זי האָט געפּרוּװט עפּעס לייענען, אָבער די װערטער זיינען נישט געקראָכן אין קאָפּ.

זינט יוסף האָט אָנגעהויבן שרייבן צו איר, איז גאָלדען געוואָרן מער ניחא דאָס לעבן אירס. זי האָט זיך שוין מער נישט געפרעגט די פראַגע. צו וואָס לעב איך? אַוודאי האָט זי נישט אויפגעהערט צו טראַכטן פון איר מאַן, און פון אירע ברידער מרדכי און שמעון. שטילערהייט, אין האַרצן, האָט זי געוויינט אויף זייער אומבאַשטימטן גורל. נאָר זינט עס האָבן אָנגעהויבן קומען צו איר יוספס בריוו, איז ווי אַ יונגער זון־שטראַל וואָלט זיך באַוויזן אין איר צימער. עס איז איר אַביסל ליכטיקער געוואָרן אין איר ווינקעלע. די איינזאַמקייט איז עפּעס ווי פאַרשוואונדן. נייז, זי איז שוין מער נישט אַליין. אימיצער דאָרט אויף יענער זייט ים, אַ נאָענטער און אַ האַרציקער, טראַכט פון איר, שרייבט צו איר בריוו, פרעגט זיך נאָך אויף איר געזונט, דערציילט איר זיינע אייגענע איבערלעבונגען, און טרייסט זי אַז זי איז נאָך יונג, און אַז איר לעבן הייבט זיך ערשט אָן...

* * *

דערווייל דערוויסט זיך גאָלדע די פריילעכע בשורה אַז איר ברודער מרדכי לעבט! ער געפינט זיך אין דייטשלאַנד, אין דער פראַנצייזישער זאָנע.

די דאָזיקע גוטע ידיעה האָט איר געבראַכט אַ באַקאַנטער ייד פון וואַרטע, משה פולאָווער, וואָס האָט זיך יאָרן לאַנג געפונען אין דייטשישע לאַגערן און האָט זיך איצט אומגעקערט אַהיים. משה האָט איר דערציילט אַז איר ברודער מרדכי האָט אים געבעטן און ממש באַשוואוירן אַז אויב גאָט וועט אים העלפן און אַז ער וועט בשלום צוריק אַהיימקומען קיין וואַרטע, זאָל ער, למען השם, זען אויסזוכן זיין שוועסטער גאָלדע. און אויב ער וועט זי טרעפן אַ לעבעדיקע, זאָל ער איר איבערגעבן אַז ער איז דער איינציקער וואָס איז געבליבן לעבן פון דער גאַנצער משפחה. שמעונען האָט מרדכי פאַרלוירן אויפן וועג ווען די דייטשישע מערדער האָבן זיי געטריבן טיפער אין דייטשלאַנד, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן. דאָס איז געווען בלויז איין טאָג פאַר דער באַפרייאונג פון דעם לאַגער „האַסאַג". לודוויק איז אויס־געגאַנגען אין אַ דייטשישן לאַגער, געשטאָרבן פון טיפוס...

שווער איז משהן געווען דאָס איבערגעבן גאָלדען פון לודוויקס טויט, און אַז גאָלדע איז איצט אַן אלמנה... אָבער זי האָט עס געמוזט וויסן. פריער אָדער שפּעטער. בשעת משה האָט דערציילט האָט גאָלדע געשוויגן. בלויז טרערן האָבן זיך געקייקלט פו אירע אויגן. טרערן פון פיין אָבער געמישט אויך מיט פרייד, וואָס כאָטש מרדכי, איר איינציקער ברודער, לעבט. זי איז שוין מער נישט אַליין. יוספס ווערטער זיינען איר געקומען אויפן זינען.

ווי יוסף וואָלט איר צוגעטראָפן און פאַראויסגעזאָגט אַז נייע טעג הייבן זיך אָן אין איר איינזאַמען לעבן אין דער וואַרטער קינדער־היים.

* * *

גאָלדע האָט אָנגעהויבן זיך דורכשרייבן מיט מרדכין. זי האָט זיך אין גיכן דערוואוסט מער פּרטים ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט. מרדכי האָט איר אויך געשריבן פון לודוויקס לעצטע טעג בעת ער איז געלעגן אַ פּאַראַפּייניקטער אויף זיין בעטל, אין זיין שווערער טיפוס־קראַנקייט. מרדכי בעט גאָלדען צו קומען קיין דייטשלאַנד, זיך צו ראַטעווען פון פּוילן, דאָס לאַנד וואו אַזוי פיל מערדערייען זיינען פאָרגעקומען. דאָרט אין דער פראַנצויזישער זאָנע אין דייטשלאַנד וועט זיין גרינגער פאַר זיי ביידן אויס־צוואַנדערן, אַוועק ערגעץ אין די אַמעריקעס, אין קאַנאַדע, אַרגענטינע אָדער וואו נישט איז, אפשר גאָר קיין ניו־יאָרק, וואו זיי האָבן אַזוי פיל פריינד און לאַנדסלייט פון זייער אַמאָליקער וואַרטע...

גאָלדע האָט אַנדערש נישט געטראַכט. עס איז איר ענג געוואָרן סיי־ווי אין שטאָט. זי האָט געזען, ווי דאָס יידישע לעבן אין באַפרייטן פּוילן צאַנקט און גייט אויין. עס קומען אָן יידן פון אומעטום, אָבער זיי האַלטן זיך נישט לאַנג. די שטאָט איז געוואָרן אַ דורכפאָר־פּלאַץ, פון וואַנען מען ראַטעוועט זיך קיין דייטשלאַנד, און פון דאָרט אין די דייטשישע די־פּי־קעמפּס פון וועלכע יידן האָבן אַ געלעגנהייט אויסצוואַנדערן אין דער פרייער, גרוי־סער וועלט.



# 37



ין איין שיינעם טאָג פֿאַרלאָזט גאָלדע וואַרטע. מיט גרויס שרעק און מסירת נפש שוואַרצט זי די פּויליש־טשעכישע גרענעץ און זי קומט ענדלעך אָן אין דעם דאָרף וואו איר איינציקער ברודער, מרדכי, האָט זיך געפֿונען.

גאָלדע האָט איר ברודער נישט דערקענט. זי איז געזעסן לעבן בעט וואו מרדכי איז געלעגן און געקוקט מיט רחמנותדיקע אויגן אויף איר אויס־געצערטן ברודער. מרדכי האָט אויסגעקוקט — הויט און ביין. אויסגע־דאַרט, מיט אַ שוואַך קול האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן פֿון זיינע איבערלעבונגען זינט יענעם טאָג ,דעם טאָג פֿון דער באַפֿרייאונג, ביז ער איז אָנגעקומען אַהער אין דעם דאָרף אַלמענסווילער, ווירטענבורג, נישט ווייט פֿון דער שווייצאַרישער גרענעץ. די דייטשישע מערדער האָבן אים צוזאַמען מיט הונדערטער געפֿאַנגענע פֿון לאַגער געטריבן טיפֿער אין דייטשלאַנד. דער ברודער שמעון איז געווען מיט אים. אָבער אויפֿן וועג אין דעם מהומהדיקן שקאַלפּן־מאַרש האָט מרדכי שמעונען פֿאַרלוירן. אים האָט מען פֿאַרשלעפּט אין דעם באַרימטן טויטן־אָרט בוכענוואַלד. פֿון דאָרט האָט מען זיי געטריבן קיין שפּאַיכענגען און שפּעטער נאָך דאַכאַו. דאָרט, אין דאַכאַו, איז לודוויק קראַנק געוואָרן אויף דער געפֿערלעכער טיפֿוס־קראַנקהייט. דאָרט איז לודוויק אויסגעגאַנגען.

ביים לעצטן וואָרט האָט מרדכי זיך צעוויינט. גאָלדע איז אים געפֿאַלן אויפֿן האַלדז. דאָס קישן, אויף וועלכן מרדכי איז געלעגן, איז נאַס געוואָרן פֿון טרערן.

גאָלדע האָט שוין מער ניט געהאַט קיין כח אויסצוהערן די פּרטים פון איר ברודערס ליידן. זי האָט אים באַרואיקט און אים געבעטן אַז ער זאָל זיך היינט מער ניט דערמאָנען וואָס עס איז געווען. זי וועט קומען מאָרגן גאַנץ פרי אים ווידער זען.

— „זע, ברודער טייערער", — האָט גאָלדע זיך געבעטן ביי אים — „קום צו די כחות. מער האָב איך קיינעם נישט אין לעבן חוץ דיר, מיין ברודער", — האָט גאָלדע אַ כליפּענדיקע אַ זאָג געטאָן.

טאָג־אויס, טאָג־איין, האָט גאָלדע געהערט איר ברודער דערציילן פון זיינע איבערלעבונגען, ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט און איז, על פּי נס, געבליבן לעבן.

...ער איז אַנטלאָפן פון דעם דייטשישן לאַגער אַ פּאָר טעג איידער די פראַנצייזישע אַרמיי איז אַריינגעקומען און באַפרייט די געפאַנגענע. אין דעם לאַגער האָט מרדכי מורא געהאַט צו וואַרטן ביזן לעצטן טאָג. ער האָט געפילט אַז די כחות גייען אים אויס. ער וועט נישט דערלעבן צו זען דעם ערשטן פראַנצייזישן סאָלדאַט. די דייטשן האָבן פּשוט צום טויט פאַרהונגערט די גע־פאַנגענע אין לאַגער. וואָס האָט ער געהאַט אָנצואווערן? איז ער אין מיטן נאַכט אַנטלאָפן פון טויטן־מאַרש. אַן אָפּגעשוואַכטער פון הונגער, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס, איז ער אַריין אין אַ שטאַל פון אַ דייטשישן פּויער. אַ פאַרחלשטער איז ער געלעגן דאָרט ניט טויט, ניט לעבעדיק. ער ווייסט ניט פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען צו אים כחות זיך אַ ריר צו טאָן. ער געדענקט נישט ווער עס האָט אים אויפגעוועקט פון זיין פאַרחלשטן שלאָף. ווי אין חלום האָט ער דערהערט טריט, קולות, געשרייען, ניט אין דייטש, נאָר אין אַ שפּראַך וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ס'איז פראַנצייזיש... מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך, ממש אויף אַלע פיר, דערשלעפּט צו דער שוועל פון אַ דייטשישן פּויער און איז אַוועקגעפאַלן אין חלשות.

לויט ווי מען האָט אים שפּעטער דערציילט, האָט דער דייטשישער פּויער זיך דערשראָקן אויף טויט ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים.

— „איך האָב אויסגעזען ווי אַ סקעלעט. הויט און ביינער", — האָט מרדכי אַ זיפץ געטאָן. דער דייטשישער פּויער האָט אים אַוועקגעפירט אין אַ פּראָוויזאָרישן פראַנצייזישן שפּיטאָל, וואָס די אַריינדרינגענדיקע באַפרייאונגס־אַרמיי האָט אויפגעשטעלט אין יענע ערשטע טעג פון זיג אין דעם דייטשישן שטעטל אַלטסהאַוזען. אַ האַלב יאָר צייט איז מרדכי דאָרט אָפּגעלעגן אין דעם שפּיטאָל ביז ער האָט צוריק באַקומען דאָס אויסזען פון אַ מענטש.

# 38



יט גאָלדעס אָנקומען איז מרדכי מיט יעדן טאָג גע־וואָרן האָפענונגספולער. אַ שטיק געזונט איז אַריין אין אים מיט גאָלדעס געפינען זיך לעבן אים. ער האָט צוביסלעך אָנגעהויבן אַרומגיין, אַרויס אין גאַס, און פון טאָג־צו־טאָג זיך געפילט בעסער. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן עפּעס צו טאָן פאַר זיך. ער האָט געזען ווי די פּליטים אַרום די „די־פּי"־לאַ־גערן הייבן אָן צו האַנדלען און פאַרדינען זייער גוט. ער האָט געפּרואווט טאָן דאָס זעלבע און ס׳איז אים ניט געגאַנגען שלעכט. ער האָט געהאַנדלט מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער האָט נישט געוואָלט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. גאָלדע האָט אָנגענומען אַ פּאָסטן, נישט ווייט, אין דעם לאַגער פעלדאַפינג. ביידע האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און עס זיינען אָנגעקומען די נייטיקע פּאַפּירן און די וויזעס פאַר ביידן צו פאָרן קיין אַמעריקע. די רייזע האָבן זיי אָבער נישט געקענט מאַכן צוזאַמען ווי שוועסטער און ברודער, נאָר באַ־זונדער. גאָלדע איז אַוועק פון דייטשלאַנד פריער און מרדכי — מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער.

דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט" וואָס האָט געהאָלפן קריגן די וויזעס פאַר גאָלדען און מרדכין, האָט באַשטימט דאָס וואוינאָרט פאַר גאָלדען אין קאַליפאָרניע, אין דער שטאָט סאַן דיעגאָ.

די רייזע אויפן שיף איז געפאַלן שווער אויף גאָלדען. זי איז שטאַרק קראַנק געוואָרן. דאָס איבערלאָזן איר ברודער אויף דער פאַרשאָלטענער דייי־

טשישער ערד, װירקט אויף איר שלעכט. זי בענקט נאָך אים, כאָטש זי האָפט אים אין גיכן צו זען אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן. זי איז שטאַרק אומרואיק װעגן מרדכיס געזונט־צושטאַנד. איר װערט אומעטיק בײַם געדאַנק, אַז זי װעט נישט קענען זײַן אין ניו־יאָרק, נאָר בלויז אָפּשטײגן פֿון שיף און גלײַך װעט זי דאַרפֿן נעמען די באַן דירעקט קײן סאַן דיעגאָ. זי טראַכט פֿון יוספֿן, װעמען זי האָט געשריבן פֿאַרן אָפּפֿאָרן. זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט דעם טעלעפֿאָן פֿון דעם ביוראָ, װוּ יוסף אַרבעט. זי װעט פּרוּװן אים רופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן.

געדאַנקען לויפֿן. װאָס נאָענטער די שיף רוקט זיך צום ברעג, אַלץ האַסטיקער קלאַפּט איר דאָס האַרץ. גאָט! װיפֿל קען אַ מענטש דורכמאַכן און אַרויסקומען אַ זיגער איבער אַלע געשעענישן? אָט זעט זי שוין די מויערן פֿון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. איז דאָס װאָר? האָט זיך איר אַ מאָל געחלומט אין יענע שרעקלעכע טעג אין לאַגער, בײַ די דײַטשישע רשעים, אַז זי װעט װען עס איז דערלעבן צו זען מיט אירע אײגענע אויגן די סטאַטוע פֿון פֿרײַהײט? די סטאַטוע װאָס שטרעקט אַצינד אויס צו איר די האַנט פֿון טרייסט? אָט דער דאָזיקער פֿאַקעל אין דער האַנט פֿון דער מעכטיקער סטאַטוע! װיפֿל ייִדן, געיאָגטע און געפּלאָגטע, זײַנען שוין דאָ פֿאַרבײַגעשװאומען? אַ פֿאָלק אַ גאַנצס! ייִדן אין די טויזנטער! פֿון די אַכציקער יאָרן אָן, פֿון די צאַרישע פּאָגראָמען אַנטלאָפֿענע, און שפּעטער פֿון היטלערן, ימח שמו, און איצט — די לעצטע רעשטלעך, די שארית־הפּליטה, פֿון װעלכע זי, גאָלדע, איז אײנע פֿון דעם דאָזיקן איבערבלײַב.

אַ פֿרײדיקער זיפֿץ רײַסט זיך פֿון איר. טרערן פֿון פֿרײד פֿילן אָן אירע אויגן. גאָלדע װײנט, אָבער עס איז אַ געװײן געמישט מיט פֿרײד און עגמת־נפש. פֿרײד — װאָס זי האָט זוכה געװען זיך צו ראַטעװען אין לאַנד פֿון די פֿרײַע, אין לאַנד פֿון די בראַװע; און עגמת־נפש — װאָס אירע נאָענטסטע זײַנען פֿון מערדערס הענט אומגעבראַכט געװאָרן. פֿאַרװאָס? פֿאַרװען?

גאָלדע איז אַראָפּ פֿון שיף װי אין אַ פֿרײדיקער שיכרות. פֿון „האַיאַס" זײַנען געקומען צום שיף מענטשן פֿרײַנדלעכע באַגעגענען די אָנקומענדיקע פּליטים. נאָך די אַלע פֿאָרמאַליטעטן, װאָס די פֿרײַנדלעכע אָנגעשטעלטע פֿון „האַיאַס" האָבן געהאָלפֿן דורכגײן די פּליטים, איז צו גאָלדען צוגעקומען אַ ייִדישע פֿרוי אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ סימפּאַטישן פּנים װאָס האָט אויף גאָלדען געמאַכט אַ באַזונדערס גוטן אײַנדרוק. די פֿרוי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. איר נאָמען איז סײַדי סמיט. זי האָט אויסגעפֿרעגט גאָלדען פֿון װאַנען זי קומט, מיט װאָס זי האָט זיך באַשעפֿטיקט אין דער הײם, און צי זי האָט קרובֿים אין אַמעריקע, און נאָך און נאָך אַזעלכע פֿראַגעס.

קענטיק אַז גאָלדע מיט איר איידעלן, אינטעליגענטן אויסזען האָט דער פרוי פאַראינטערעסירט.

איינגעהאַלטן, שטיל האָט גאָלדע געענטפערט אויף דער פרויס פראַגעס און איר געדאַנקט פאַרן אינטערעסירן זיך מיט איר מער ווי מיט אַנדערע יונגע פרויען־פּליטים, וואָס זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט און מיט נייגעריקע בליקן געקוקט אויף גאָלדען.

— „קומט מיט מיר, גאָלדע, טייערע", — האָט די פרוי אַ זאָג געטאָן. זיי זיינען ביידע אַריין אין אַ האַלב־באַלויכטענער קאַפעטעריע, נישט ווייט פון האַפן. ביים עסן האָבן זיי גערעדט, און גאָלדע איז געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דער פרוי, פאַר דער האַרציקער פריינדשאַפט וואָס זי ווייזט איר אַרויס.

— „דאַנק מיר נישט, כ'בעט דיך", — האָט די פרוי אַ זאָג געטאָן פאַרן געזעגענען זיך, שטייענדיק אין וואָקזאַל פאַרן אַריינגיין אין באַן.

— „גאָלדע, טייערע, דו ביסט מיר נאָענט. איך בין גערירט פון דיינע שטילע רייד, ביסט אַזוי אַנדערש פון די אַלע יונגע פרויען־פּליטים און די הונדערטער, וואָס איך האָב דאָ באַגעגנט ביים האַפן. איך פיל ווי דו וואָלסט געווען מיין טאָכטער. יאָ, שמייכל נישט, איך מיין עס ערנסט. אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס דו דאַרפסט גאָר אַוועק קיין קאַליפאָרניע. איך בעט דיך זאָלסט מיר גלייבן וואָס איך זאָג דיר. איך זאָג דאָס נישט גלאַט אַזוי כדי דו זאָלסט פילן גוט. איך מיין עס פון גאַנצן האַרצן. פאָר געזונט, מיין קינד, און זיי מצליח. טאָמער געפעלט דיר נישט קאַליפאָרניע, שרייב מיר, אָט איז מיין אַדרעס. איך האָב צוויי געראָטענע און שיינע טעכטער — דו וועסט מיר זיין אַ דריטע. איך וויל הערן פון דיר".

זיי האָבן זיך צעקושט און גאָלדע האָט נאָכגעקוקט, ווי אָט די גוט־האַרציקע פרוי פאַרשווינדט פון די טרעפּ פון גרויסן וואָקזאַל.

גאָלדען איז נאָך געבליבן אַן ערך אַ שעה צייט צו זען די גרויסע שטאָט ניו־יאָרק. זי האָט אָנגעקלונגען אין ביוראָ וואו יוסף האָט גע־אַרבעט. אָבער קיין ענטפער איז ניט געווען. וואו יוסף וואוינט האָט זי נישט געוואוסט. עס איז געווען פאַרנאַכט, דער אָוונט איז צוגעפאַלן, און די שטאָט איז באַלויכטן געוואָרן פון אַזוי פיל ליכט, אַזש פאַרבלענדט צו ווערן. גאָלדע האָט נאָך באַוויזן צו שיקן אַ טעלעגראַמע צו איר פאָטערס און יוספס יוגנט־פריינד אלקנה. זי האָט אים געלאָזט וויסן, אַז זי איז בשלום אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק און זי פאָרט איצט מיטן באַן קיין סאַן־דיעגאָ.

# 39



י דריי טויזנט מייל פון ניו־יאָרק קיין סאַן־דיעגאָ, קאַליפאָרניע, נאָך דער לאַנגער רייזע אויפן ים, איז גאָלדען נישט גרינג אָנגעקומען. זי איז געווען אָפּגעצערט און שוואַך. אַ טיפער טרויער און אַ געפיל פון עלנט האָט איר באַהערשט אַריינ־שטייגנדיק אין וואַגאָן, ווי זי וואָלט געבליבן איינע אַליין צווישן פרעמדע שטעט, וואָס זי זעט פאַרביילויפן דורך דעם וואַגאָן־פענצטערל. זי איז גאָרנישט אימשטאַנד געווען אויפצונעמען די אַמעריקאַניש־שיינע לאַנד־שאַפטן פון פעלדער און וועלדער, וואָס האָבן זיך פאַר איר אויג אַנטפּלעקט. זי האָט זיך געפילט אומבאַקוועם צוליב די קליידער. זי האָט געטראָגן אַ ווינטער זשאַקעטל, וואָס זי האָט געקראָגן אַלס מתנה פון אַמעריקע בעת זי איז נאָך געווען אין פוילן. זי האָט געוואוסט אַז עס פּאַסט נישט אין דעם וואַרעמען קלימאַט פון קאַליפאָרניע. וואָס ווייטער זי איז געפאָרן אַלץ וואַרעמער איז געוואָרן דער אַרום. זי האָט אין באַן פאַרנדיק דערפילט דעם אייביקן זומער פון דעם זוניקן לאַנד. דער שיינער דרויסן, האָט גאָר נישט געשטימט מיט איר אומעטיקן געמיט. די גאַנצע צייט וואָס זי איז געפאָרן מיט דער באַן האָט זי געפילט אויף זיך די בליקן פון די פּאַסאַזשירן. קיין יידן מיט וועמען זי זאָל זיך קענען צונויפריידן האָט זי ניט געזען. בלויז אַמעריקאַנער. מען האָט זי באַטראַכט ווי אַ פרעמדע און געקוקט אויפן ווייסן, קליינעם בלעכל וואָס זי האָט געטראָגן אויף איר קלייד, מיטן אויפשריפט „יו־עס־עןן־עי״. מען האָט געשמייכלט צו איר.

דער נאָענטסטער שכן וואָס איז געזעסן לעבן איר, אַ מאַן מיט אַ פיין

לענגלעך פּנים און מיט גרויע האָר, האָט געפּרוואווט פאַרפירן מיט איר אַ געשפּרעך. מיט אַ שמייכל האָט ער עפּעס אַ זאָג געטאָן אין ענגליש, אָבער גאָלדע האָט בלויז צוריקגעשמייכלט און געהויבן די אַקסלען. דער מאַן האָט געזען אַז זי פאַרשטייט אים נישט. ער האָט געמאַכט מיט די הענט און כסדר געלאָזט פאַלן זיינע פריינדלעך־שמייכלענדיקע ווערטער, אָבער — אָן דער־פאָלג. דער דאָזיקער אַמעריקאַנער דזשענטלמאַן האָט אָבער כסדר אַרויס־געוויזן זיין העפלעכקייט צו גאָלדען. און ווען אין וואַגאָן האָט זיך באַוויזן אַ מאַן וואָס פאַרקויפט שפּייז, „סענדוויטשעס", „קאַווע", „אייז־קרים" און אַנ־דערע זיסקייטן, האָט דער מאַן מיט די גרויע האָר אָנגעוויזן אויף דעם קעסטל שפּייז און עפּעס געפרעגט.

גאָלדע האָט איצט שוין פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. געענדיקט האָט זיך דערמיט, וואָס גאָלדע האָט באַקומען אַ „סענדוויטש" און אַ קאַלטן געטראַנק דערצו. זי האָט מיט אַ שמייכל, אָן ווערטער, געדאַנקט דעם דזשענטלמען פאַר זיין פריינדלעכקייט.

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדע פּאָר סטאַנציעס. עס זיינען אַריינ־געקומען אין וואַגאָן אַרבעטער וואָס פאָרן קענטיק אַהיים נאָך זייער אַרבעט. איינער פון די דאָזיקע אַרבעטער, אָנגעטאָן אין זיינע אַרבעטס־מלבושים, האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם בלעכענעם ווייסן שילדל אויף גאָלדעס קלייד און ער האָט גלייך אַ פרעג געטאָן ביי איר, אויף טשעכיש:

— „קומסט פון יוראָפּ?"

גאָלדע האָט זיין פראַגע פאַרשטאַנען, ווייל טשעכיש קלינגט דאָך כמעט ווי פּויליש. דער דאָזיקער אַרבעטער האָט גאָלדען באַוואָרפן מיט פראַגעס און זי האָט אים אַלץ געענטפערט. ער האָט שפּעטער דערציילט די אַנדערע פּאַסאַזשירן ווער גאָלדע איז, אַז זי איז איינע פון די הונדערטער „די־פּי"־רעפיודזשיס. גאָלדע האָט פאַרשטאַנען דאָס וואָרט, בעת דער טשעך האָט גערעדט אין ענגליש. זי האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס ער רעדט. אויף אַלעמענס פּנימער האָט זי געזען מיטלייד־שמייכלען צו איר. דאָס האָט זי גערירט ביז טרערן. אַזאַ גוטסקייט פון פרעמדע, נישט קיין יידן. אָט דאָס איז אַמעריקע! דער אַמעריקאַנער איז, ווי מען זאָגט טאַקע אין אייראָפּע, — אַ פּשוטער און אַ פריינדלעכער. ער ווערט מיט דיר אָן קונצן גלייך נאָענט.

ביים אויסשטייגן פון וואַגאָן האָט יעדער פון די פּאַסאַזשירן זיך גע־זעגנט מיט גאָלדען, זאָגנדיק צו איר: „גוד־ביי, גוד־לאַק", און יעדער פון זיי האָט געפונען פאַר נייטיק עפּעס איר איבערצולאָזן: ווער אַן עפּל און ווער ציגאַרעטן. גאָלדע האָט געטראַכט, אַז אַמעריקע איז אַוודאי אַ וואונדערלעך

לאַנד, און עס איז אמת טאַקע וואָס מען זאָגט אַז אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון אַלע געיאָגטע און געפּלאָגטע...

* * *

גאָלדע האָט געגומען בלעטערן אַ פּויליש בוך וואָס זי האָט מיטגענומען און געלייענט אויפן וועג. אָבער די אותיות זיינען געשפּרונגען פאַר אירע אויגן. זי האָט צוריק פאַרמאַכט דאָס בוך. פּלוצעם האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר ברודער מרדכי. הלוואי קומט ער וואָס גיכער דאָ אַהער אין דעם פרייען לאַנד. די געדאַנקען זיינען איצט געלאָפן שנעל, שנעל, מיטן לייכטן רוישן און קלאַפּן פון די וואַגאָן־רעדער. זי האָט זיך דערמאָנט אָן יוספן. וואָס וועט זיין ? וואָס באַהאַלט די צוקונפט אין איר טונקעלן קלייד ? און אָט טראַכט זי פון דעם פּאָטערס יוגנט־פריינד אלקנה וואָס וואוינט אין לאָס־אַנדזשעלעס : ער וועט זי זיכער באַגעגענען אין סאַן־דיעגאָ, וואוהין זי פאָרט. זי האָט אַ זיפץ געטאָן. אַ קוק געטאָן אויף איר וואַליזע, געעפנט דעם האַנט־טאַש און איבערגעציילט אַ פּאָר דאָלער וואָס זי האָט באַקומען צוגעטיילט פון „האַיאַס" אַלס צדה־לדרך. זי האָט זיך נאָך אַ מאָל דערפילט הונגעריק און זיך געלאָזן גיין צום עס־וואַגאָן.

אַ הויכער, שמייכלענדיקער נעגער האָט איר אָנגעוויזן אַ טישל. ער האָט געשמייכלט און געבלאַנקט מיט די ווייסע ציין, און געפרעגט אין ענגליש וואָס זי וויל עסן. גאָלדע האָט געשטאַמלט, נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן און פאַרלוירן אַ קוק געטאָן צו איר שכן קעגנאיבער, — אַן עלטערער מאַן מיט אַ דזשענטלמעניש־פיין־געקליידטן אויסזען. דאָס איז געווען מיסטער נירענ־בערג, דער שעף פון דעם באַן־רעסטאָראַן. די פּאָר ווערטער וואָס גאָלדע האָט געענטפערט דעם נעגער־דינער זיינען געווען האַלב־דייטש, האַלב־יידיש. דער שעף האָט אַ שמייכל געטאָן און גענומען רעדן צו גאָלדען אין דייטש : „וואָס מעכטן זי האַבען ?" — גאָלדע האָט אויפגעלעבט. שפּעטער האָבן זיי ביידע געגעסן צוזאַמען ביי איין טישל.

עס איז גאָלדען גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז דער עלטערער דזשענטלמאַן איז אַ דייטשישער ייד, וואָס איז אַלס קינד, נאָך מיט יאָרן צוריק, געקומען קיין אַמעריקע פון דייטשלאַנד. ער איז געווען גערירט פון גאָלדעס רייד און פון אירע איבערלעבונגען, און ער האָט געטאָן אַלץ פאַר גאָלדען אין די פּאָר טעג צו פאַרגרינגערן איר דאָס פאָרן אויפן באַן. דער הער נירענבערג האָט באַזאָרגט גאָלדען מיט אַ שלאָף־פּלאַץ אין באַן. די פּאָר נעכט וואָס וועט אויסקומען צו פאָרן זאָל זי קענען רוען. דער שעף האָט איר דערציילט אַז ער פאָרט אין לאָס־אַנדזשעלעס. אין

לאָס־אַנדזשעלעס וועט דער זון זיינער קומען מיט אַ מאַשין און אים אָפּפירן אַהיים. ער וועט זען באַזאָרגן אַלץ ביז אירע פריינד וועלן קומען זי באַגעגענען.

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ניו־מעקסיקאָ, האָט מר. נירענ־בערג זיך אַפילו באַמיט צו באַזאָרגן גאָלדען מיט לייכטע זומער־קליידער, כדי זי זאָל זיך פילן בעסער ביים אָפּשטייגן אין סאַן דיעגאָס וואַרעמען קלימאַט. אָבער צום באַדויערן זיינען די קראָמען געווען פאַרמאַכט אין שטאָט, עס איז געווען זונטיק. און די צוואַנציק מינוט וואָס ער האָט געהאַט זיינען נישט געווען גענוג ער זאָל קענען אַ זוך טאָן אין די זייטיקע געסלעך, דאָרט וואו די קראָמען זיינען יאָ אָפן.

גאָלדע האָט דעם הער נירענבערג האַרציק געדאַנקט. — „זי איז זיכער,״ — האָט זי אים געזאָגט, — „וויבאַלד דער פריינד אלקנה וועט נאָר קריגן די טעלעגראַמע, וועט ער קומען צום וואָקזאַל אין סאַן־דיעגאָ זי באַגעגענען״.

* * *

ווען די באַן איז אָנגעקומען אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט גאָלדע דורכן אָפענעם פענצטער דערזען היימיש־יידישע פּנימער. אַ יונגע פרוי איז צו־געלאָפן נאָענט צום פענצטער, געקוקט אויף גאָלדען און אויסגעשריען:

— „דאָס ביסטו, גאָלדע ?״

— „יאָ !״ — האָט גאָלדע אַ דערשטוינטע געענטפערט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אלקנה איז גראָד נישט געווען אין לאָס־אַנדזשעלעס, ווען גאָלדעס טעלעגראַמע איז אָנגעקומען. זיינען די קוזינעס און די טאָכטער אלקנהס, חוה, געקומען אויפן וואָקזאַל צו דער באַשטימטער צייט גאָלדען אַראָפּנעמען פון באַן, זי זאָל נישט דאַרפן פאַרפאָרן אין סאַן־דיעגאָ. חוץ די קוזינעס לעווינאָוו, לעווקאָוויטש און חוה, אלקנהס טאָכטער, זיינען אויך געקומען אַ סך פריינד, לאַנדסלייט פון וואַרטע, און אַ דעלעגאַציע פון „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט״ אין לאָס־אַנדזשעלעס.

אויף אַזאַ קבלת פּנים האָט זיך גאָלדע נישט געריכט. ניין, זי איז מער נישט איינזאַם אויף דער וועלט. גאָלדע איז איצט געווען דער גאַסט פון די וואַרטער לאַנדסלייט אין לאָס־אַנדזשעלעס.

— „מיר זיינען גליקלעך״, — האָט דער פאַרשטייער פון דעם וואַרטער לאַנדסמאַנשאַפטס־פאַראיין געזאָגט, — „אייך צו האָבן מיט אונדז, אַז מיר האָבן דערלעבט צו זען אונדזערס אַן אייגענע, פון אונדזער וואַרטע, נאָך די אַלע איבערלעבונגען, וועט איר בלייבן מיט אונדז אין לאָס־אַנדזשעלעס און נישט אין סאַן־דיעגאָ.״

גאָלדע איז פאַרפאָרן צום לאַנדסמאַן יאָסל בערלינער, אַן אַלטער פריינד יוספס פון וואַרטע. בערלינער האָט זיך געהאַט דורכגעשריבן מיט יוספן און

האָט געוואוסט פון גאָלדעס אָנקומען; פון איר נאָענטער פריינדשאַפט צו יוספן און פון די בריוו וואָס זיי האָבן איינע צום אַנדערן געשריבן. בערלינער האָט גאָלדען אַ זאָג געטאָן שטייענדיק אויפן שוועל פון זיין שיין און באַקוועם הויז:

— „גאָלדע, דאָס איז דיין היים איצט! מיינע טירן זיינען ברייט אָפן פאַר דיר. דאָ וועסטו זיין ביז דיין ברודער מרדכי וועט קומען און ביז איר וועט ביידע דאָ איינאָרדענען אייער לעבן און אייער צוקונפט".

טרערן פון פרייד זיינען געלאָפן פון גאָלדעס אויגן. די קאַליפאָרניער זון האָטווירקלעך אויפגעשיינט פאַר איר און פאַרטריבן דעם אומעט פון האַרצן.



# 40



עצטנס איז יוסף שטאַרק צערודערט. פאַרשיידענע טרויעריקע רעיונות באַפאַלן אים, איבערהויפּט אין די נעכט. כאָטש ער איז מיד, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אין ביוראָ, איז אים שווער איינצושלאָפן. ביי נאַכט טראַכט יוסף פון גאָלדען, ביי טאָג שלינגט אים איין די אַרבעט. ער פאַרטומלט זיך מיט די מענטשן וואָס קומען צו אים מיט פאַר־שיידענע ענינים. ביי נאַכט אָבער ליגט ער וואַך און טראַכט פון גאָלדען האַלב אין שלאָף, האַלב אין דרימל. אים דאַכט זיך ווי ער וואָלט חלומען אויפן וואָר. אָט דאַכט זיך אים, אַז ער גייט אויף אַ לאַנגן וועג און ער וויל ערגעץ אָנקומען. אָבער, וואָס לענגער ער גייט אַלץ אומענדלעכער קוקט אים אויס דער וועג וואָס נעמט גאָר קיין סוף נישט... ווער ווייס, טראַכט ער, צי וועט ער ווען עס איז אָנקומען בשלום אַהין, וואו ער צילט?

די לעצטע פּאָר וואָכן איז אַ מידקייט אים באַפאַלן. אַ מידקייט פון אַלץ און אַלעמען. זינלאָז איז אים געוואָרן דאָס לעבן. ער האָט געפילט ווי עמעצער וואָלט אים פאַרוואָרפן אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַ לאַנד וואו קיינער קען אים ניט און וויל אים ניט קענען. ער איז געבליבן ווי אין אַ תפיסה, נישט אַרויס און נישט אַריין.

אַן ענדערונג צום גוטן איז ערשט פאָרגעקומען אין יוספן ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך דורכשרייבן מיט גאָלדען. עפּעס האָט אויפגעלויכטן אין אים. עס איז אים באַפאַלן אַ בענקשאַפט וואָס האָט נישט קיין ווערטער, און פונקען

פון האָפענונג האָבן ווי קליינע פייערלעך זיך געצונדן, ווי זיי וואָלטן אָנזאָגן גוטע און ליכטיקע טעג.

אָבער ווען יוסף האָט אויפגעהערט צו קריגן די האַרציקע, וואַרעמע בריוו, וואָס גאָלדע פלעגט אים כסדר שרייבן האָט עס אים באַאומרואיקט. דאָס וואָס ער הערט נישט פון איר, גיט אים ממש קיין רו נישט. ווער ווייס וואָס עס האָט דאָרט, אין דעם „באַפרייטן" פוילן געטראָפן מיט איר? די געשיכטע מיט דעם פּאָגראָם אין דער שטאָט קעלץ איז אים געקומען אין זינען. יוסף האָט געפילט ווי שוואַרצע וואָלקנס וואָלטן באַדעקט דעם הימל, און אין פינצטערע מחשבות פלעגט ער איינשלאָפן אין די נעכט טראַכטנדיק וואָס אַזוינס האָט געקענט פּאַסירן דאָרט מיט גאָלדען, וואָס ער הערט מער ניט פון איר.

צו זיין גרויסער איבעראַשונג האָט ווידער די זון אַ שיין געטאָן אין זיין קליינעם צימער. אומגעריכט, ווי אַ שליח געשיקט פון דער השגחה אַליין, האָט דער טעלעפאָן אַ קלונג געטאָן אין איינעם אַ פרימאָרגן, בעת יוסף איז נאָך אין בעט געלעגן און געגרייט זיך אויפצושטיין.

— „ווער רופט דאָס אַזוי פרי?" — האָט יוסף זיך געפרעגט און אַ דער־שראָקענער דאָס טרייבל גענומען אין האַנט. ער האָט געהערט אַ באַקאַנטע שטים.

— „העלאָ, דאָס רעדט העלען, אלקנהס פרוי. איך בין איצט אין ניו־יאָרק. וואָס מאַכט איר, יוסף? איך האָב פאַר אייך גוטע נייעס. גאָלדע איז בשלום אָנגעקומען קיין אַמעריקע. נעכטן אָוונט האָב איך געקראָגן אַ טעלע־גראַמע פון לאָס־אַנדזשעלעס. גאָלדע איז אין לאָס־אַנדזשעלעס. זי שטייט איין ביי יאָסל בערלינער"...

אלקנהס ווייב האָט גערעדט און איבערגעגעבן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל די ווערטער פון דער טעלעגראַמע. גאָלדע פילט זיך מונטער און איז פול מיט פרייד, וואָס זי געפינט זיך ענדלעך שוין אין דעם פרייען לאַנד אַמעריקע.

נאָך דעם טעלעפאָן־געשפרעך מיט אלקנהס ווייב איז יוסף געבליבן זיצן אַ צעטומלטער פון פרייד פון דער פלוצעמדיקער גוטער בשורה.

— „גאָלדע געפינט זיך שוין אין אַמעריקע! גאָלדע איז דאָ! גאָלדע איז דאָ!" — האָט ער אַ פריילעכער צו זיך געמורמלט, אָבער באַלד איז אים אומעטיק געוואָרן. פאַרוואָס, האָט ער זיך געפרעגט, האָט גאָלדע זיך ניט אָפּגעשטעלט, כאָטש אויף אַ טאָג־צוויי אין ניו־יאָרק? פאַרוואָס האָט זי אים נישט גערופן דורכן טעלעפאָן? געפילן פון פרייד און פון אַנטוישונג האָבן זיך געמישט ביי אים אין האַרצן. יוסף איז צוגעלאָפן צום שרייב־טיש און גענומען שרייבן אַ בריוו צו גאָלדען אויף דעם אַדרעס פון זיין חבר יאָסל

בערלינער. ער האָט געשריבן אַז ער איז דאַנקבאַר זיין יוגנט־חבר וואָס ווייזט אַרויס אַזוי פיל פריינדשאַפט פאַרבעטנדיק גאָלדען צו זיך אין הויז. יאָ, ביי בערלינערן וועט גאָלדע קומען צו זיך. זי וועט זיך פילן דאָרט היימיש און עס וועט איר דאָרט פון גאָרנישט פעלן.

יוסף זיצט ביים טיש און ער שרייבט בלעטל נאָך בלעטל. און וואָס מער ער שרייבט אַלץ גרינגער ווערט אים אויפן געמיט. יוספן איז תמיד געווען גרינגער זיך אָראָפצורייידן פון האַרצן און זיך אויסצודריקן אין שרייבן פיל מער ווי דורך ריידן.

און אָט וואָס יוסף שרייבט:

„גאָלדע טייערע:

„נאָרוואָס האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָן פון אלקנהס ווייב, אַז דו ביסט שוין אין קאַליפאָרניע. ווי אַזוי איז דער נס געשען? אין דעם מאָמענט איז מיין פרעגן אפשר נישט וויכטיק. דער עיקר — דו ביסט אין אַמעריקע! אויף דער זוניקער קאַליפאָרניער ערד. זאָל זיין מיט מזל! מזל־טוב דיר! מזל־טוב!

„בעת איך שרייב צו דיר די ווערטער, לויפן אין מיין מוח געדאַנקען און בילדער וואָס ווייזן זיך מיר ווי אַ פילם. וואַרטע, מיין וואַרטע! קינדער־היים, קרוטקע גאַס, חברים, געטאָ, פיין און ליידן, קברים, און פאַרשוואונדענע, אומגעקומענע, טויזנטער, טויזנטער קדושים פון וועלכע קיין קבר איז אַפילו נישט געבליבן. איצט די קליינע צאָל לעבן־איבערגעבליבענע וואָס רייסן זיך צו אַ ניי לעבן, צו פרייהייט און אויסלייזונג! ווי שטאַרק איך וואָלט דיך געוואָלט זען! גאָלדע טייערע! איך האָף, אַז דו גלייבסט מיר, אַז דו וואָלסט געווען דאָ אַן אָנגענעמער גאַסט ביי מיר... עס וואָלט געווען פאַר מיר אַ יום־טוב דיין זיין דאָ אין ניו־יאָרק. ליידער איז דאָס נישט געשען. דאָס איז אַ שטראָף מן הסתם פאַר אַ זינד. און אויב עס איז מיין שולד, זיי מיר מוחל. ווען איך זאָל נישט זיין אַזאַ קבצן, וואָלט איך איצט, גלייך שוין אין דער מינוט, געקויפט אַ בילעט און געפלויגן קיין קאַליפאָרניע דיך זען! איך וואָלט געזעסן מיט דיר און געשמועסט וועגן אַלץ און אַלעם! איך וואָלט זיך לעבן דיר געפילט ווי כ׳וואָלט געווען אין וואַרטע, אין דעם אַמאָליקן און איצטיקן — אין דער שטאָט נאָך וועלכער איך גיי אויס פון בענק־שאַפט. ווייל איך בין משפּחהדיק צוגעבונדן צו אַלץ וואָס קומט פון דאָרט. דערצו נאָך ווען עס קומט פון דאָרט אַזאַ נאָענטער מענטש ווי דו, גאָלדע טייערע.

דו ביסט איצט ביי מיין גוטן חבר יאָסל בערלינער. ער איז אַ

גוטהאַרציקער מענטש און ער וועט טאָן אַלץ אין דער וועלט אַבי דו זאָלסט זיך פילן היימיש דאָרט אין זיין הויז. טאָמער חלילה פּילסטו זיך פרעמד ביי אים — שרייב מיר גלייך! און אויב דו טראַכסט וועגן אַהערקומען זיך באַזעצן דאָ אין ניוי־אָרק, וועל איך טאָן אַלץ וואָס איך וועל נאָר זיין אימשטאַנד צו טאָן, כדי דו זאָלסט זיך קענען דאָ איינאָרדענען.

זיי מיר געזונט און שטאַרק,

דיין,

יוסף".

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז פון גאָלדען אָנגעקומען אַ בריוו צו יוספן, אַן ענטפער פול מיט וואַרעמער און האַרציקער דאַנקבאַרקייט. דער בריוו האָט אין יוספס איינזאַמען לעבן אַריינגעטראָגן אַ סך פרייד און טרייסט.

גאָלדע שרייבט:

„מיין טייערער חבר יוסף:

מיט טרערן פון פרייד האָב איך געלעזן אייער בריוו. איך האָב אויך באַקומען די פּרעכטיקע בלומען וואָס איר, טייערער חבר יוסף, האָט מיר געשיקט. אויף דעם האָב איך זיך נישט גערעכט! די בלומען, און באַזונדערס אייערע וואַרעמע און האַרציקע ווערטער, האָבן מיר פאַר־שאַפט גרויס פרייד און איך דאַנק אייך טויזנט מאָל. איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן וואָס עס מיינט איצט פאַר מיר אייער בריוו.

יאָ, נאָך אַזוי פיל צרות אין דייטשלאַנד, נאָכן זיין דאָרט אַ יאָר צייט, בין איך ווי דורך אַ נס געקומען קיין אַמעריקע. איך בין געווען אין ניו־יאָרק בלויז אַ פּאָר שעה. איך האָב אייך זייער געוואָלט זען. עס איז געווען אין אָוונט. אייער היים־אַדרעס האָב איך נישט געהאַט, בלויז דעם אַדרעס פון דעם קאַנטאָר וואו איר אַרבעט. נו, האָב איך געקלונגען, אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט. איך האָב זיך גוט צעוויינט. אָנקומענדיק אין ניו־יאָרק האָב איך געזען קרובים אָפּוואַרטן די פּליטים פון מיין טראַנספּאָרט, איך האָב געזען ווי די קרובים און פריינד כאַפּן זיך אַרום און קושן זיך מיט מיינע באַקאַנטע שיף־ברידער און שיף־שוועסטער. אָבער מיך וואַרט קיינער נישט אָפּ. איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן און טרערן האָבן זיך געקייקלט פון מיינע אויגן, אויפן האַרצן איז געווען זייער שווער.

ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז איך פאָר קיין סאַן־דיעגאָ און וועל זיך אָפּשטעלן אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָב איך געשיקט אַ טע־

לעגראַמע צו דעם גוטן פריינד אלקנה. אָבער צו מיין אנטוישונג, ביי מיין אָנקומען אין לאָס־אַנדזשעלעס, איז ער נישט געקומען מיך זען. דער גוטער חבר אלקנה איז גאָר דאַן געווען אין ניו־יאָרק מיט זיין ווייב העלען. נאָך גוט וואָס ביי דער סטאַנציע איז געקומען מיך אָפּ־וואַרטן אלקנהס טאָכטער, חוהלע, די קוזינעס זיינע און פריינד. אלקנהס קוזינעס האָבן מיך גענומען צו זיך אַהיים און איך האָב זיך דאָרט אָפּגערוט פון דער לאַנגער רייזע. עפּעס געגעסן און שפּעטער אַוועק צו דעם חבר יאָסל בערלינער. און אָט טאַקע ביי בערלינערן געפין איך זיך איצט.

בערלינער איז טאַקע אַזוי ווי איר שרייבט: — אַ פּשוטער און אַ האַרציקער מענטש, כ׳האָב גאָר קיין ווערטער נישט אייך איבערצוגעבן זיין גוטסקייט צו מיר.

צי איך בין גליקלעך וואָס איך האָב פאַרלאָזט אייראָפּע? שווער איז מיר צו ענטפערן וועגן גליקלעך זיין... איין וואונטש האָב איך נאָר: כ׳וויל אַרבעטן. קריגן אַ באַשעפטיקונג כדי כ׳זאָל קענען שפּאָרן אַ ביסל געלט פון מיינע פאַרדינסטן און העלפן מיין ברודער מרדכי, וואָס געפינט זיך נאָך אין דעם פאַרשאָלטענעם דייטשלאַנד. איך ווייס נישט וואָס מיט אים איז דאָרט איצט. איך וואַרט אויף אַ בריוו פון אים. ווען איר, טייערער חבר יוסף, זאָלט וויסן ווי טיף איינגעבאַקן מיין ברודער מרדכי איז מיר אין האַרצן! ער האָט זיך רעגיסטרירט צו קומען קיין אַמעריקע, אָבער ווער ווייס? דער דאָקטאָר זאָל אים נאָר דורכלאָזן. ער איז דאָך אין דייטשלאַנד געלעגן אַ היפּשע צייט שווער קראַנק אויף די לונגען. אויב, חלילה, מרדכי קען נישט קומען אַהער, וועט מיר אוממעגלעך זיין צו בלייבן דאָ. מרדכי איז מיין גאַנץ לעבן! איר פאַרשטייט דאָס? ער איז מיין איינציקער ברודער וואָס איז מיר געבליבן, און נאָר ער גיט מיר כח צו לעבן...

מיין טייערער חבר יוסף, שרייבט. אַ בריוו פון אייך איז אַ גרויס פאַרגעניגן.

עס קושט אייך, אייער,

גאָלדע.״

אויף דעם בריוו האָט יוסף געענטפערט אַזוי:

גאָלדע טייערע:

שבת און זונטיק בין איך פריי פון מיין אַרבעט אין ביוראָ. איך האָב קוים געקענט זיך דערוואַרטן ביז מאָנטיק, האָפנדיק צו הערן פון דיר. די צוויי טעג האָבן זיך געצויגן לענגער ווי אַלע מאָל. קוים

זיך דערוואַרט ביז מאַנטיק אין דער פרי ווען די פּאָסט איז מיר אָנ־געקומען. צווישן די בריוו האָב איך ענדלעך אויך דערזען דעם קאָנ־ווערט מיט דיין האַנטשריפט.

איך האָב זיך דערפרייט מיט דיין בריוו. דיין שרייבן האָט מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן אָבער אויך אַביסל האַרצווייטיק. פריער פאַר אַלץ בעט איך דיר זאָלסט מיר נישט זאָגן 'איר'. איך בין טאַקע אַביסל עלטער פון דיר, אָבער נאָר אין יאָרן, נישט אין גייסט און אין געמיט. אַזוי פיל איך אַלנפאַלס. איך האָב בשום אופן נישט דאָס געפיל, לייענענדיק דיינע בריוו צו מיר, אַז איך בין דיין זיידע. איך וויל זאָלסט מיר שרייבן ווי צו אַן אמתן משפחה־פריינד און זאָלסט אויפהערן טראַכטן אַז דו ביסט דאָ איינזאַם און אַליין אין דער וועלט... טייערע מיינע, — נישט מער 'חבר יוסף', נאָר איינפאַך, האַרציק, — יוסף. גוט, גאָלדע? איצט וועלן מיר שמועסן אַביסל.

איך בין צופרידן וואָס מיין בריוו האָט דיר פאַרשאַפט פרייד. דאַנ־קען דאַרפסטו נישט. מיך פאַרדריסט שטאַרק וואָס דו ביסט געווען אין ניו־יאָרק אַ שיינע פּאָר שעה, ווי דו שרייבסט, און דו האָסט נישט געקענט אַזוי איינאָרדענען אַז דו זאָלסט יאָ קענען דאָ בלייבן. מיר האָבן זיך דאָך געקענט טרעפן און זיך זען איינער מיטן אַנדערן... ס'איז אונדז ביידן געשען אַ גרויסע עולה. אָבער ס'איז דאָך שוין פאַר־פאַלן! אַזאַ מזל. נישט באַשערט געווען, וויזט אויס. איך בין ביז גאָר צופרידן אַז אַלץ איז ווי כ'האָב דיך פאַרויסגעזאָגט. איך בין צופרידן וואָס חבר יאָסל בערלינער האָט דיך אַזוי וואַרעם און האַרציק אויפגענומען און דו האָסט זיך אַזוי גוט איינגעלעבט מיט אים און מיט זיין פרוי.

זאָרג נישט וועגן אַרבעט. בערלינער וועט דיר העלפן געפינען באַשעפטיקונג. אויב עס וועט דיר אָנקומען שווער, טאָ נעם אָן מיין איינלאַדונג און קום אַהער. איך וועל גערן איבערנעמען די זאָרג פאַר דיר.

איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס דו ביסט נישט גליקלעך וואָס דו האָסט פאַרלאָזן איראָפּע. צופרידן — אויב נישט אינגאַנצן גליקלעך, — ווייל וואָס מיינט דען דאָס וואָרט גליק? קענסט זיין גליקלעך אויב דו וועסט דיין לעבן פון איצט אָן נעמען אין די אייגענע הענט אַריין. נעם נישט די לאַגע פון דיין ברודער אַזוי טראַגיש. ער וועט אינגאַנצן געזונט ווערן און בשלום אַהערקומען. אַזוי פיל איך. מ'דאַרף נאָר טאָן פּראַקטיש דאָס וואָס מ'קאָן. מ'דאַרף זען אַז ער זאָל דערגרייכן די

ברעגן פון אַמעריקע. איך בין זיכער אַז דיין ברודער וועט בשלום קומען אַהער אין אַמעריקע און זיין לעבן דיר.

איך בין צופרידן פון דיינע לעצטע שורות אין דיין בריוו, אַז דו לעבסט דאָך מיט האָפנונגען אין דער צוקונפט... אַזוי דאַרפסטו תמיד טראַכטן און שטרעבן. דו שרייבסט אַז לעבן אַליין אָן אַ ציל איז טאַקע נישט גוט און עס מאַטערט. יאָ, כ׳בין מסכים מיט דיר. יאָ, איך בין מיט דיר אויך איינשטימיק, און איך בין זיכער, גאָלדע, טייערע, אַז ווען מ׳האָט נאָר אַ פריינד קען מען אויסהאַלטן און דאָס לעבן באַקומט דאַן אַ זין... דו וועסט נאָך אין דיין לעבן טרעפן אַ נאָענטן מענטשן וואָס וועט דיך פאַרשטיין און דיין לעבן וועט באַקומען אַן אינהאַלט...

איך בין אַליין. כ׳בין אַ צעוויטיקטער און אַן אַנטוישטער. אַ חבר, אַ נאָענטער פריינד איז פאַר מיר איצט דער גרעסטער אידעאַל... איך וואָלט אַזוי געקענט שרייבן צו דיר בלעטל נאָך בלעטל, נישט קיין בריוו נאָר אַ בוך אַ גאַנצן, וואָס איך בין אַלץ דורכגעגאַנגען... אָבער דאָס שרייבן איז ווינציק... איך וואָלט גערן געוואָלט דיך זען און רעדן מיט דיר. איך גלייב, אַז איך וואָלט געהאַט פון וואָס צו רעדן...

איז וואָס טוט מען? דער וועג צו דיר איז אַ וויטער... מ׳דאַרף פאַר דעם האָבן צייט און געלט. עס בלייבט דעריבער נאָר צו זען אַז איך זאָל גאָר שטאַרק וועלן און אויך דו זאָלסט דערצו שטרעבן, — דאַן בין איך זיכער אַז דאָס קומען צו דיר וועט אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרווירקלעכט ווערן...

איך קוש דיך האַרציק,

דיין יוסף״.



# 41




ורכשרייבנדיק זיך מיט גאָלדען אַ שטיקל צייט, האָט יוסף באַשלאָסן אַרויסשרייבן קלאָר זיינע געפילן צו איר. יוסף האָט גוט נאָכגעטראַכט איידער ער האָט די ווערטער אַרויפגעבראַכט אויפן פּאַפּיר. אָט וואָס יוסף שרייבט:

„גאָלדע טייערע, אַ גרויסער שאָד, וואָס איך קען אַלץ דיר נישט זאָגן פּערזענלעך וואָס איך וויל דיר איצט זאָגן. גלייב מיר! ווען איך זאָל נישט פילן פון דיינע בריוו אַז דו ביסט קלוג געגוג, — וואָלט איך נישט געוועזן דרייסט דיר צו מאַכן אַזאַ ערנסטן פאָרשלאַג. דיין בריוו האָט מיך איבערצייגט, נאָך אַ מאָל, אַז איך האָב דיך ווי געהעריק אָפּגעשאַצט. זיכער, קינד מיינס, איז די ברירה ביי דיר... דו קענסט וועלן און אויך נישט וועלן. גלייב מיר, גאָלדע, טייערע, ווען אַפילו דו זאָלסט זאָגן: „ניין!" — וועל איך דיך זיכער אויך גוט פאַרשטיין און מיין פריינדשאַפט צו דיר וועט חלילה אויף קיין האָר נישט געמינערט ווערן. איך פאַרשטיי און באַנעם אַז ווען דו וועסט זאָגן „יאָ", וועסטו, און נישט איך, ברענגען אַ קרבן. מיר האָבן זיך טאַקע נישט געזען שוין אַ פּאָר יאָר. דורך דער צייט זיינען פאָרגעקומען ענדערונגען אין אונדז ביידן. די פיינפולע איבערלעבונגען, די וואַנדערונגען, דאָס אַרויסגעריסן ווערן פון אונדזער היים, — דאָס אַלץ האָט איבערגעלאָזן סימנים אויף אונדז... טאַקע דערפאַר ביסטו ביי מיר געוואָרן דער אידעאַל! איך טראַכט: — מיר אַלע, ווער־מער, ווער־ווייניקער, וואָס

האָבן דורכגעמאַכט דאָס גרויזאַמע גיהנום, זיינען געבליבן קראַנק אין דער נשמה.ביידע זיינען מיר פול מיט אַ לעכצנדיקער בענקשאַפט צו געפינען אין דער מוראדיקער איינזאַמקייט אַ צווייטן, וואָס זאָל פאַרשטיין און העלפן אונדז צוריק געזונט ווערן; העלפן היילן די וואונדן אין האַרצן... טאַקע דערפאַר ציט מיך צו דיר. אַ געראַטע־וועטע פון גיהנום, וויל איך דורך דיר קריגן היילונג און געלייטערט ווערן דורך דיר... און איך האָף און בעט צו הערן פון דיר אַן ענט־פער, אַז דו ביסט וויליק צו ווערן מיין חברטע און לעבנס־באַגליי־טערין...

דו ביסט יונג אין יאָרן און דורך דיר וועט אויך מיין יונגער גייסט באַקומען אַ תיקון. איך וועל האָבן פאַר וועמען און פאַר וואָס צו לעבן. זיינען דען דיינע מחשבות נישט ענלעך צו מיינע? כ׳מיין אַז יאָ. ווילסט האָבן אַ היים, וואָס דו האָסט אין די יינגסטע יאָר פאַר־לוירן. איך האָב ביז איצט קיין אמתע היים נישט געהאַט. פאַרוואָס זאָלן מיר זי נישט בויען צוזאַמען?...

איך קוש דיך,

דיין יוסף״.

אויף דעם דאָזיקן בריוו ענטפערט גאָלדע:

„טייערער יוסף:

דיין לעצטן בריוו האָב איך געלייענט מער ווי איין מאָל... כ׳האָב טאַקע נישט געקענט איינשלאָפן פון טראַכטן און איבערטראַכטן. איך האַלט אין איין קלערן וועגן דעם אַלעם וואָס דו האָסט געשריבן... און איך מוז דיר זאָגן: דו געפעלסט מיר! און טאַקע דערפאַר ווייל דו ביסט אַ דרייסטער! אפשר בעסער צו זאָגן, — דו ביסט אַן אויפריכ־טיקער, ערלעכער מענטש, וואָס האָט דעם מוט אַרויסצוזאָגן אַלץ וואָס ביי אים אין האַרצן טוט זיך...

ווי איך זע, ווייסטו אַליין אויך נישט פאַרוואָס דו ווילסט אַזוי שטאַרק, אַז איך זאָל ווערן דיין חברטע און דיין באַגלייטערין אין לעבן... וועגן זיך קען איך דיר זאָגן אַז צוזאַמענלעבן מיט מיר וועט זיין שווער. ווייל איך בין היפש פאַרליבט אין זיך, אַ טיפּישע אינדי־ווידואַליסטקע, אַ כאַליערע... מיין ערשטער מאַן, ע״ה, האָט עס מיר שטענדיק געזאָגט. און עס איז אים נישט איין מאָל געווען שלעכט צוליב מיינע קאַפּריזן און מיינע שטימונגען... און נאָר דערפאַר וואָס ער האָט מיך שטאַרק געליבט, געהאַט שטאַלענע נערוון, האָט ער גע־קענט אויסהאַלטן מיינע קאַפּריזן.

זיי מוחל מיינע רייד אין דעם בריוו. דו ווילסט איך זאָל קומען קיין ניו־יאָרק און זיין דיין גאַסט אויף צוויי וואָכן און דאַן קענען באַשליסן יאָ צו בלייבן מיט דיר אָדער נישט? ס׳איז מיר שווער דיר צו ענטפערן. אַט קומען פריינד צו גאַסט צו בערלינערן און זאָגן מיר, אַז איך דאַרף זיין משוגע איבערצולאָזן די שיינע קאַליפאָרניע און פאָרן קיין ניו־יאָרק פון וואַנען אַלע אַנטלויפן אַהער...

דערצו וואַרט איך אויף אַ בריוו פון מרדכין מיט דער נייעס, צי ער קען יאָ קומען קיין אַמעריקע אָדער חלילה נישט. און אַן מיין ברודער איז דאָס גאַנצע לעבן מיר נישט ניחא. טאָ האָב געדולד. איך וועל דיר אינגיכן שרייבן און איך פיל, אַז דער בריוו וועלכן איך וועל דיר שרייבן וועט דיך דערפרייען...

איך קוש דיך,

גאָלדע.״

ווען יוסף האָט דערהאַלטן דעם דאָזיקן בריוו, האָט ער אים, ווי גאָלדע זיין פריערדיקן בריוו, געלייענט מער ווי איין מאָל. וואָס מער ער האָט אים געלייענט אַלץ מער האָפענונגען, געמישט אויך מיט צווייפלען, האָט דער דאָזי־קער בריוו אין אים אַרויסגערופן.

„אפשר בין איך געווען צו אייליק, צו דרייסט און איבערגעכאַפּט די מאָס?... — האָט יוסף זיך אַליין געפרעגט. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ענטפערן אויף איר בריוו אָדער בעסער אָפּוואַרטן אַ פּאָר טעג און גאָר נישט שרייבן. אָבער גלייך צומאָרגנס האָט יוסף באַקומען פון גאָלדען אַ צווייטן בריוו:

„טייערער יוסף:

איך האָב דיר געשריבן אָבער נישט אַלץ. דו ווייסט וואָס? האָסט מיר געשריבן אַ קלוגן בריוו. כ׳וואָלט קיין מאָל נישט געגלייבט, אַז דו וועסט מיך אויך אַזוי פאַראינטערעסירן... אַז איך וועל גאַנצע טעג און נעכט טראַכטן פון דיר... ביסט מיר גוט אַרונטער אונטער מיין הויט. ס׳איז אוממעגלעך פון דיר זיך אַרויסצוקריגן. כ׳וואָלט געזאָגט אַ גרויסן ליגן ווען איך זאָג דיר, אַז איך בין צו דיר גלייכגילטיק...

נעכטן געקראָגן אַ בריוו פון מרדכין. ער איז בשלום אַדורך דעם עקזאַמען ביים דאָקטער, און אין צוויי וואָכן אַרום וועט ער אפשר שוין זיין אין אַמעריקע...

דו באַגרייפסט מיין גרויסע פרייד? מיין ברודער! מיין איינציקער, קומט קיין אַמעריקע!...

מרדכי וועט איגיכן זיין אין ניו־יאָרק! אויב איך וועל שוין באַוויזן, דורך דער צייט צו זיין מיט דיר וועלן מיר אים ביידע אָפּ־וואַרטן. אויב נישט, — בעט איך דיך זאָלסט עס טאָן פאַר מיר... זאָל ער פילן אַז עמיצער וואַרט אויף אים...

כ׳קוש דיך גאָר שטאַרק, נאָך שטאַרקער ווי דו, מיך — — —
גאָלדע.״

נאָך דעם דאָזיקן בריוו איז יוספן אַביסל גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. גאָלדעס פּשוטע ווערטער, איר רואיק שרייבן, דער שטילער און איינגעהאַל־טענער טאָן אין איר לעצטן בריוו האָבן יוספן באַרואיקט און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט שטילע האָפענונגען. ער האָט אין געדאַנק איבערגעחזרט אירע ווערטער: „אויב איך וועל שוין באַוויזן דורך דער צייט צו זיין מיט דיר״... די ווערטער: „זיין מיט דיר״, האָבן געקלונגען אין זיינע אויערן אָן אויפהער, ווי אַ גוטע בשורה, ווי אַ טייערער געשאַנק אַראָפּגעשיקט פון הימל צו דערפרייען די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

אין פאַרלויף פון אַ וואָך זיינען געפלויגן טעלעגראַמעס איינער צום צווייטן. און אַט האָט יוסף אויך גערעדט צו גאָלדען דורכן טעלעפאָן. צומאָרגנס נאָכן הערן איר קול, נאָכן שטילן פריידיקן געלעכטער פון אים צו איר און פון איר צו אים, וואָס האָט זיך געטראָגן דורך טויזנטער מיילן דורך דער לופט, האָט יוסף באַקומען אַ טעלעגראַמע מיט די קורצע פּאָר ווערטער:
„איך פאָר צו דיר, מיין טייערער. וואַרט אויף מיר. איך קום. דיין גאָלדע.״



# 42



ד'טעג גאָלדעס פון געפינען זיך אויף דער באַן, וואָס האָט זי געפירט פון לאָס־אַנדזשעלעס קיין ניו־יאָרק, האָבן זיך פאַר יוספן געצויגן ווי יאָרן. ער האָט פיבערדיק געוואַרט אויף איר אָנקומען. אַ יום־טובדיקער האָט ער זיך געגרייט זי אויפצו־נעמען מיטן שענסטן און בעסטן. ער אַליין האָט זיך אויסגעפוצט, אָנגעטאָן דעם נייסטן אָנצוג מיט דעם פיינסטן ווייסן העמד און אין האַרצן געפילט זיך יוגנטלעך, — ער גייט איצט באַגעגענען זיין האַרצנס־אויסדערוויילטע. ער האָט געציטערט פון גליק און געהאָפט, אַז די באַגעגעניש זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה.

יוסף איז אַוועק צו דער באַן־סטאַנציע. ער האָט אין שטוב נישט גע־קענט איינזיצן. עס איז געווען זונטיק. אויף די גאַסן איז געלעגן אַ טיפער שניי, וואָס איז אַ גאַנצע נאַכט געפאַלן אויף דער שטאָט. די לופט איז געווען קאַלט. ווען יוסף איז אַרויס פון סאָבוויי איז ער אַרויף אויף די שטיגן צווישן צענדלינגער מענטשן וואָס האָבן ווי ער, זיך געאײַלט ערגעץ וואו אָנצוקומען. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן זייגער ביים אַריינגאַנג צום וואָקזאַל, עס איז געווען 9 אַזייגער אין דער פרי. די באַן האָט געדאַרפט אָנקומען ערשט 10 אַזייגער — אין אַ שעה אַרום. די מינוטן האָבן זיך געצויגן. יוסף איז אַריין אין דעם קאַפע־הויז, עפּעס געגעסן און צוריק אַראָפּ אונטן אין וואַרטצימער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק מיט אַ צייטונג אין האַנט און געפּרוּווט לייענען די נייס פון טאָג. די ווערטער זיינען געשפּרונגען פאַר זיינע אויגן:

„גאָלדע, גאָלדע קומט! זי וועט דאָ באַלד שטיין פאַר אים. ווי אַזוי וועט זי אים אויפנעמען?"

פאַרזינקען אין געדאַנקען, האַלטנדיק די צייטונג אין האַנט, האָט ער פּלוצעם געהערט אויסרופן, אַז די באַן פון לאָס־אַנדזשעלעס האָט זיך פאַר־שפּעטיקט צוליב די גרויסע שנייען אויפן וועג.

ענדלעך איז די באַן אָנגעקומען און צווישן די הונדערטער פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען דורך דעם אויפגעפּראַלטן אייזערנעם טויער פאַרביי, האָט זיך באַוויזן גאָלדע. אַ יונגע פרוי פון מיטעלן וואוקס מיט אַן אינטעליגענט פּנים, לעבעדיק־שוואַרצע אויגן, מיט אַ גלאַנץ פון טרויער אין זיי. אַ דינער שמייכל האָט געשוועבט אויף די ליפּן.

— „איז דאָס גאָלדע?"

יאָ, דאָס איז זי! דאָס אַמאָליק־שיינע יידישע מיידעלע, וואָס איז געווען דער שטאָלץ פון דער י. ל. פּרץ קינדער־היים אין וואַרטע! די אַרטיסטין אין דער יידישער שול. באַליבט און געשעצט פון אַלעמען...

יאָ, דאָס איז גאָלדע. מיט דעם וואַליזקעלע אין האַנט, אָנגעטאָן אין יענעם ווינטערדיקן פרויען־פּעלצל, וואָס זי האָט באַקומען אַ מתנה פון אַמע־ריקע. אויך גאָלדע האָט יוספן דערקענט. עס איז געווען קענטיק אין דעם שמייכל, וואָס זי האָט צו אים געשיקט צוקומענדיק נענטער צו אים. יוסף האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און אַ פריידיקער אויסגערופן: — „גאָלדע! גאָלדע! האָסט מיך דערקענט?"

— „יאָ, יוסף! יאָ!" — האָט גאָלדע אים געענטפערט און איז געפאַלן אין זיינע אָרעמס.

זיי זיינען אַ ווײַלע געשטאַנען שטיל־שווייגנדיקע, אַרומגענומענע. איןביידנס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. זיי האָבן זיך צעקושט. ביידע האָבן נישט געפונען קיין ווערטער עפּעס צו זאָגן.

זיי האָבן זיך אַ ווײַלע נאָך אַ מאָל באַטראַכט שווייגנדיקע. יוסף האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן:

— יאָ, גאָלדע טייערע", — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — „ביסט דאָ, ביסט דאָ!"...

זיי זיינען אַוועק אין אַ זייט און זיך געלאָזן צום אַרויסגאַנג פון דער סטאַנציע. גייענדיק האָט יוסף, אַביסל אַן איינגעשטילטער, אָבער נאָך אַלץ אַן אויפגערעגטער פון פרייד, אַ זאָג געטאָן צו גאָלדען:

— „איך האָב צוגעגרייט פאַר דיר, גאָלדע טייערע, אַ צימער אין אַ האָטעל, זיך אָפּצורוען פון דיין לאַנגער רייזע. אָבער פריער וועלן מיר דאָ אַריינגיין עפּעס איבערכאַפּן צוזאַמען, גוט?".

גאָלדע האָט אַ שמייכלענדיקע, מיט אויפגעלויכטענע אויגן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. שפּעטער האָט יוסף זי צוגעפירט אין אַ טעקסי צום האָטעל. ער האָט זי איבערגעלאָזט אַליין אין איר צימער. זאָל זי זיך אָפּרוען און זיין מיט זיך נאָך דער ערשטער באַגעגעניש.

שפּעט נאָך מיטאָג איז יוסף געקומען צו גאָלדען אין האָטעל־צימער. זיי האָבן געגעסן וועטשערע צוזאַמען, געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט גליקלעכע שמייכלען און ביסלכוויז האָבן זיי זיך צערעדט. וועגן וואָס האָבן זיי נישט גערעדט? עס איז דאָך געווען אַזוי פיל פון וואָס צו ריידן. זייערע שמועסן האָבן זיך געצויגן שעהען גאַנצע ביז שפּעט אין אָוונט. און ווען זיי זיינען ביידע מיד געוואָרן פון רעדן האָט יוסף אין אַן איינגעהאַלטענעם רואיקן טאָן זיך געווענדט צו גאָלדען:

— „הער מיך אויס, גאָלדע. איך וויל דו זאָלסט מיך גוט פאַרשטיין. ביסט טאַקע געקומען קיין ניו־יאָרק אויף מיין פאַרלאַנג, אָבער בלויז ווי אַ גוטער פריינד. דו ביסט מיר גאָרנישט שולדיק און אין גאַנצן נישט פאַרפליכטעט. מאַך נישט קיין שום שריט אָן דיין אייגענעם פאַרלאַנג. די ברירה איז ביי דיר, ווי אַזוי דיין לעבן איינצושטעלן. באַשליס צי דו ווילסט בלייבן דאָ אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק; קוק זיך אַרום, איך בעט דיך. גלייב מיר, איך זאָג דיר איצט דאָס זעלבע וואָס כ׳האָב דיר שוין געזאָגט אין מיינע בריוו צו דיר.״

גאָלדע האָט געשוויגן און בלויז געשמייכלט. פון צייט צו צייט האָט זי מיט וואַרעמע בליקן אַ קוק געטאָן אויף יוספן בשעת ער האָט גערעדט, ווי זי וואָלט אים דאַנקבאַר געווען פאַר זיינע רייד.

פון טאָג צו טאָג איז זי מיט אים היימישער געוואָרן. ער פלעגט קומען צו איר אין האָטעל־צימער יעדע פרייע מינוט וואָס ער האָט נאָר געקענט שפּאָרן. אַ קוואַל פון רייד האָט געשטראָמט פון איינעם צום צווייטן. אויך גאָלדע איז פון טאָג צו טאָג אַלץ רעדעווודיקער געוואָרן. יוסף פלעגט קוקן אויף איר און שלינגען אירע רייד. טרערן פלעגן רינען פון גאָלדעס אויגן בשעתן דערציילן פון אירע ליידן אין די יאָרן ווען די היטלער־בעסטיעס האָבן געבושעוועט אין פּוילן און שפּעטער אין די לאַגערן. עס איז איר גרינגער געוואָרן נאָכן רעדן און אַראָפּוויינען זיך. זי איז אים דאַנקבאַר געווען פאַרן אויסהערן זי...

די שטאָט ניו־יאָרק איז גאָלדען געפעלן געוואָרן. יוסף פלעגט מיט איר אין די אָוונטן און אין די פרייע זונטיקס אַרומפאָרן ווייזן די אַלע מערק־ווירדיקע שיינקייטן פון דער שטאָט. עס האָט גאָלדען אויך געפרייט וואָס זי געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק. זי האָט געוואַרט צו זען וואָס גיכער איר

ברודער. עס האָט זיך שוין געלוינט צו קומען קיין ניו־יאָרק. אויך יוסף איז איר שטאַרק נאָענט געוואָרן, ווי אַן אייגענער ברודער. זי האָט צו יוספן געקראָגן טאָפּלטע געפילן. עפּעס נישט בלויז ווי צו איינעם וואָס דאַרף ווערן איר באַשערטער אויפן לעבן... יוסף פלעגט איר אָפּט פאָרקומען ווי גאָר אַ נאָענטער קרוב ,ווי אייגן בלוט און פלייש. ער פילט מיט איר טרויער און וויינט מיט אויף אירע ליידן און פרייט זיך מיט איר גליק, — דאָס גליק וואָס ווינקט צו איר ווי אַ שטערן אין אָפענעם פענצטער.

יעדן אָוונט, ווען זי פלעגט בלייבן אַליין מיט זיך נאָך יוספס אַוועקגיין, איז איר באַפאַלן אַן אומעט אין דעם איינזאַמען האָטעל־צימער. דערצו האָט זי געטראַכט, איז דאָס שטיין אין האָטעל אַ צו גרויסע הוצאה פאַר יוספן.

אין איניקע טעג אַרום האָט גאָלדע אַליין פאָרגעשלאָגן יוספן צו דינגען אַ צימער פאַר איר, נענטער צו זיין וואוינונג. אויב מעגלעך, אין דעם זעלבן הויז.

— „איך וועל ווייזט אויס בלייבן אַ ניו־יאָרקער אויף אַ לאַנגע צייט. איך וועל וואַרטן דאָ ביז דער ברודער מיינער וועט קומען. וואוינען אין אַ האָטעל איז דאָך אַ לוקסוס“, — האָט גאָלדע האַלב נישט דערזאָגט, גערעדט און געשמייכלט ביי יעדן פאַרענדיקטן זאַץ.

עס האָט זיך אַזוי געמאַכט אַז אין דעם זעלבן הויז וואו יוסף האָט געוואוינט, איז געווען אַ צימער צו פאַרדינגען. גאָלדע האָט זיך גלייך אַריבערגעקליבן. ביסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבן פירן די באַלעבאַטישקייט אי פאַר זיך, אי פאַר יוספן. דאָס זיין אונטער איין דאַך האָט זיי ביידן נאָך מער דערנענטערט. יוסף האָט גאָלדען דערציילט פון אַלע איבערלעבונגען זיינע, דורך די אַלע יאָרן זינט ער האָט פאַרלאָזן וואַרשע. אויך עפּיזאָדן פון זיין פריערדיק לעבן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט יוסף נישט דורכגעלאָזט. דאָס פאָרן זיינס קיין פראַנקרייך און צוריק קיין פוילן; דער אויסברוך פון קריג; די יאָרן אין ווילנע און צום סוף, אין דער פרייער אַמעריקע.

# 43



עתן זיצן איינער לעבן דעם אַנדערן, אין אינטימע שמועסן פון אַמאָל, פון זייער לעבן אין וואַרטע, — האָט יוסף פלוצעם אַ זאָג געטאָן:

— „גאָלדע, טייערע! גענוג גערעדט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט! לאָמיר אַ טראַכט טאָן וועגן דער צוקונפט"... גאָלדע האָט גאָר נישט געענטפערט.

אָבער יוסף האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט אין פשוטע ווערטער גאָלדען געפרעגט, צי זי איז ווי־ליק חתונה האָבן מיט אים.

אָבער גאָלדע האָט יוספן נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער. זי האָט ניט געקענט באַשליסן — יאָ אָדער ניין. געווען מאָמענטן ווען גאָלדע האָט שטאַרק געוואָלט ענטפערן: „יאָ". זי האָט אין יוספן געזען אַ האַרצנס־נאָענטן. עס איז געווען ווי עפּעס אַ באַשערטע זאַך, טאַקע ווי דאָס מזל צו ווערן יוספס פרוי, וואָלט באַשטימט געוואָרן נאָך פריער, דאָרט אויף יענער זייט ים, אין וואַרטע... זי וועט איצט, ענדלעך דערגרייכן אַביסל רו. דאָס טראָפן מנוחה און זיכערקייט, נאָך וועלכן זי גאַרט אַזוי. געווען אָבער מאָמענטן ווען גאָלדע האָט זיך געוואקלט אין האַרצן צו געבן אַ באַשטימטן ענטפער אויף: „יאָ". גאָלדע האָט געטראַכט:

— „עס איז אמת, אַז יוסף איז אַ וואונדערלעך־גוטער מענטש. ער זעט אין מיר זיין אידעאַל. אין מיר, די גראַטעוועטע פון דאָרטן... אין מיר, די ניצול־געוואָרענע, וויל ער געפינען זיין גליק, אָבער איך האָב נאָך אַזוי ווינציק געגאָסן פון לעבן. איך בין דאָך נאָך אַזוי יונג. וועל איך קענען זיין פאַר

אים די, וואָס ער וויל איך זאָל זיין?... וועט שפּעטער די ליבשאַפט און גע־טריישאַפט נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין שנאה און אָפּגעפרעמדקייט?"

גאָלדעס שווייגן האָט יוסף גוט פאַרשטאַנען, ער האָט זי באַרואיקט און געבעטן נישט זיין טרויעריק. — „יאָ, גאָלדע טייערע," — פלעגט יוסף אין אַזעלכע מינוטן זאָגן: — „דו וועסט ברענגען אַ קרבן ווען דו וועסט זאָגן „יאָ" אויף מיין פאָרשלאָג צו ווערן מיין פרוי. איך ווייס עס אויך. אָבער איך שטעל איין. אויך איך בין גרייט צו ברענגען אַ קרבן פאַר מיין ליבשאַפט צו דיר".

און יוסף האָט ווייטער גערעדט:

— „יאָרן לאַנג ווי איך טראָג זיך אַרום מיט אַ מאָדנעם געדאַנק, אַז מ'דאַרף ניט ברענגען קיין נייע דורות אויף דער וועלט! דעם דאָזיקן געפיל האָב איך געהאַט נאָך מיט יאָרן צוריק, בעת איך האָב געלייענט פּרץ הירש־ביינס דראַמע „דער לעצטער". איינער פון די העלדן אין דער דראַמע קומט צום אויספיר, אַז יידן דאַרפן נישט ברענגען קיין נייע דורות אויף דער וועלט. שטאַרקער נאָך איז ביי מיר געוואָרן דער דאָזיקער געפיל צו זיין אַ „לעצטער", ווען מיין איינציק טעכטערל שרהלע איז אויף אַ גרויזאַמען אופן צוגענומען געוואָרן פון מיר... איצט, נאָך דעם גרעסטן יידישן חורבן, איז דאָס געפיל צו זיין אַ פאָטער אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן"...

אויף דעם האָט גאָלדע יוספן געענטפערט:

— „יאָ, מיין טייערער דו רעדסט ווערטער וואָס ליגן מיר אויפן צונג. אין געטאָ, אונטער דער פינצטערער הערשאַפט פון די נאַצישע רוצחים, בין איך גרייט געווען צו ווערן אַ מאַמע. אָבער איך האָב אין אַנגסטן און אין שרעק פאַרן טויט זיך דערפון באַפרייט. יאָ, איך פאַרשטיי דיך גוט. דו רעדסט מיינע געדאַנקען. כ'האָב קיין שום געפיל ניט צו ווערן איצט אַ מאַמע... אפשר וועל איך שפּעטער אַנדערש טראַכטן... ווער ווייס?

וואָכן לאַנג האָבן זיך געצויגן די געשפּרעכן צווישן יוספן און גאָלדען און אַלץ וועגן דעם זעלבן ענין, צי זי איז גרייט צו פאַרבינדן איר גורל מיט יוספן.

דערווייל האָבן זיך דערנענטערט די טעג פון מרדכיס אָנקומען קיין ניו־יאָרק. און אָט דערזעט גאָלדע אין אַ צייטונג אַ מעלדונג, אַז אין צוויי טעג אַרום קומט אָן די שיף „גענעראַל מעקינלי" מיט די־פּי־פּאַסאַזשירן. צווישן די נעמען פון די אָנקומענדיקע געפינט גאָלדע אויך דעם נאָמען פון איר ברודער. איר פרייד איז געווען גרויס.

ביידע זיינען זיי אַוועק באַגעגענען מרדכין. יוסף האָט דער ערשטער דערקענט מרדכין פון דער ווייטנס און אַ געשריי געטאָן: „מרדכי! מרדכי!"

פאַר מרדכין איז דאָס טרעפן גאָלדען אין ניו־יאָרק ביי דער שיף געווען גאָר אַ גרויסע איבעראַשונג. ער האָט געוואוסט אַז זי געפינט זיך אין קאַליפאָר־ניע. ווי קומט זי אַהער? אָט דערקענט ער יוספן. יאָ, ער געדענקט אים נאָך פון די קינדער־יאָרן. יוסף האָט זיך האַרציק צעקושט מיט מרדכין. דערנאָך איז גאָלדע און מרדכי זיך געפאַלן אין די אָרעמס און געוויינט פאַר פרייד וואָס ענדלעך זיינען זיי צוזאַמען אויף דער פרייער אַמעריקאַנער ערד, ווייט פון אַלע גרוילן, יסורים און פּיין פון יענער זייט ים...



# 44



ערשטע טעג פון זיין אָנקומען האָט מרדכי זיך געפונען אין איינע פון די „האַיאַס״־האָטעלן. יוסף האָט זיך באַמיט און געהאָלפן קריגן אַרבעט ביי זיך אין ביוראָ פאַר מרדכין, כדי ער זאָל זיך וואָס גיכער באַפרייען פון „האַיאַס״ אויפזיכט. אַ וואָך שפעטער האָט זיך מרדכי אַריינגעצויגן אין אַ הויז אויף דער איסט סייד, נישט ווייט פון זיין שוועסטער און יוספן.

מיט מרדכיס אָנקומען איז דער געמיט גאָלדעס געוואָרן בעסער. זי האָט זיך מער נישט געפילט אַליין אויף דער וועלט. איר ברודער האָט זי איצט לעבן זיך. מיט צופרידנקייט האָט זי זיך צוגעקוקט ווי יוסף און מרדכי ווערן זיך נאָענט. מרדכי האָט גיך אויסגעפונען וואָס גאָלדען שטייט פאָר. זי דאַרף באַשליסן און געבן אַן ענטפער, אַ קלאָרן: „יאָ״, צי „ניין״.

מרדכי האָט וועגן דעם געשוויגן און גאָלדען גאָר נישט געוואָלט זאָגן ווי צו האַנדלען, כאָטש אין האַרצן האָט ער זיך געוואונטשן הלוואי באַשליסט זי צו ווערן יוספס פרוי.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און אויך מרדכי האָט זיך אַריבערגעקליבן אין דעם זעלבן הויז וואו גאָלדע און יוסף האָבן געוואוינט. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאַמיליע־נעסט. בעת אַלע דריי פלעגן צוזאַמען עסן און שמועסן, האָט געררוט צווישן זיי די מנוחהדיקע שטילקייט פון אַ משפחה וואָס האָט זיך ענדלעך אָפּגעזוכט נאָך פיל וואַנדערנישן, און זיך צוזאַמענגעקומען כדי צו פאַרטרייבן די איינזאַמקייט פון זיין אַליין אויף דער וועלט. מ׳פלעגט זיי זען אָפט אַלע דריי צוזאַמען אויף געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. זיי פלעגן זאַלבאַדריט אויך באַזוכן די ניי־געקומענע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך

אָפּגעזוכט נאָך דעם גרויסן אומגליק. ווי איינזאַמע פייגל זיינען די יידישע פּליטים זיך צוזאַמענגעפלויגן אין דעם גרויסן כרך ניו־יאָרק און געזוכט איי־גענע און נאָענטע, כדי היימישער צו ווערן, כדי די פרעמדע שטאָט מיט אירע גאַסן זאָלן אַזוי פרעמד ניט קוקן אויף זיי, — די ביי איינגעוואַנדערטע...

צווישן די נייע פּליטים האָט גאָלדע דאָ אין ניו־יאָרק זיך געטראָפן מיט אירע אַמאָליקע יוגנט־פריינד. איינער פון זיי איז געווען קאַרל, מיט וועלכן זי האָט געלערנט צוזאַמען אין שול אַלס קינד אין דער „פּרץ־שול" אין וואַרטע. קאַרל איז געווען אין אַמעריקע זינט דעם יאָר 1938. איין יאָר פאַרן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. געקומען אַהער קיין אַמעריקע איז קאַרל אַ דאַנק אַ שידוך וואָס זיינע קרובים האָבן אים געשדכנט. עס איז געווען אַ שידוך מיט אַ מיידל אַ קאַליקע. אָבער די מלחמה האָט דעם דאָזיקן שידוך, — צו זיין גליק, צו נישט געמאַכט. קאַרל איז צוגענומען געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און מ'האָט אים אָפּגעשיקט אויף אַ שיף זיך שלאָגן מיט די יאַפּאַנעזער אין די פידזשי אינדזלען. קאַרל איז געווען אין אויסטראַ־ליע און אין ניי־קאַלעדאָניע. ער האָט זיך באַטייליקט אין די שווערע שלאַכטן ביי גוואַדאַקאַנאַל. נאָכן קריג איז קאַרל באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט, אָבער זיין געזונט־צושטאַנד איז געווען אַ שלעכטער. ער האָט כסדר געליטן פון דער מאַלאַריע־קראַנקייט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון די טראָפּישע לענדער. אַהיימקומענדיק האָט מען קאַרלען צוגענומען אין שפּיטאָל. בעת קאַרל איז געווען אין שפּיטאָל פלעגט ער באַקומען בריוולעך פון יונגע פרויען און מיידלעך, וואָס האָבן אים און די אַנדערע פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן געשריבן דערמוטנדיקע טרייסט־בריוו. די בריוו זיינען געווען פול מיט גוטע וואונטשן אַז זיי זאָלן אין גיכן געזונט ווערן. די בריוו־שרייבערינס האָבן זייער גוט געוואוסט וויפל כוחות און געזונט די אַלע מלחמה־וועטעראַנען האָבן אַוועקגעגעבן אין קאַמף מיט די היטלערישע פאַשיסטישע באַנדעס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער לאַנד אַמעריקע!

איינער אַזאַ בריוו האָט באַזונדערס געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף קאַרלען. ער האָט דערקענט אַז דעם בריוו האָט געשריבן אַ יידישע טאָכטער. ער האָט איר געענטפערט און זי, — אַ יידיש מיידל פון ווין, וואָס איז אַנטלאָפן מיט איר פאַמיליע ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט עסטרייך, — האָט זיך דורכגעשריבן מיט קאַרלען אַ פּאָר מאָל ביז זיי האָבן זיך באַגעגנט, זיך פאַרליבט איינער אין אַנדערן, און אין אַ צייט שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט.

יוסף האָט זיך דערנעגטערט צו קאַרלען דורך מרדכין און גאָלדען. זיי פלעגן אָפט באַזוכן קאַרלען, פאַרברענגען צוזאַמען און געמיטלעך שמועסן, און זיך דערמאָנען אָן די גוטע צייטן אין דער אַלטער היים...

# 45



ין ניו־יאָרק האָט זיך געלדע באַגעגנט מיט אַ סך פון אירע יוגנט־פריינד. צווישן זיי — מיט איר שול־פריינד וולאַדעק. וולאַדעק איז געווען אַן אַסימילירטער בחור מיט אַרטיסטישע פעאיקייטן. ער האָט דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה אין פוילן. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ גרופּע פּוילישע פּאַרטיזאַנען. אין דער דאָזיקער פּוילישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט קיינער נישט געוואוסט, אַז וולאַדעק איז אַ ייִד. געהאָלפן וולאַדעקן היימיש צו ווערן מיט די פּוילישע אונטערערדישע פּאַרטיזאַנער האָט אַ קריסטלעך מיידל מיטן נאָמען אָלאַ, אַ טאָכטער פון אַ פּוילישן אָפיציר. אָלאַ האָט שפּעטער געראַטעוועט וולאַדעקן פון אַ זיכערן טויט, ווען די פּוילישע פּאַרטיזאַנער האָבן צופעליק אויסגעפונען אַז וולאַדעק איז אַ ייִד. וולאַדעק איז מיט אָלאַן אַנטלאָפן, געווען אַ צייט אין די דייטשישע די־פּי־לאַגערן. זיי האָבן חתונה געהאַט און נאָך דער באַפרייאונג זיינען זיי מיט זייער קינד, אַ ייִנגעלע, געקומען קיין ניו־יאָרק, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ייִדישע די־פּי׳ניקעס.

וולאַדעקס הויז איז געווען אַן אָרט וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען די געראַטעוועטע פאַרפּוילישטע ייִדישע פּליטים פון די דייטשישע לאַגערן. דאָס זיינען געווען יונגעלייט און פרויען וואָס זיינען, פּונקט ווי וולאַדעק, געווען אָפּגעפרעמדט פון ייִדן און ייִדישקייט. קיין מאָל נישט גערעדט קיין ייִדיש, אַפילו ווען זיי האָבן יאָ געקענט די שפּראַך פון זייערע קינדער־יאָרן. איצט האָבן זיי זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ טיף חרטה־געפיל, וואָס זיי זיינען די אַלע יאָרן פאַרן חורבן געווען ווייט פון ייִדן און געמיינט אַז זיי זיינען גאַנצע פּאָליאַקן. די מערסטע פון די דאָזיקע אַסימילירטע פּוילישע ייִדן האָבן זיך דאָ, אין ניו־יאָרק, זיך צוריקגעקערט צו ייִדן און צום ייִדישן לשון.

כאָטש צווישן זיך האָבן זיי נאָך גערעדט פויליש, ווייל זיי האָבן זיך אַזוי גיך נישט געקענט שיידן פון דער שפּראַך. אָלאַ, וולאַדעקס פרוי, די פּאַליאַטשקע, האָט זיך אויסגעלערנט יידיש און זי האָט כסדר גערעדט יידיש. זי האָט מיט דעם געוואָלט ווייזן ווי נאָענט און ליב עס איז איר די נייע יידישע סביבה. מיטן גאַנצן האַרצן האָט אָלאַ געשטרעבט צו ווערן יידישער — ווי איינע פון די געראַטעוועטע. איר מאַן, וולאַדעק, איז אָבער פאַרבליבן דער טיפּישער אַסימילאַנט, דער פרעמדער! וולאַדעק האָט גיך זיך אויסגעלערנט ענגליש און בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסברענגען פון זיין מויל קיין יידיש וואָרט. ער האָט זיך אַפילו באַרימט וואָס ער קען נישט קיין יידיש. דאָך איז ער געווען נאָענט מיט די אַלע יידיש־פּוילישע אינטעליגענטן, פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, אינזשענירן און יידישע אַקטיאָרן פון וואַרשע, וואָס האָבן זייער דערציאונג באַקומען אין די פּוילישע העכערע שולן און די פּוילישע שפּראַך איז זיי נישט געווען פרעמד.

יעדער פון דער דאָזיקער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ, געוועזענע די־פּי׳ניקעס, האָט זייער פיל איבערגעלעבט. יעדער פון זיי, איז אין צייט פון קריג, דורכגעגאַנגען די נאַצישע שבעה־מדורי־גיהנום און געהאַט וואָס צו דערציילן איינע דעם אַנדערן. ס׳האָט זיי אַלעמען געצויגן צו דעם אַר־טיסטיש־אינטעליגענטן וולאַדעקן אין הויז. דאָרט ביי וולאַדעקן און זיין סימפּאַטישער פרוי אָלאַ, האָבן זיי זיך געפילט ווי אין אַמאָליקן פּוילן פון פאַרן קריג, און געהאַט די אילוזיע ווי זיי וואָלטן יינגער געוואָרן אין יאָרן. אַ געפיל פון בענקעניש נאָך די נאָרמאַלע, ראָמאַנטישע צייטן, פלעגט אַלע־מען אַרומנעמען ביי די צוזאַמענקונפטן. אָבער פּלוצעם, נאָך אַ גלעזל משקה, נאָכן צעוואַרעמען זיך פון די רייד און פון טרינקען, האָבן זיי זיך אַלע דערמאָנט ווי עלנט זיי זיינען, וואָס דער גרויסער חורבן האָט זיי אָפּגעטאָן! יעדער פון זיי האָט פאַרלוירן שוועסטער, ברידער, פרויען און קינדער. יעדער פון זיי איז געווען ווי אַן איבערגעבליבענער איינזאַמער יתום, איינער אַליין אין דעם גרויסן און פרעמדן ניו־יאָרק. אין האַרצן האָט יעדער פון די צונויפגעקומענע ביי וולאַדעקן אין הויז געטראָגן אַן אומהיילבאַרע וואונד, וואָס וועט זיך, ווער ווייס ווען, פאַרהיילן...

דער דראַנג צום לעבן איז אָבער געווען שטאַרק ביי די דאָזיקע פּליטים און מען האָט ביסלעכווייז זיך גענומען זוכן באַשערטע, חתונה האָבן און אויפשטעלן פאַמיליען־נעסטן, כדי צו פאַרטרייבן די איינזאַמקייט, וואָס האָט זיי אַלעמען דאָ געפּייניקט. עס האָט אַפילו געטראָפן, אַז עלטערע מענער האָבן חתונה געהאַט מיט יינגערע פרויען, און — פאַרקערט: עלטערע פרויען מיט יונגע מענער. ביי די שמחהלעך און צוזאַמענקונפטן האָבן זיך

ביסלעכוויַיז באַוויזן פאַרלעך, מאָדנע, נישט קיין גלייכע, און ביַים גלעזל וויַין האָט יעדער די שטימונגען זיַינע פון יאוש און צווייפל אַרויסגעטראָגן, — געלאַכט און געוויינט. ווען איינער האָט אַ פריילעכער כלומרשט דערציילט פון גליק, האָט דער צווייטער זיך פּלוצעם צעוויינט שרייענדיק אין יאוש און פאַרצווייפלונג: „וואָס איז מיַין לעבן איצט? צו שפּעט, צו שפּעט!"...!

אויך אין דער דאָזיקער סביבה פלעגט יוסף מיט גאָלדען אָפּט זיך באַווייַזן. ביידע האָבן זיך דאָרט ביַי וולאַדעקן אין שטוב געפילט אי היימיש, אי פרעמד. היימיש, וויַיל די אַלע צוזאַמענגעקומענע האָבן זיי דערמאָנט אין דער אַמאָליקער היים אין פּוילן, אין וואַרטע, ווען ער, יוסף, איז נאָך יונג געווען און געבראַוזט מיט לעבן און אַקטיוויטעט, דינענדיק מיט זיַינע פעאיקייטן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון וועלכער ער איז געווען אַ טייל. אויך גאָלדען איז די סביבה פון די ניַי־געקומענע געווען נאָענט. אַביסל נאָר האָט זיי שאָקירט און אָפּגעפרעמדט די צעבראָכנקייט, דער יאוש און דער צווייפל, וואָס איז באַפאַלן די דאָזיקע ניַי־געקומענע אין מינוטן פון מתוודה־זיַין זיך, פון אַנטפּלעקן די אינערלעכע געפילן און געדאַנקען.

אויף גאָלדען האָט געווירקט די מאָדנע ווידויס, דאָס דערציילן אַלץ; דאָס אָפנהאַרציקע אַראָפּריידן זיך פון האַרצן. זי האָט געפילט אַז אויך איר וועט גרינגער ווערן ווען זי וועט אַלץ דערציילן איר נאָענטסטן פריַינד — יוספן.

עס זיַינען אַוועק וואָכן און חדשים פון טראַכטן און איבערטראַכטן. זיי זיַינען איין מאָל ביידע געזעסן אין פּאַרק, נישט וויַיט פון זייער וואוינונג. גאָלדע איז געווען אין אַ דריקנדיקער שטימונג. עס איז איר סתם געווען אומעטיק און פּוסט אויף דער נשמה. דער טונקעלער אָוונט וואָס האָט זיך דערנענטערט, די שאָטנס וואָס האָבן זיך געלייגט אַרום די בענק, די לעצטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון, האָבן געווירקט אויף איר געמיט. גאָלדע האָט געשוויגן און אַ טרויעריקע געקוקט אויף יוספן.

— „וואָס איז מיט דיר, היינט?" — האָט יוסף איר אַ פרעג געטאָן.

— „גאָרנישט, יוסף. גאָרנישט. נאָר איך האָב דיר וואָס צו דער־ציילן. אפשר וועט מיר גרינגער ווערן, אַז כ'וועל רעדן".

— „נו, ווער לאָזט דיך ניט רעדן?"

און גאָלדע האָט גענומען דערציילן:

— „הער, יוסף! די לעצטע פּאָר וואָכן פאַר מיַין אָפּפאָרן פון דיַיטש־לאַנד קיין אַמעריקע האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יונגנמאַן באַלעק. דאָס איז געווען דאַן, ווען כ'האָב נאָך געאַרבעט אַלס יידישע קינדער־גאָרטן לע־רערין אין דעם די־פּי־לאַגער פעלדאַפינג. דער דאָזיקער באַלעק קען דיך

זייער גוט, ווייל אויך ער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון „בונד" אין וואַרשע. ווען נישט דער גורל וואָס האָט מיך פאַרבונדן מיט דיר, און דער שטאַרקער פאַרלאַנג צו פאָרן קיין אַמעריקע, קען זיין אַז איך וואָלט מיט אים דאָרט אין דייטשלאַנד חתונה געהאַט... ווייל מיט יעדן טאָג פון אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט ער מיך אַלץ מער ליב געקראָגן. איך האָב קלאָר ניט געוואוסט מיינע געפילן צו אים. מיינע שטימונגען אין דייטשלאַנד, מיינע איבערלעבונגען דעמאָלט... איך האָב קיינעם ניט ליב געהאַט. איך האָב געהאַסט די וועלט און אַפילו זיך אַליין אויך. איך האָב פאַרגעסן די גאַנצע באַגעגעניש מיט אים און זיין ליבע צו מיר. נאָר אָט הער, יוסף, די טעג איז באַלעק אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז ער געקומען מיך זען. כ'ווייס ניט ווער עס האָט אים געגעבן מיין אַדרעס. ער איז אין מיינע יאָרן. מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט און איך האָב אים פּראָסט פּשוט געזאָגט, אַז פון חתונה האָבן מיט אים קען קיין רייד נישט זיין. יוסף — איך האָב באַשלאָסן צו ווערן דיין ווייב כדת משה וישראל! דערפאַר יוסף, האָב איך די גאַנצע צייט דיר נישט געגעבן קיין קלאָרע תשובה אויף אַלע דיינע פאָרשלאָגן. איך האָב פריער געוואָלט זיך דורכריידן מיט באַלעקן...

„באַלעק האָט מיין באַשלוס אויפגענומען מיט פאַרשטענדעניש. איצט בין איך פריי. איך בין פריי, יוסף, און וויל אין אַלעם פריערדיקן פאַרגעסן! איך בין איצט גרייט איינצואָרדענען דאָס לעבן מיט דיר, יוסף. איך האָב זיך שוין צוגעוואוינט צו דיר, און איך וועל טאָן אַלץ זיך צוצופּאַסן צו דיר און צו דיין לעבן. איך וועל זיך באַמיען צו מאַכן אונדזער ביידנס לעבן וואָס שענער. אפשר, יוסף טייערער, וועט די זון אַ שיין טאָן אויף אונדז מיט רחמים..." גאָלדע האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן.

די גאַנצע צייט פון גאָלדעס רעדן האָט יוסף געקוקט אויף איר מיט נייגיר און ליבשאַפט. נאָך אירע לעצטע ווערטער און איר טיפן אָפּזיפצן, האָט יוסף זי, אָן ווערטער, געקושט. עס זיינען געווען קושן פון גליק און פון פרייד...

די חתונה איז פאָרגעקומען אין חודש אויגוסט, 1950. אַ שטילע חתונה, אָן צערעמאָניעס. זיי האָבן אַרויסגענומען די חתונה־לייסענס אין ניו־יאָרקער „סיטי־האָל". עדות צו זייער חתונה זיינען געווען די ניי־געקומענע פריינד, קאַרל און זיין פרוי גערטרודאַ. שמייכלענדיקע, גליקלעכע זיינען יוסף און גאָלדע אַראָפּ מיט די טרעפּ און געזען מחנות טויבן קרייזן אַרום זיי, ווי די טויבן וואָלטן אָנגעפלויגן זיי צו באַגריסן... איינציקווייז האָבן זיך די פלאַטערנדיקע טויבן אַראָפּגעלאָזן אויף די הענט פון דעם ניי־פאַרהייראַטן פּאָרל...

# 46



אַס צוזאַמענלעבן מיט גאָלדען האָט זיך איינגעשטעלט אויף דעם שענסטן־בעסטן אופן. יוסף וואָלט זיך גאָר בעסער ניט געוואונטשן. זיי האָבן זיך אַלץ מער ליב באַקומען פון טאָג צו טאָג. צו זייער מזל האָבן זיי באַקומען אַ שיינע וואוינונג פון דריי צי־מערן, נישט קוקנדיק אויף די שוועריקייטן פון קריגן אַ וואוינונג אין ניו־יאָרק. מרדכי האָט זיך אַריינגעקליבן צו זיי. גאָלדע האָט געפירט דיווירט־שאַפט און יוסף און מרדכי זיינען אין די וואָכנטעג געגאַנגען צו דער אַרבעט. אַזוי האָבן זיך אַלע דריי ווי אַ משפחה געהאַלטן צוזאַמען, אין שטילן גליק און אין פרייד וואָס מען איז צוזאַמען.

מיט דער צייט זיינען גאָלדע און מרדכי אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער סביבה, וואו יוסף האָט טאָג־אויס און טאָג־איין זיך געפונען. די „פאָרווערטס״־געביידע, וואו דער אַרבעטערינג געפינט זיך, איז יוספס צווייטע היים, וואו ער גיט אַוועק זיינע בעסטע פעאיקייטן. יוסף האָט ווידער זיך דער־פילט ווי אַמאָל אין וואַרשע, אַז ער איז צווישן אייגענע. אַרבעטער, פאָלקס־מענטשן קומען אין קאָנטאַקט מיט אים, אויך לערערס און שרייבערס, וועמעס ווערק ער לייענט. ווידער איז יוסף אין דער גייסטיקער סביבה, וואָס אים דוכט זיך אָפט אַז זי איז אַ המשך פון אַמאָל, ווען וואַרשע איז נאָך געווען דאָס יידישע וואַרשע. אָפט, זיצנדיק אין זיין אַרבעטס־צימער, פאַרטראַכט ער זיך אויף די טעג און יאָרן, ווען דער שיקזאַל האָט מיט אים זיך געשפּילט. געווען צייטן, ווען ער האָט געטראַכט אַז צו זיין לעבן קומט אַ סוף. אין אַזעלכע מינוטן איז ער דאַנקבאַר דעם גורל וואָס האָט אים צוזאַמענגעפירט מיט גאָלדען.

יוסף וויל איצט זייער שטאַרק, אַז גאָלדע זאָל זיך אָפּגעבן מיט העכערע ענינים. גאָלדע קען שיין זינגען. זי איז אַ גוטע לערערין, דאָס ווייסט ער אויך. יוסף פאַרלאַנגט פון גאָלדען אַז זי זאָל אויסנוצן איר טאַלאַנט צו זינגען און פאַרבינדן איר לעבן מיטן יידישן ליד, מיט דער יידישער שול. אָבער גאָלדע אַליין וויל נישט דעם טאַלאַנט אירן אויסנוצן פאַר אַ באַ־שעפטיקונג...

יוסף הייבט אָן זי פאַרשטיין. ער ווייסט, אַז איר געמיט איז דערווייל נאָך נישט פאַר דעם. אינגאַנצן רואיק איז זי נאָך אַלץ נישט. נאָך די אַלע איבער־לעבונגען אירע. און ער טראַכט, אַז עס איז בעסער איבערצולאָזן עס צו דער צייט, וואָס האָט די טבע אויסצוהיילן אַלע וואונדן. מיט דער צייט וועט גאָלדע אפשר געפינען איר וועג מיט וואָס אויסצופילן אירע פרייע שעהען מיט מער אינהאַלט און אַזוי אַרום פאַרבינדן איר לעבן פון אַמאָל פון „דאָרטן" מיט דעם „דאָ", מיטן נייעם לאַנד, וואו זי האָט איר היים געפונען.

מרדכי, ווידער, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַן ערלעכער, אינטעלי־גענטער בחור, מיט אַ סאָרט סקעפּטישן הומאָר. ס'רוב אַ שווייגנדיקער, מיט אַ קלוגן קוק אויפן לעבן.

איין מאָל, פאַרנדיק פון דער אַרבעט מיט מרדכין אַהיים, האָט מרדכי פּלוצעם זיך צערעדט גאָר נישט ווי זיין טבע. אָנגעהויבן פון דעם און פון יענעם. יוסף האָט דערפילט אַז עפּעס דריקט אים נאָר ער געפינט נישט קיין ווערטער.

— „אַמעריקע איז אָל־רייט", — האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן, — „נאָר ווי פאַר וועמען".

— „וואָס הייסט ?" — האָט יוסף אים געפרעגט.

— „איך קען זיך דאָ קיין אָרט ניט געפינען", — האָט מרדכי אים געענטפערט. — „איך האָב אַזוי פיל דורכגעלעבט, יוסף, דו ווייסט דערפון. בלייבן דאָרט אויף דער דייטשישער ערד האָב איך נישט געוואָלט. איז גוט וואָס איך בין דאָ אין דעם פרייען לאַנד. אָבער איך טראָג אין האַרצן אַ חוב. און ווייסטו צו וועמען ? צו אַ דייטשיש מיידל, אַ טאָכטער פון אַ פּשוטן דייטשישן פּויער, וואָס האָט מיך ממש געראַטעוועט פון טויט. אויב איך בין געזונט געוואָרן נאָך ליגן וואָכן און חדשים אין שפּיטאָל, האָב איך קיינעם ניט צו פאַרדאַנקען ווי נאָר איר, לאָטי. אַזוי הייסט זי, לאָטי".

מרדכי איז געבליבן שטיל, ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר די אייגענע רייד. ער האָט געוואָלט זען וואָס פאַר אַ ווירקונג זיינע רייד האָבן געמאַכט אויף יוספן. יוסף האָט אים גאָרנישט געזאָגט. אָבער דאָס שווייגן יוספס האָט מרדכין שוין אַלץ געזאָגט. די ערנסטקייט פון יוספס אויסזען איצט,

דאָס קוקן זיינס אויף אים מיט שטוינונג, האָט מרדכין ווי געפרעגט: — „נו, וואָס ווילסטו? דערצייל ווייטער, לאָמיך הערן!"

מרדכי האָט ווייטער גענומען דערציילן, פון צייט צו צייט זיך געהאַלטן אין פאַרענטפערן און נישט געפינען קיין ווערטער, ווי צו דערקלערן זיינע אינערלעכע געפילן. זיי זיינען ביידע געגאַנגען אין די געסלעך פון דער יידישער איסט־סייד, וואָס איז איצט באַוואוינט פון פאַרשיידענע פעלקער: יידן, רוסן, אוקראַינער און די ניי־צוגעקומענע פּאָרטאָריקאַנער. זיי זיינען אַריין אין דעם קליינעם פּאַרק נישט ווייט פון זייער וואוינונג. יוסף האָט אַ זאָג געטאָן:

— „לאָמיר זיך דאָ אַ ווײַלע אַנידערזעצן אויף אַ באַנק. דו האָסט מיך אַזוי צערודערט מיט דער געשיכטע פון דעם דייטשישן מיידל, אַז איך וויל ניט אַרויפגיין אין הויז צו גאָלדען. לאָמיר ווייטער הערן וואָס האָסטו בדעה צו טאָן?"...

מרדכי האָט געוואָרט אויף דעם.

— „גוט", — האָט ער יוספן געענטפערט. — „איך וועל טאַקע נאָך זיצן מיט דיר און שמועסן. כ'בין צערודערט. כ'גיי אַרום ווי ניט אויף דער וועלט. כ'ווייס וואָס עס מיינט פאַר מיר, דעם געליטענעם פון דעם מערדער־פאָלק, אַרומצוגיין טאָג און נאַכט און טראַכטן פון אַ דייטשקע... אָבער וואָס בין איך שולדיק, אַז דער שכל זאָגט מיר איינס, און דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס אַנדערש?"

פון מרדכיס דערציילן האָט זיך יוסף דערוואוסט אַז מרדכי שרייבט זיך דורך מיט דער דייטשישער מיידל לאָטאַ זינט ער איז דאָ; אַז ער טראַכט ערנסט זי צו ברענגען אַהער און מיט איר חתונה האָבן. איר פאָ־טער, דער דייטשישער פויער, פון דעם דאָרף נישט ווייט פון יענעם לאַגער — וואו מרדכי איז געווען, — איז קיין מאָל קיין נאַצי ניט געווען. לאָטי — געוויס נישט! צו יונג איז זי געווען ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און ווען היטלער, ימח שמו, האָט זיך אַ לאָז געטאָן איינצונעמען די וועלט. וואָס זאָל ער טאָן? ער קען קיין רו ניט געפינען". מרדכי האָט אַ בליק געטאָן צו יוספן, וואָס איז געזעסן לעבן אים אַן ערנסטער, אַ שווייגנדיקער.

— „העלף מיר, יוסף, זי אַהערצוברענגען. דאָס איז דער איינציקער וועג, ווי איך וועל קענען געפינען אַביסל רו פאַר מיינע יאָרן ליידן".

יוסף האָט אים גאָרנישט געענטפערט. די ווערטער מרדכיס און די גאַנצע געשיכטע מיט זיין ליבע צו דעם דייטשישן מיידל, האָט יוספן גע־טראָפן ווי אַ דונער.

— „איך פאַרשטיי גאַנץ גוט דיינע געפילן", — האָט יוסף נאָך אַ לאַנגן

שווייגן אים געזאָגט. — „דו ווילסט נישט ווי טאָן אַ מענטשן, וואָס איז דיר געווען איבערגעבן און געטריי און דיר געהאָלפן ווען דו ביסט געווען קראַנק און עלנט. אָבער איך וויל ניט און קען ניט האָבן צו טאָן מיט דעם. כאָטש אַליין בין איך אין קיין דייטשישן לאַגער ניט געווען. מיר האָט אָפּגעגליקט זיך צו ראַטעווען און דורכצומאַכן מיינע יאָרן ליידן אין די סאָוועטיש־אָקופּירטע לענדער. אָבער איך אַליין זאָל העלפן אַ דייטשקע קומען קיין אַמעריקע? מעג זי זיין אַ גוטע דייטשקע... אפשר דאַרף מען ניט משפּטן אַ גאַנץ פאָלק פאַר די זינד פון די מערסטע דייטשן, ס׳קען זיין. אָבער איך וויל אין דעם קיין חלק נישט האָבן!״

מרדכי האָט פאַרשטאַנען אַז יוסף מיינט עס ערנסט מיט זיינע ווערטער. זיי זיינען נאָך אַ ווײַלע געזעסן אין דעם קליינעם פּאַרק. מרדכי האָט געוואָלט גרינגער מאַכן די שטימונג, די ערנסטע פאַרטראַכטקייט, וואָס ער האָט איצט באַמערקט ביי יוספן. ער האָט אַ זאָג געטאָן, ווי פאַר זיך אַליין:

— „נישט אין די־פּי־ניק האָט מיטגענומען זיין דייטשישע געליבטע און מיט איר חתונה געהאַט דאָ אין אַמעריקע, אָדער אין ארץ־ישראל״.

יוסף האָט פון מרדכיס ווערטער אויפגעציטערט. „ווער ווייס?״ — האָט ער געטראַכט, — „עס קען נאָך אים אויסקומען צו הויזן איינאיינעם מיט אַ דייטשקע״... פון דעם געדאַנק אַליין איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

זיי זיינען ביידע שווייגנדיקע אַריין אין שטוב מיט דעם געווייגלעכן העלאָ צו גאָלדען.

# 47




ער ענין לאָטאַ איז געוואָרן די טעמע פון טאָג ביי גאָלדען און יוספן. די בריוו וואָס זיינען אָנגעקומען פון דייטשלאַנד, האָט גאָלדע געהאַלטן אין האַנט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיי. אָפּגעבן דעם ברודער, אָדער אפשר גאָר צערייסן אויף שטיקלעך, ווי איר האַרץ איז צעריסן, ווען זי דערמאָנט זיך וואָס דאָס דאָזיקע היטלער־לאַנד האָט געטאָן צו איר און צו איר פאָלק! איצט איז אַ נייע שרעק זי באַפאַלן. זי וועט פאַרלירן איר ברודער. די דייטשקע וועט קומען און אים אַוועקנעמען. זי האָט מיט מרדכין נישט גערעדט וועגן דעם, נאָר די בריוו פון דער דייטשקע האָט זי צוגענומען און מרדכין נישט אָפּגעגעבן... מער נאָך — זי האָט אַליין אָנגעשריבן אַ בריוו צו לאָטאַס פאָטער און אים געלאָזט וויסן, אַז מרדכי איז קראַנק. זי ראָט דעם פאָטער איבערצריידן מיט דער טאָכטער. זאָל זי אויפהערן צו האָפן ווען עס איז צו קומען קיין אַמעריקע... מער קיין בריוו זיינען נישט אָנגעקומען. קענטיק, אַז אויך מרדכי האָט נישט געשריבן און ביסלעכווייז פאַרגעסן אין זיין ליבע צו דעם דייטשישן מיידל...

עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטיל־פרידלעך משפחה־לעבן אין יוספס הויז. מרדכי האָט געקראָגן אַרבעט אין אַ קליידער־פאַבריק און אָנגעהויבן גוט צו פאַרדינען. אין די אָוונטן האָט מען זיי אַלע דריי, גאָלדען, מרדכין און יוספן געזען ביי די ענגלישע אָוונט־קורסן. זיי האָבן געלערנט די ענג־לישע שפּראַך און זיך באַמיט צו ווערן אַמעריקאַנער בירגער. זיי האָבן מיט חשק געלערנט די געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און זייער באַ־

וואונדערונג פאַר דעם לאַנד איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. מרדכי פלעגט אין די פרייע טעג אָפט פאַרברענגען ביי זיין פריינד קאַרל. ער האָט זיך דאָרט געפילט ווי אַ היימישער, סיי מיט קאַרלן און סיי מיט זיין פרוי גוירטרוד.

די נאָענטע פריינדשאַפט מיט קאַרלן און באַזונדערס מיט גוירטרודן האָט זיך אָבער פאַרענדיקט מיט אַ דראַמאַטישער פּאַסירונג וואָס האָט יוספן היפּש שאָקירט. אויף אַזוינס האָט ער זיך נישט געריכט.

עס איז געווען אין אַ שבת אין דער פרי. מיט אַ מאָל קלינגט דער טע־לעפאָן. מרדכי לויפט צו און יוסף באַמערקט ווי ער ווערט אַלץ אויפגע־רעגטער בעתן געשפּרעך. גערופן האָט גוירטרוד, קאַרלס פרוי. לויט דעם ווי מרדכי האָט געענטפערט, האָבן יוסף און גאָלדע פאַרשטאַנען אַז ס׳איז, ווי מען זאָגט אויף אַמעריקאַנער לשון, „טראָבל״. מרדכי האָט אַ זאָג געטאָן:

— „קום גלייך אַהער, קום צום הויז וואו איך וואוין. איך וועל שטיין אונטן און וואַרטן אויף דיר. דו וועסט קענען זיין דאָ מיט מיר, קום אַהער.״

— „וואָס איז געשען?״ — האָבן יוסף און גאָלדע אין איין קול אַ פרעג געטאָן מרדכין, גלייך נאָך דעם ווי ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס טרייבל פון טעלעפאָן.

אין אַ האַלב־פאַרשעמטן טאָן, כלומרשט רואיק, מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל אָבער אינערלעך היפּש צערודערט, האָט מרדכי דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט גוירטרודן.

— „גוירטרוד פאַרלאָזט איר מאַן״, — האָט ער אָנגעהויבן.

אין האַלבע ווערטער, מיט אַ נישט דרייסטקייט און בושה, האָט מרדכי געלאָזט וויסן, אַז קאַרל האָט זיך דערוואוסט פון זיין גאַר־נאָענטער פריינד־שאַפט וואָס ער האָט לעצטנס מיט גוירטרודן. גוירטרוד איז גרייט פונאַנ־דערצוגיין זיך מיט קאַרלן און קומען אַהער און זיין מיט אים.

— „איך בין צופרידן פון דעם, איך מוז איר העלפן. איך קאָן דאָך גוירטרודן נישט לאָזן אין גאַס״...

פאַרענדיקט די ווערטער איז מרדכי אַראָפּ אונטן אין גאַס באַגעגענען גוירטרודן.

יוסף און גאָלדע זיינען געבליבן זיצן צערודערטע. נאַ דיר אַ נייע צרה! זיי האָבן די אויערן נישט געגלויבט, וואָס דער שטילער מרדכי האָט זיי שעמעוודיקערהייט דערציילט.

— „ס׳איז אַן אמתע הפקרות״, — האָט יוסף ביי זיך געטראַכט, — „און דאָס איז די פינצטערע ירושה, וואָס די נאַציס, ימח שמם, האָבן אונדז געלאָזן.״

אָבער פון מרדכין, דעם שטילן און ערלעכן, פון אים האָט ער דאָס

ניט דערוואַרט. דאָס ליב באַקומען אַ פּאַרהייראַטע פרוי איז אפשר מעג־לעך, אָבער פאַרראַטן אַ פריינד אין וועמעס הויז דו האָסט געפונען אַזוי פיל פריינדשאַפט — דאָס איז אומדערהערט! אפשר איז זי, גוירטרוד, גאָר שולדיק אין אַלעם? געוועזן פריינדשאַפט צווישן די יונגע מענטשן, די ניי־אַריבערגעקומענע. ביי די צוזאַמענקונפטן, ביי די שמחהלעך אַפילו שפּי־לערייען און אַ פלירט פון איין פּאָרל צום אַנדערן. דאָס האָט יוסף אויך געזען. אָבער אַז די דאָזיקע פלירטן זאָלן פירן צו הפקרות און פאַרראַט — דאָס וואָלט ער קיין מאָל זיך ניט פאָרגעשטעלט.

גוירטרוד איז געקומען. יוסף האָט געזען טרערן און געהערט גוירט־רודס ליבע־רייד צו מרדכין און זיינע טרייסטווערטער צו איר. זי איז גרייט דאָ צו פאַרבלייבן. יאָ, גטן קאַרלען און ווערן מרדכיס ווייב. מרדכי זאָגט איר צו, אַז ער וועט טאָן אַלץ זי גליקלעך צו מאַכן.

יוסף און גאָלדע האָבן אָבער די אַלע רייד גאַנץ אַנדערש אויפגענומען. מיט מער ישוב־הדעת. זיי האָבן געזען דערין לייכטזיניקייט און יוגנטלעכע נאַאיוויטעט פון צוויי נישט־דערפאַרענע מענטשן וועמען עס איז באַפאַלן אַ ווילדער שגעון. וואָכן און חדשים האָט גענומען ביז אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען צווישן מרדכין און גוירטרודן. זיי האָבן זיך ביידע אויסגעע־ניכטערט און זיך צוגעהערט צו גאָלדען און יוספן. אַ סך געזונט האָט גאָל־דען און יוספן געקאָסט ביז זיי האָבן געפועלט סיי ביי גוירטרודן, סיי ביי קאַרלען, אַז זיי זאָלן זיך ווידער צוזאַמענקומען. עס איז, נאַטירלעך, שפּעט־טער איבערגעריסן געוואָרן די פריינדשאַפט צווישן יוספס שטוב מיט קאַרלס, כאָטש אין האַרצן איז מען זיך געבליבן פריינד.

מער האָט מרדכי גוירטרודן נישט געזען. געבליבן איז אים אָבער אַ ריס אין האַרצן. דאָס צווייטע מאָל שוין ווי דאָס גליק אַנטלויפט פון אים און ער בלייבט ווידער אַליין. אים איז גוט ביי דער שוועסטער און ביים שוואָגער אין שטוב. אָבער ער בלייבט פאָרט אַליין מיט זיך, מיט זיינע געדאַנקען און רעיונות נאָך אַזוי פיל יאָרליידן. ער פילט זיך אָפט שולדיק קעגן דער שוועסטער און דעם שוואָגער, פאַרן עגמת־נפש וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט — פריער מיט לאָטאַן, דאָס דייטשישע מיידל און איצט מיט גוירטרודן. אָבער וואָס זאָל ער טאָן? ער איז שוואַך. ער איז אַ דורכפאַל אין לעבן. ער איז איינזאַם, אַליין אין דער גרויסער וועלט, וואָס וויל אים קיין טראָפּן גליק נישט געבן. די שוועסטער איז אים גע־טריי, אָבער גליקלעך פון איר געטריישאַפט און פון יוספס פריינדשאַפט איז ער נישט. פאַרקערט, גאָלדעס ליבשאַפט רעגט אים אָפט אויף און דערמאָנט אים אין זיין אומבאַהאָלפענעם כאַראַקטער.

דאָס ביסל פרייע צייט וואָס ער האָט, פילט ער אויס אין לאַנגע שפּאַ־צירן איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק. ער פאַרבערענגט שעהען אין קינעמאַ־טאָגראַף און קומט אַהיים מיט אַ פּוסטקייט אין דער נשמה. דאָס לעבן האָט ביי אים נישט קיין זין... צו וואָס איז ער געבליבן לעבן? די נערוון זיינען ביי אים צעשרויפט. פּוסט ציען זיך אַזוי טעג און חדשים, אָן וועלכן עס איז אינהאַלט אין זיין יונגן לעבן. עס דוכט זיך אים אָפּט, אַז ער איז ניט דער איינציקער. דאָס איז די יידישע יוגנט, וואָס האָט כלומרשט באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון די היטלער־רוצחים, אָבער דעם סם פון טויט האָט דער נאַצי־מערדער איבערגעלאָזן ביי די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן אומעטום, דאָ און אויך דאָרט, אין נייעם ארץ־ישראל, וואו עס גע־פינען זיך אַ סך יוגנטלעכע גליטים ווי ער...

גאָלדע און יוסף זיינען געווען באַזאָרגט וועגן מרדכין.

— „ער האָט נאָך קיין איינציקע מינוט פרייד ניט געהאַט אין זיין גאַנצן לעבן", — פלעגט גאָלדע אין דער שטיל אַ זיפץ טאָן פאַר יוספן. און עס איז געווען אַ שטיק אמת אין גאָלדעס רייד. ווייל פון קליינערהייט אָן האָט מרדכי געאַרבעט און געהאָלפן אין הויז. שפּעטער ווען דאָס גרויסע אומגליק איז געשען זיינען אַלע יסורים און פּיינען פון דער וועלט געקומען אויף אים. אמת, ער איז ניט דער איינציקער. ס'רוב יוגנטלעכע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם גיהנום, האָבן כמעט דאָס זעלבע איבער־געלעבט וואָס ער. גאָלדע האָט איצט געהאַט איין איינציקן וואונטש — זען חתונה צו מאַכן מרדכין מיט אַן אָנשטענדיק פיינע יידישע טאָכטער. יוסף האָט איר צוגעזאָגט צו העלפן אין דעם.



# 48



 אַרטאַן אין אַרבעט, איז יוספּס לעבן געווען אַ פּריד־ליכס. די טעג און חדשים זיינען געלאָפן. גאָלדע האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן הויז, מיט דער באַלעבאַטיש־קייט און ליב באַקומען די היים, וואָס יוסף האָט איר געגעבן; די היים און דאָס געפּיל פון אייגנס. זומער־צייט פלעגן יוסף און גאָלדע פאַרברענגען ביים ים, אין ברייטאָן ביטש, אין קוני־איילענד אָדער גאָר אויף דער פאַרם אין בעלמאַר, נ. דזש., וואו רוזשקע, זיין פּלימעניצע, די טאָכטער פון זיין שוועסטער חנה מיט איר מאַן, וועלוול, האָבן געוואוינט. רוזשקע און וועלוול האָבן פאַר דער צייט פון זייער זיין דאָ זיך דערשלאָגן צו אַ תכלית. די הינער־פאַרם האָט זיי געגעבן פּרנסה. יוסף האָט אַ סך נחת געהאַט יעדן מאָל ווען ער איז געפאָרן צו זיין פּלימעניצע אויפן פאַרם. באַזונדערס ליב זיינען אים געווען די וויזיטן קיין בעלמאַר צוליב די צוויי גערעאַטענע קינדערלעך זייערע — רחלע און גיטעלע.ביידע האָבן זיי געהייסן נאָך יוספּס באָבען און דער מאַמען. רוזשקעס ברודער, זלמן, וואָס רופט זיך איצט זיגמונד, האָט זיך דאָ אויך דערשלאָגן צו אַ גאַנץ בכבודיקער פּרנסה. אין דעם האָט אים זיין שוואָגער וועלוול גע־האָלפן.

זלמן איז ערגעץ אין ברוקלין געוואָרן אַ קרעמער פון אייער. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיידל מיטן נאָמען שוירלי, אַ טאָכטער פון אַ יידישער אַר־בעטער־פאַמיליע אין ברוקלין. שוירלי איז אַ געבוירענע דאָ הי, אָבער זי רעדט אַ גוטן יידיש. זי איז בכלל אַ גערעאַטענע מיט אַ סך מעלות און דערביי אַזאַ פּשוטע און פריינדלעכע. נאָך אַ קורצער צייט פון קענען זיך

און פאַרברענגען אין דער פרייער צייט, האָבן זיי זיך פאַרליבט איינס אין אַנדערן און באַשלאָסן חתונה צו האָבן. יוסף און גאָלדע זיינען געווען אויף דער חתונה, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אויפן שענסטן יידיש־אַמעריקאַנישן שטייגער אין איינער פון די רייכסטע שוהלן אין ברוקלין. דער חזן, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פראַק מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ, באַגלייט פון יונגע בחורים, אין יום־טובדיקע קליידער. שוירלי, די כלה, אין איר ווייס־זיידן חופּה־קלייד האָט געשיינט ווי זיבן זונען. זי האָט געטראָגן אַ שלייער און די לאַנגע שלעפּע פון איר קלייד האָבן קליינע מיידעלעך געטראָגן און זי באַגלייט אַרויף צו דער בימה. דאָס בילד איז געווען שיין פאַרן אויג. ,

ביי יוספן און גאָלדען איז די דאָזיקע רייכע חתונה געווען די ערשטע, וואָס זיי האָבן בייגעוואוינט דאָ הי. ס׳איז פאַר זיי געווען אַ גרויסער חידוש, וואָס דער פאָטער פון דער כלה ,אַ יידישער אַרבעטער, אַ בעקער ביים פאַך, זאָל זיך קענען דערלויבן צו פּראַווען די חתונה פון זיין טאָכטער שוירלי אויף אַזאַ רייכן און אימפּאָזאַנטן שטייגער. מ׳האָט געהערט געזאַנג פון אַ מיידל, אַ זינגערין מיט אַ פיינער שטים. זי האָט געזונגען ספּעציעלע חתונה־לידער אין ענגליש. דער ראַביי האָט געזאָגט די ברכות און געמאַכט אַן „אל מלא רחמים״ נאָך די אומגעקומענע קרובים פונעם חתן. זלמן איז געשטאַנען מיט אויגן פול טרערן לעבן זיין וויינענדיקער שוועסטער רוזשקע און דעם שוואָגער וועלוול, וואָס האָבן זיך דאָ אונטער זלמנס חופּה דערמאָנט אָן דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיי, און אַלע יידן, געטראָפן! פרייד און טרויער האָבן זיך אויסגעמישט. טרערן פון צער און פון פרייד, פרייד פון די, וועמען עס איז דאָך באַשערט געווען צו בלייבן לעבן און געפינען גליק אין דעם נייעם און פרייען לאַנד אַמעריקע. אין מיטן דעם געוויין פונעם חתן און פון דער שוועסטער רוזשקע און שוואָגער וועלוול און די פריינד, אין מיטן דעם ראַביים תפילות, איז זלמן, דער חתן, פּלוצעם געפאַלן אין חלשות. מען האָט אים אָפּגעמונטערט און די צערעמאָניע איז ווייטער אָנגעגאַנגען. ער האָט אַ שוואַכער, אַ בלאַסער געזאָגט דעם „הרי־את״, און זיך דערקוויקט מיטן ביסל ווייַן, וואָס דער ראַביי האָט אים דערלאַנגט.

זלמן האָט שפּעטער דערציילט, אַז ער האָט, שטייענדיק אונטער דער חופּה פּלוצעם דערזען, ווי לעבעדיקע, די געשטאַלטן פון זיין טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען אין זייערע בליענדיקסטע יאָרן געפּירט געוואָרן פון די נאַצי־מערדער קיין טרעבלינקע! טאַטע־מאַמע האָבן מיט אַ גליקלעכן שמייכל געקוקט אויף אים און געוואונטשן מזל־טוב:

— „מזל־טוב, מיין קינד, מזל טוב, מיין קינד!״ — האָט ער געהערט

קלאָר און דייטלעך דער מאַמעס קול און דעם טאַטנס ברכות, און אַז ער האָט פאַרמאַכט די אויגן איז ער ווי איינגעשלאָפן אונטער דער חופּה. עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי ער הערט דעם רויש פון מלאכים־פליגלען איבער זיין קאָפּ.

דאָס אַלץ האָט זלמן דערציילט מיט אַן אומעטיקן שמייכל, זיצנדיק ביים טיש מיט דער כלה ביי דעם חתונה־מאָלצייט אין דעם רייכן אויסגעפּוצטן זאַל.

יוסף טראָגט אין האַרצן אַ ליבשאַפט צו זיין פאַרבליבענער משפחה, וואָס האָט זיך דאָ געראַטעוועט. ער טוליעט זיך צו זיי און ער האָפט עס זאָל זיי גוט זיין. ער פרייט זיך מיט די ניי־געבוירענע קינדער, מיט די נייע דורות וואָס קומען. אין יעדן קינד דאָ זעט ער דעם „נצח ישראל״, טראָץ דעם גרויסן חורבן. אויך אין זלמנס יינגעלע, וואָס שוירלי האָט אים שפּעטער געבוירן, און וואָס טראָגט דעם נאָמען פון זלמנס פאָטער, מאַטיס, זעט יוסף דעם פּוילישן ייד פון וואַרשע וואָס שטייט אויף צום לעבן דאָ, — אין דעם לאַנד פון פרייהייט!

נישט בלויז די היגע קרובים זיינען אים ליב, אויך וועגן די קרובים, וואָס געפינען זיך אין מדינת ישראל, טראַכט ער אָפט און בענקט זיי צו זען. יוסף חלומט אָפט צו פאָרן קיין מדינת־ישראל, כדי זיך צו זען מיט די רעשטלעך פון זיין משפּחה, וואָס לעבן דאָרט אין דער יידישער מדינה.



# 49



גאַנצע צייט האָט גאָלדע ניט גערוט און געוואָלט אַז איר ברודער זאָל זיך איינאָרדענען, חתונה האָבן און אויפשטעלן פאַר זיך אַ היים. מיט דער הילף פון איר פריינדין, מינאַ, אויך אַן אַריבערגע־קומענע, האָט גאָלדע געזען אַז מרדכי זאָל זיך באַ־קענען מיט דער יונגער פלאָרענס, מינאַס אַ שכנה, וואָס וואוינט מיט מינאַן אין איין הויז, ערגעץ אין דער וועסט־סייד, אין די זעכציקער גאַסן, לעבן בראָדוועי.

פלאָרענס איז עלטער פון מרדכין מיט אַ צוויי־דריי יאָר. אָבער אין אויס־זען זעט זי אויס יינגער פון אים. זי איז אַ הײַ־סקול לערערין און ווערט פאַררעכנט צווישן די אָנגעזעענע לערערינס. זי איז אויך מרדכין גע־פעלן געוועזן. ער האָט גערעדט וועגן איר מיט ליבשאַפט און געהאָפט אין גיכן חתונה האָבן מיט איר. מרדכי האָט פלאָרענסן געבראַכט צו גאַסט און זי באַקענט מיט יוספן און גאָלדען: זי האָט געמאַכט דעם געוואונטשטן איינדרוק. עס האָט אויסגעזען אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן גוט.

אָבער ווידער האָט אַ כמאַרע פון צווייפלען און אומרו זיך אַרייננגע־ריסן אין יוספס שטוב. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פלאָרענס איז פאַר־בונדן מיט דער היגער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין אירע רייד און איר נעגאַטיווע באַמערקונגען וועגן אַלץ וואָס איז אַמעריקאַניש אָדער עכט יידיש, האָט יוסף עס גלייך דערקענט. יוסף האָט קיין גוטס נישט געזען אין דעם צוקונפטיקן צוזאַמענלעבן פון מרדכי און פלאָרענס. ער, אַן אַרבעטער. אַ שניידער, און זי — אַ הייסקול לערערין. דערצו שמעקט איר סימפּאַטיע

צום קאָמוניזם מיט געפּאַר. יוסף איז אַנגעשראָקן נישט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַר מרדכין. ער איז אַ נאַר־וואָס איינגעוואַנדערטער. ער איז פון די די־פּי־קעמפּס אין דייטשלאַנד. ער שרעקט זיך אויך פאַר גאָלדעס גורל, וואָס איז אויך נישט לאַנג אין לאַנד.

„ווער ווייס", — האָט יוסף געטראַכט, — „וואָס פאַר אַ צרות עס קען זיך נאָך מאַכן פון אָט דעם שידוך מיט פלאָרענסן. די שטימונג אין יוספס הויז איז געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. זאָגן וואָס ער און גאָלדע טראַכטן און וואָרענען מרדכין באַצייטנס האָט ער נישט געקענט. וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער צו שטערן יענעמס לעבן?

האָט יוסף געוואַרט צו זען וואָס די צייט וועט ברענגען.

מרדכי איז איין מאָל אַהיימגעקומען פון אַ באַזוך ביי פלאָרענסן אין שטוב. ער איז געווען נערוועז, ווי עפּעס נישט קיין גוטס האָט אים ערגעץ־וואו געטראָפן. אויף גאָלדעס פראַגע: — „וואָס איז דיר היינט, מרדכי, וואָס דו קוקסט אויס אַזוי פינצטער?" האָט מרדכי געגומען דערציילן, אַז פלאָרענס איז גוט פאַרקאָכט אין דעם ענין „קאָמוניסטישע־לערערס", וואָס די רעגי־רונג האַלט אין איין אַרומזוכן און, אַז אַ ליאַדע טאָג דערוואַרט פלאָרענס, אַז מ'זאָל זי רופן אויף אַ פאַרהער צו דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וואָס זוכט אַרום קאָמוניסטן אין די שטאָטישע סקולס.

— „אוי, ביטער," — האָט גאָלדע אַ געשריי געטאָן, — „דו ברענגסט אויף זיך אַן אומגליק, מרדכי!"

— „איך ווייס עס, איך ווייס עס", — האָט מרדכי געענטפערט, — „אָבער וואָס טוט מען? זי געפעלט דאָך מיר. און איך קען דאָך ניט מיר־ניט, דיר־ניט איבעררייסן מיט איר".

דערשראָקענע, פאַרטאָן אין אומעטיקע געדאַנקען האָבן אַלע דריי יענע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן.

„וואָס פאַר אַ ווייסטער מזל גייט מיר נאָך", האָט גאָלדע געטראַכט, ליגנדיק אין דער פינצטער אויף איר געלעגער. ענלעכע געדאַנקען זיינען אויך יוספן באַפאַלן.

צומאָרגנס, שבת אין דער פרי, האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן צו דער שוועסטער:

— „גאָלדע, מאַך נישט פאַר מיר קיין פרישטיק. איך גיי אַוועק זוכן אַ וואוינונג. איך ציי זיך אַרויס פון דאַנען. איך קען דאָ מער ניט בלייבן".

אויף אַזאַ גוט־מאָרגן האָט זיך גאָלדע ניט געריכט. דאָ האָט יוסף זיך שוין ניט געקענט מער איינהאַלטן און מיט כעס אַ זאָג געטאָן:

— „ווילסטו אַוועקגיין, גוט, גיי זיך. מיר וואָלטן ניט געווען קעגן דעם,

אַז דו זאָלסט וואוינען פאַר זיך. אָבער האָסטו אַ רעכט עס צו טאָן אויף אַזאַ מין אופן? — „מאַך מיר נישט קיין פרישטיק!“ — וואָס איז דאָס? קיין שום עולה איז דיר אין אונדזער שטוב ניט געשען. וואָס זשע וואַרפסטו זיך אַזוי? גוט, גיי! איצט, ווען דו וואָלסט אַפילו געוואָלט בלייבן, וויל איך עס נישט.“

מרדכי איז אַוועק אַ שווייגנדיקער. קענטיק ער האָט גלייך חרטה גע־קראָגן אויף זיין אופן פון אַרויסציען זיך. גאָלדע האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. זי האָט געהאַט טענות צו יוספן, אַז ער האָט אַזוי נישט געדאַרפט רעדן צו מרדכין, איר איינציקן ברודער, איר איינציק בלוט און פלייש וואָס זי האָט דאָ אין פרעמדן לאַנד.

אין אָוונט איז מרדכי געקומען צוריק. ער האָט געטראָפן די שוועסטער אַן אומעטיקע מיט פאַרוויינטע אויגן און יוספן אַ פאַרטועטעם אין לייענען. ער האָט דערשמעקט, אַז ביידע האָבן זיך דאָ צעווערטלט איבער אים. ער האָט גאָרניט געזאָגט.

עס האָט נאָך גענומען אַ פּאָר וואָכן, אָבער לסוף האָט מרדכי פאַרלאָזן די דריי צימערלעך אין די צוואַנציקער גאַסן וואו יוסף און גאָלדע האָבן פאַר אים געהאַט אַ וויכן געלעגער און אַ מאָלצייט, און ליבשאַפט און זאָרג וועגן זיין לעבן. ער האָט דאָס אַלץ אָפּגעשטויסן און געוואָלט זיין מיט זיך אַליין; טראַכטן און איבערטראַכטן זיין נישט איינגעגעבן לעבן; די איינ־זאַמקייט, וואָס ער פילט צווישן מענטשן. אפשר וועט ער קענען זיין כאַ־ראַקטער איבערמאַכן, ענדערן און ווערן אַביסל זעלבסטשטענדיקער. די ליבע פון זיין שוועסטער, האָט ער געטראַכט ביי זיך, איז אפשר גאָר נישט קיין טובה פאַר אים. איר געטריישאַפט מאַכט אים קינדישער און אומבאַ־האָלפענער. ער מוז זיין מיט זיך אַליין. ער האָט געפונען אַ וואוינונג ערגעץ אויף בראָדוועי, אין די זיבעציקער גאַסן. ער פלעגט פון צייט צו צייט באַ־זוכן יוספן און גאָלדען. אָבער גאָרניט דערציילט פון זיך, און צי ער האָט איבערגעריסן מיט פלאָרענסן אָדער נישט: ביידע האָבן מורא געהאַט אים צו פרעגן, טאָמער ווערט ער אינגאַנצן ברוגז און ער וועט קיין מאָל מער ניט קומען זיי זען. נאָר געפילט האָבן זיי, אַז ווידער איז אַ ליבע צע־שטערט געוואָרן און ווידער איז מרדכי אַליין אין דער וועלט...

# 50



ון זינט מרדכיס אַוועקגיין פון יוספס שטוב איז די שטימונג ביי גאָלדען געוואָרן אַן אַנדערע. אויך יוסף האָט געבענקט נאָך מרדכין. ער האָט אים געפעלט אין די אָוונטן. ער האָט געזען אין גאָלדעס ברודער אַ שטיק אַנלען, אַז זיין לעבן מיט גאָלדען זאָל זיין אין פרידלעכער האַרמאָניע. ער האָט געוואוסט, אַז ווען מרדכי איז דאָ איז גאָלדע מער אויפגעלייגט, זי איז מער פריילעך, און אירע טרויעריקע געדאַנקען, וואָס באַפאַלן זי אָפט אין די פאַרנאַכטן, לייטערן זיך אויס, ווי באַלד זי דערזעט דעם ברודער פאַר די אויגן... אַז זי דערלאַנגט דאָס עסן צום טיש, פאַר יוספן און מרדכין, און זי זעט ווי דער ברודער אירער עסט מיט אַפעטיט, קומט איר צו אַ שטיק געזונט. זי פאַרגעסט אין אירע פינצטערע מחשבות, וואָס לאָזן זי נישט אָפּ, זינט זי איז אַרויס פון די לאַגערן. יעדן טאָג אַזוי. אָבער איצט איז גאָלדען ווידער באַפאַלן אַן אומעט פון וועלכן זי קען זיך ניט באַפרייען. צייט צו טראַכטן האָט זי. צופיל אַרבעט האָט זי נישט אין שטוב. זינט מרדכי האָט זיך אַרויסגעקליבן ווערט זי שנעל פאַרטיק מיט דער שטוב־אַרבעט. זי שטעלט אָן די ראַדיאָ און אין די אָוונטן די טעלעוויזיע, אָבער קיין פרייד גיבן איר ניט די אַלע פּראָגראַמען. זי הייסט יוספן אָפּשטעלן די טעלעוויזיע און זי וויל בעסער רעדן, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, אפשר וועט איר גרינגער ווערן. אָבער עס ווערט איר ניט גרינגער. וואָס מער יוסף רעדט צו איר און בעט זיך ביי איר, אַז זי זאָל אַ גאַנצן טאָג אין שטוב אַליין נישט זיצן, נאָר בעסער אַרויסגיין, זיך אָפּגעבן מיט עפּעס־וואָס אַ גייסטיקע אַרבעט; זאָל זי זיך לערנען מוזיק, שטודירן געזאַנג, און אַנטוויקלען איר מוזיקאַלישן טאַלאַנט וואָס זי האָט. אָבער וואָס מער יוסף האַלט זי אין איין קאָמפּלימענטירן, אַלץ נערוועזער ווערט זי. זי האָט נישט קיין אמונה אין זיינע רייד.

„ער וויל מיר איינרעדן, כדי איך זאָל פילן בעסער".

זי טוט אַ זאָג: — „איך האָב דיך אָבער געוואָרנט, יוסף, אַז ס'וועט זיין ביטער מיט מיר. געדענקסט?"

זי קריגט פּלוצעם גרויס רחמנות אויף יוסף. וואָס איז ער שולדיק אַז זי איז נערוועז, אַז זי איז צעשרויפט פון די יאָרן אין די לאַגערן און קען פאַר זיך קיין רגע רו ניט געפינען? וואָס איז ער שולדיק, טראַכט גאָלדע, קוקנדיק אויף אים, אויף זיין אומעטיק־פאַרזאָרגט פּנים, אין די פאַרטרויערטע אויגן זיינע, וואָס קוקן אויף איר מיט מיטלייד און רחמנות?...

— „גוט, גוט", — זאָגט יוסף — „ווילסט ניט זינגען, זע, קריג אַרבעט ערגעץ אין אַ קולטור־אינסטיטוציע. איך קען עס לייכט פאַר דיר קריגן. אפשר וועט די אַרבעט אַלס סעקרעטאַרין דיר העלפן פאַרגעסן די אַלע טרויעריקע איבערלעבונגען און דיר געבן אַ נייעם אינהאַלט אין דיין לעבן. פאָלג מיך, גאָלדע, הער זיך צו צו מיר".

— „לאָז מיך אָפּ מיט דיינע פאָרשלאָגן, יוסף. דו ערגערסט מיר בלויז מיט דיינע רייד".

יוסף איז געבליבן שטיל. אַ שטילקייט האָט געהערשט איצט אין דעם צימער וואו זיי זיינען ביידע געזעסן. גאָלדע האָט געפילט אַז זי האָט יוספן ניט געדאַרפט ווי טאָן. אָבער ס'איז שוין געווען פאַרפאַלן. עס רייסן זיך אַרויס פון איר מויל אַזעלכע ווערטער, וואָס זי וויל זיי גאָרנישט זאָגן. נאָר זיי זאָגן זיך אַליין. זי איז חלילה נישט אומגליקלעך מיט יוספן. „ער איז גוט צו מיר", — טראַכט זי — „נאָר די פינצטערע שטימונגען וואָס באַפאַלן מיך כסדר, ווי אַ נישט גוטער וואָלט געווען אין מיר און מיך געשטופּט צו רעדן און אים, יוספן, ווי טאָן...

יוסף האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— „גאָלדע, עס איז נישט גוט. איך — ווי איך, איך האָב שוין באַלד נישט וואָס צו פאַרלירן. מיינע יאָרן זיינען שוין באַלד געשענקטע... נו, האָב איך נישט געטראָפן! אויב איך קען ניט ווירקן אויף דיר זאָלסט זיך באַרואיקן און זען זיך פילן גליקלעך — איז פאַרפאַלן. אָבער דו, גאָלדע טייערע, ביסט נאָך יונג. טאָמער ווילסטו זיך באַפרייען פון מיר, — איז ביטע, וואָס פריער אַלץ בעסער. איך וויל דיר עפּעס זאָגן, גאָלדע, הער".

— „שווייג, יוסף! שוויג און רעד נישט אַזוי!" — האָט גאָלדע אַ געשריי געטאָן נישט מיט איר קול, און זי האָט זיך צעוויינט היסטעריש, פאַלנדיק אים אויפן האַלדז און אים גענומען קושן וויינענדיק מיט הייסע טרערן. יוסף האָט געפילט אַז עס ווערט איר גרינגער נאָכן אויסוויינען זיך. יענע נאַכט זיינען זיי ביידע געשלאָפן מיט אַ שטאַרקן שלאָף ביז שפּעט אין דער פרי. צומאָרגנס איז יוסף אַוועק שפּעט צו זיין באַשעפטיקונג:

# 51



רדכי פלעגט יעדן זונטיק קומען עסן מיטאָג ביי גאָלדען און פאַרברענגען אַ פּאָר שעה. לאַנג פאַר־האַלטן האָט אים גאָלדע נישט געקענט. און יוסף פלעגט אים גאַרנישט זאָגן, ער האָט אים אויפגע־נומען פריינדלעך, געפרעגט וואָס ער מאַכט, אָבער צופיל אַריינלאָזן זיך מיט אים אין אַ שמועס — דאָס ניט. ער האָט געפילט, אַז ער האָט קיין שום רעכט נישט צו מישן זיך אין זיין פּריוואַטן לעבן. דערצו האָט יוסף מורא געהאַט, טאָמער כאַפּט ער זיך ווידער אַרויס מיט אַן איבעריק וואָרט וואָס וועט גאָלדען ווי טאָן, און ער האָט דאָס גע־וואָלט אויסמיידן. ער איז געזעסן און געקוקט אויף מרדכין ווי ער עסט און באַמערקט אַ בלייכקייט אין מרדכיס פּנים. גאָלדע האָט דאָס אויך באַמערקט.

— „זע ווי דו קוקסט אויס", — האָט גאָלדע אַ זאָג געטאָן. — „ביסט דאָך אינגאַנצן געענדערט אין דיין אויסזען. איך בעט דיך, — האָט גאָלדע מיט טרערן אין די אויגן גערעדט, — „מרדכי, וואוין זיך באַזונדער, אָבער קום אַהער עסן וועטשערע יעדן טאָג ווי פריער".

דאָס מאָל האָט מרדכי איינגעזען אַז די שוועסטער זיינע איז גערעכט. דאָס עסן אין די רעסטאָראַנען טוט אים נישט קיין גוטס. ער האָט איינגע־שטימט. עס איז אָבער געווען שווער דאָס פאָרן היין און צוריק פון דער אַרבעט צו יוסֿפן און דערנאָך צוריק אַהיים אויף בראָדוועי. האָט ער גע־דונגען אַ צימער ניט ווייט פון יוסֿפס וואוינונג. אָבער דער שלעכטער אויסזען מרדכיס האָט זיך נישט געענדערט צום גוטן. די גוטע עסנס גאָלדעס האָבן גאָר נישט געהאָלפן. און גאָלדע האָט גענומען זאָרגן און גע־

האַלטן אין איין רעדן יעדן אָוונט, אַז ער זאָל צוגיין צו אַ דאָקטאָר זיך אונ־טערזוכן. מרדכי קענטיק אַליין געפילט אַז זיין געזונטצושטאַנד איז נישט מיט אַלעמען. ער פילט לעצטנס אַ ווייטיק אין רוקן. אויך די אַרבעט אין שאַפּ ווערט אים פון טאָג צו טאָג שווערער. איז ער אַוועק מיט אַ קאַרטל אין דעם גרויסן קליניק פון דער יוניאָן אויף אַן אַלגעמיינער אונטערזוכונג.

צומאָרגנס ווען יוסף איז נאָך געווען אין קאָנטאָר ביי דער אַרבעט, האָט אים גאָלדע טעלעפאָנירט. מיט אַ וויינענדיקער שטים האָט זי אים דערציילט, אַז מרדכי איז אין שטוב. דער דאָקטאָר האָט געשיקט נאָך אים נאָכן דורכקוקן דעם עקס־רעי פילם, און אים אָנגעזאָגט גלייך אויפצוהערן אַרבעטן און אַז ער מוז אויף אַ קורצער צייט זיין אין שפּיטאָל.

— „וואָס זאָגט דער עקס־רעי?" — האָט יוסף אַ דערשראָקענער גע־פרעגט.

דאָ איז מרדכי אַליין צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און דערקלערט יוספן, אַז אויף זיכער ווייסט דער דאָקטאָר נאָך ניט, נאָר ס'איז וואַרשיינלעך די לונגען. אַ לייכטער אָנגריף פון „טי־בי", וואָס מ'קען איצט אויסהיילן אינ־גאַנצן, אָבער ער מוז זיין אין שפּיטאָל אַ שיינע פּאָר וואָכן און שפּעטער אפשר אין אַ סאַנאַטאָריע.

אַזוי איז געווען. באַגלייט פון זיין פריינדין פלאָרענס און פון גאָלדען איז מרדכי נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועק אין שטאָטישן שפּיטאָל. דאָרט, אין שפּיטאָל האָט מען אים געלאָזט וויסן, אַז ער זאָל זיך נישט שרעקן. עס איז „טי־בי" ווי דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, נאָר אין אַ לייכטער פאָרם און מען וועט אים געזונט מאַכן. ער דאַרף זיך ניט אויפרעגן און זיך ניט שרעקן. ער וועט געזונט ווערן...

יוספס שטוב איז פול געוואָרן מיט זאָרג וועגן מרדכין. די באַציאונג צווישן יוספן און גאָלדען האָט זיך אינגאַנצן געענדערט צום גוטן. מרדכיס קראַנקהייט האָטביידן צוזאַמענגעבראַכט נאָך אין אַ גרעסערער נאָענטקייט ווי עס איז געווען פריער. יוספס זאָרג וועגן איר געזונט, דאָס כסדרדיקע טרייסטן אַז זי זאָל אַזוי פיל נישט זאָרגן, האָט געווירקט אויף גאָלדען און זי האָט איצט פאַר זיך געזען אין יוספן דעם איינציקן געטרייען מענטשן, וואָס זי האָט אין דער וועלט. באַזונדערס נאָך דעם ווי יוסף האָט זיך באַמיט דורכן אַרבעטער־רינג, אַז מרדכי זאָל קענען אָנקומען אין דעם אַרבע־טער־רינג סאַנאַטאָריום אין ליבערטי. דאָרט אין ליבערטי האָט זיך טאַקע דער געזונט־צושטאַנד פון מרדכין היפּש פאַרבעסערט. גאָלדע פלעגט צו־ריקקומען פון איר באַזוך ביים ברודער אין אַ בעסערער שטימונג. אַ פריי־לעכע פלעגט זי דערציילן יוספן ווי גוט מרדכי זעט אויס און אַז די

דאָקטוירים דאָרט זאָגן, אַז גאָר אין גיכן וועט ער פולשטענדיק געזונט ווערן. די מעדיצינישע וויסנשאַפט טוט איצט אויף וואונדער ביים היילן די טי. בי. קראַנקע.

גאָלדע פלעגט יעדע צוויי וואָכן פאָרן קיין ליבערטי צו איר ברודער, און זי פלעגט ברענגען יוספן האַרציקע גרוסן פון אים און אַ דאַנקבאַר־קייט, וואָס מ׳קען ניט אויסדריקן אין ווערטער. יוספס געטריישאַפט צו איר ברודער און צו איר האָט זיך ערשט איצט אַרויסגעוויזן. עס איז ניט געווען קיין טאָג, אַז יוסף זאָל ניט דערמאָנען מרדכין און רעדן וועגן אים. ער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן און אַ געפיל פון חרטה האָט אים אַרומגענומען ווען ער האָט זיך דערמאָנט זיינע שאַרפע ווערטער צו אים יענעם שבת אין דער פרי, ווען ער האָט מרדכין געהייסן פאַרלאָזן די שטוב. „קען זיין״, — האָט יוסף געטראַכט, — „ווען ער וואָלט נישט גערעדט צו אים מיט אַזאַ כעס, אפשר וואָלט דאָס אומגליק מיט זיין קראַנק ווערן נישט געקומען...

גאָלדע, וואָס האָט זיך שוין געהאַט געגרייט און זיך געלערנט צו זיין אַ טייפּיסטין אויף אַ יידישער שרייב־מאַשין, כדי צו קריגן אַ שטעלע ערגעץ אין אַ יידיש־געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע, — האָט איצט, צוליב מרדכיס קראַנק־ווערן, איבערגעריסן דאָס לערנען. זי פלעגט טאָג און נאַכט וויינען אויפן גורל פון איר ברודער. אַזאַ געטריישאַפט, אַזאַ ליבע צו אַ ברודער ווי גאָלדע האָט אַרויסגעוויזן, איז יוספן פאָרגעקומען איבערנאַ־טירלעך און ער האָט מורא געהאַט, אַז גאָלדע זאָל נישט צוזאַמענברעכן.

יוסף האָט יעדע פרייע מינוט זי געהיט און זי געטרייסט מיט די האַר־ציקסטע ווערטער. דאָס האָט געווירקט און גאָלדע האָט אויך אין האַרצן אַנגעהויבן פילן אַ ליבשאַפט צו יוספן ווי קיין מאָל ניט פריער.

פלאָרענס איז ביסלעכווייז אָפּגעפרעמדט געוואָרן. זי איז אויפן גאַנצן זומער גאָר אַוועק קיין אייראָפּע, ווען זי איז אין האַרבסט צוריק געקומען, האָט זי כלומרשט אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן, זיך נאָכגעפרעגט וואָס מרדכי מאַכט. ביסלעכווייז האָט מען פון איר מער ניט געהערט.

עס איז געקומען די צייט ווען מרדכי האָט באַדאַרפט פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע. זיין געזונט צושטאַנד האָט זיך היפש פאַרבעסערט און די דאָקטוירים האָבן אים דערקלערט, אַז ער מעג שוין צוריקפאָרן אין שטאָט. כאָטש אַ צייט לאַנג דאַרף ער רוען און בשום אופן נישט צוריק־גיין צו דער אַרבעט, און מוז נאָך פון צייט צו צייט זיין אונטערן אויפ־זיכט פון אַ דאָקטער.

די פרייד ביי יוספן אין שטוב איז געווען אין לשער, ווען מרדכי

האָט אָפּגערופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן אַז ער קומט צוזאָרגנס אַהיים. די קלײנע װאױנונג יוספֿס האָט מרדכין אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס. זײַן אַהײמ־קומען איז געװען אַ יום־טוב פֿאַר גאָלדען, פֿאַר יוספֿן און פֿאַר אַלע זײַנע פֿרײַנד.

יוסף האָט צוליב דער געלעגנהײט פֿון מרדכיס אַהײמקומען זיך באַ־מיט אײן זעלבן הויז צו קריגן אַ גרעסערע דירה, גאָלדע האָט געשטראַלט פֿון פֿרײד, װען זײ האָבן זיך איבערגעצויגן.

גאָלדע האָט מיט אַ באַנײטן חשק געזוכט אַ באַשעפֿטיקונג און צו איר מזל האָט זי עס גלײַך באַקומען. זי האָט אָבער געהאַט גענוג פֿרײַע צײַט זיך אָפּצוגעבן מיט איר ברודער, אים געקעכלט און געטאָן אַלץ, װאָס אַ מענטש איז בכח צו טאָן, אַז ער זאָל פֿאַרגעסן אין זײַן קראַנקהײט און זען אַלץ מער צוריקצוקומען צו די כחות. גאָלדע איז פֿאַר מרדכין געװען אי אַ שװעסטער אי אַ מאַמע. „אַזאַ געטרײַשאַפֿט פֿון אַ שװעסטער צו אַ ברודער“, — האָט יוסף געטראַכט, — „איז נאָך ניט געװען“.

און כאָטש די געטרײַשאַפֿט פֿון זײַן שװעסטער איז אים אָפֿט שװער, און טײלמאָל איבערדריסיק, — פֿילט זיך מרדכי פֿונדעסטװעגן גוט אין יוספֿס שטוב. דאָ נעבן גאָלדען און יוספֿן פֿילט ער איצט זײַן אמתע היים.



# 52



אַס לעבן יוספס איז איצט מער־ווינציקער אַן גרויסער פרייד, אָבער אויך אַן קאָנפליקטן און אַן שום דראַמאַטישע צוזאַמענשטויסן. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטיל און פרידלעך לעבן אין זיין שטוב. גאָלדעס געמיט איז מיט איר ברודערס צוריקקומען געוואָרן רואיקער. אַלע דריי זיינען באַשעפטיקט. אין די שבתים און אין די זונטיקס זעט מען זיך מיט פריינד, וואָס קומען זיי באַזוכן. אַ מאָל — צו אַ טעאַטער פאָרשטעלונג אָדער צו אַ קאָנצערט. גאָלדעס גרעסטער גענוס איז, צו הערן קלאַסישע מוזיק. אין שטוב הערט די ראַדיאָ ניט אויף צו שפּילן די בעסטע קלאַסישע פּראָגראַמען וואָס זיינען נאָר פאַראַן.

ביי זיין אַרבעט פילט זיך יוסף ניט שלעכט. ער לעבט זיך אויס גייסטיק אין אַ סביבה פון שרייבער און לערער. איסט־בראָדוויי איז נאָך אַלץ אַ צענטער פון אַ יידיש־גייסטיקער אַטמאָספערע. ער האָט הנאה צו זיצן אין דער קאַפע־הויז לעבן דער „פאָרווערטס״־געביידע, און יעדן טאָג ביי די טישלעך בעת עסן, הערן די שמועסן פון די שרייבער. ער טיילט זיך אָפּט מיט זיינע איינדרוקן וואָס ער לייענט אין דער פרעסע אָדער ביכער וואָס קומען אים אָן.

ווען ער איז אַליין אין הויז, ווען גאָלדע מיטן ברודער גייען ערגעץ צוזאַמען אַוועק, — בלייבט יוסף זיצן אַ פאַרטיפטער אין רעיונות. ער נעמט חשבון פון זיך, פון זיין לעבן, פון די שטורעמס, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט און פון וועלכע ער איז אַרויס גאַנץ. אַ מידקייט און אַן אומעט באַפאַלט אים דעמאָלט. וואָס ווייטער? וועמען האָט ער איצט אין לעבן? יאָ. ער האָט גאָלדען און ער האָט מרדכין.ביידע זיינען אַ טייל פון אים, נישט פונאַנדער־

צוטיילן. ער האָט גאָלדען איצט — ווייל מרדכי איז דאָ, און ער האָט מרדכין, ווייל ער איז אַ טייל פון גאָלדען. מאָדנע, ווי דאָס לעבן האָט דערפירט. אמת, גאָלדע און מרדכי זיינען טאַקע זיין פרוי און שוואָגער, אָבער עפּעס מער פון דעם. זיי זיינען אויך ווי קינדער, וואָס ער מוז זאָרגן פאַר זיי, זיי זיינען ביידע נישט אָפּצוטיילן פון אים. ביין פון זיין ביין, פלייש פון זיין פלייש. און ער טראַכט פון זייער צוקונפט. אפשר דערפאַר וואָס ער איז אין יאָרן עלטער פון זיי. אָבער וואָס וועט זיין ווען ער, יוסף, וועט שוין דאָ ניט זיין? אַ טרויער נעמט אים אַרום. און ער פרעגט זיך:

— „האָב איך אַ רעכט צו טראַכטן פון זיי ווי יורשים, ווי קינדער, וואָס דאַרפן גיין אין זיינע וועגן? וועלן זיי, גאָלדע און מרדכי גיין תמיד אין די דרכים וואָס ער איז געגאַנגען? וועלן די הייליקייטן וואָס ער טראָגט אין האַרצן בלייבן אויך זייערע הייליקייטן?... וועלן זיי אים דערמאָנען אַ מאָל צום גוטן, ווען ער וועט שוין דאָ ניט זיין? אָדער וועלן זיי אפשר אים פאַר־געסן ווי ער וואָלט קיין מאָל נישט געלעבט?"

יוסף דערשרעקט זיך פאַר זיינע געדאַנקען. ער לויפט שנעל אַראָפּ אין גאַס, אין דעם קליינעם פּאַרקל לעבן זיין הויז, כדי זיך צו באַפרייען פון די אומעטיקע געדאַנקען, און טראַכטן פון עפּעס אַנדערש.

אַראָפּגייענדיק אויף די טרעפּ געפינט יוסף אַ טעלעגראַמע אין זיין בריוו־קעסטל. אין זיינע טראַכטענישן, אין די אומעטיקע מחשבות, וואָס זיינען אים באַפאַלן היינטיקן אָוונט, האָט ער נישט געהערט דאָס גלעקל קלינגען אין זיין טיר. ער עפנט שנעל די טעלעגראַמע און עס גיט אים אַ זעץ אין האַרצן. ער לייענט די ווערטער, וואָס זאָגט אים אָן די בייס, אַז רבקה, די געוועזענע פרוי זיינע, איז געשטאָרבן אין פּאַריז. ווער עס האָט אים געשיקט די טעלעגראַמע האָט יוסף ניט געקענט אויסגעפינען, ווייל דער נאָמען פון דעם וואָס האָט טעלעגראַפירט איז פאַר אים געווען אומבאַקאַנט.

מיט דער טעלעגראַמע אין האַנט איז יוסף אַזוי אַרומגעגאַנגען יענעם אָוונט אין די טונקעלע געסלעך אַרום הויז. עפּעס האָט געוויינט אין אים: — „אַזוי, אַזוי, איז רבקה אויך שוין נישטאָ. זי האָט באַצאָלט פאַר אַלץ, און באַצאָלט אַזוי טייער." אַ שולד־געפיל איז יוספן באַפאַלן. יאָ, ער האָט אַ סך געגומען אויף זיך. טרערן זיינען אים געקומען אין די אויגן. ער איז געזעסן אויף אַ באַנק אין דעם פּאַרקל, פאַרזונקען אין זכרונות פון זיין לעבן און באַוויינט רבקהס טויט. ער האָט געפילט בעת מעשה, ווי ער באַוויינט אויך זיין אייגן לעבן. אַז עפּעס איז אין אים אָפּגעשטאָרבן. גע־דאַנקען פון טויט, פון אָפּגעזעגענען זיך מיט דער וועלט, פון אַוועקגיין און פאַרשווינדן, זיינען אים באַפאַלן. אין די שאָטנס פון די ביימער, האָט ער

אויך געזען דעם שאָטן פון טויט וואָס לייגט זיך אויף אים און וואָס וויל
אים פאַרהילן אין פינצטערניש, אין אייביקער נאַכט...

ווען ער איז שפּעט אין דער נאַכט אַרויפגעקומען פון פּאַרק האָט גאָלדע
דערקענט אין זיין פּנים, אַז עפּעס טרויעריקעס האָט מיט אים פּאַסירט.
ווען ער האָט איר דערציילט פון דער ידיעה, האָט גאָלדע אויסגעבראָכן
אין אַ געוויין. די קליינע וואוינונג איז יענעם שפּעטן אויפדערנאַכט פול
געווען מיט אַ שטיל־שוויגנדיקן טרויער...



# 53




ער גרעסטער טייל פון יוספס לאַנדסלייט, אַליין גע־ראַטעוועטע פון דעם היטלער־גיהנום — האָבן גע־וואוינט אין פאַרשיידענע שטעט איבער גאַנץ אַמע־ריקע און קאַנאַדע. יידן פון וואַרטע האָבן זיך איצט אויך געפונען אין מדינת ישראל. מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז פון צייט צו צייט דאַרף מען זיך ערגעץ־וואו צוזאַמענקומען, כדי אָפּצוגעבן באַריכטן פון דער אַרבעט, פון די געלט־זאַמלונ־גען; גלייכצייטיק אויך אָפּגעבן כבוד די אומגעקומענע קדושים פון וואַרטע, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַצי־מערדער. מ'האָט יוספן געלאָזט וויסן אַז מען גרייט זיך צו אַזאַ צוזאַמענקונפט. ביי דעם דאָזיקן צוזאַמענ־קונפט וועט אויך אָפּגעגעבן ווערן כבוד און אנערקענונג צו די, וואָס האָבן עס פאַרדינט — פאַר זייער איבערגעבנקייט און פאַר זייער זאַמלען הילף פאַר די לעבנגעבליבענע.

די לאַנדסלייט האָבן יוספן געלאָזט וויסן, אַז דעם ערשטן צוזאַמענקונפט אָרדענען זיי איין פאַר זיין כבוד־וועגן, — צו דעם 65יאָריקן יובל פון יוספס געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט לטובת הכלל, סיי פאַר די יאָרן אַרבעט זיינע אין דער אַמאָליקער היימשטאָט וואַרטע, סיי פאַר די יאָרן דאָ אין אַמעריקע. דער סעקרעטאַר וואָס האָט געשריבן דעם בריוו האָט געבעטן יוספן ניט אָפּ־צוזאָגן זיך פון אַזאַ יום־טובדיקן צוזאַמענקונפט, ביי וועלכן עס וועט אויך באַשטימט ווערן אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל לכבוד אים מיט אַרטיקלען פון לאַנדסלייט און שרייבער־געסט, וואָס וויסן פון יוספס פיל־יאָריקער טעטיקייט;

די אַרבעט וואָס ער האָט געטאָן פאַר די לאַנדסלייט אין דער גאַרער וועלט. דער זשורנאַל וועט זיין געווידמעט יוספן און זיין יובל.

ווי באַשיידן יוסף איז געווען, האָט ער נישט געקענט אָפּזאָגן דעם פאַרלאַנג פון זיינע לאַנדסלייט און פריינד. דערצו, ווען דאָס וועט העלפן ווידער צעמענטירן און צוזאַמענברענגען די לאַנדסלייט עפּעס וויטער צו טאָן פאַר די, וואָס נייטיקן זיך אין הילף. אויך וועט צוליב דעם יובל זיינעם עפּעס אַרויסקומען, אַז עס זאָל דערגאַנצט ווערן די אַרבעט פון דעם בוך „יידן פון וואַרטע". אַ סך דאַרף נאָך דערציילט ווערן פאַר דעם כבוד פון דעם פריציטיק־פאַרשניטענעם יידישן לעבן אין זיין היים־שטאָט, האָט יוסף אַנגענומען דעם פאַרשלאַג פון דעם סעקרעטאַר. ער האָט געוואוסט אַז עס זיינען פאַראַן נאָך גענוג מאַטעריאַלן צו פאַרעפנטלעכן און דעם דאָזיקן זשורנאַל וואָס די לאַנדסלייט פּלאַנעווען אַרויסצוגעבן; דאָקומענטן און אַרטיקלען וואָס זיינען פון גרויסן היסטאָרישן ווערט. דאָס וועט זיין אַ ווירדיקער אָנדענק, אַ מצבה אויף זיין היימשטאָט וואָס וועט בלייבן לדורות.

דער צוזאַמענקונפט איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. און אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויך דער זשורנאַל, געווידמעט יוספן, אַרויסגעגעבן געוואָרן. שוין ביים צוזאַמענקונפט האָבן די מערסטע רעדנער זיך אָפּגעשטעלט אויף יוספס קולטורעלע פאַרדינסטן; אויף זיין ענערגיע און איבערגעבנקייט לטובת־הכלל און דאָס אָפטע פאַרגעסן אַפילו זיינע אייגענע, פּערזענלעכע אינטערעסן. באַזונדערס איז דערמאָנט געוואָרן יוספס אַרבעט פאַר דעם בוך: „וואַרטע". יוספס אַרומפאָרן איבערן לאַנד, זיינע אויפטריטן אין פאַרשיידענע שטעט אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע, און לסוף — די גרויסע הילף וואָס ער, צוזאַמען מיט די לאַנדסלייט, האָבן געטאָן פאַר דער שארית הפליטה, פאַר די רעשטלעך, די קרבנות פון די נאַצי־רוצחים, די לעבנגעבליבענע יידן פון זיין היימשטאָט און די שטעטלעך אַרום וואַרטע.

אין דעם גרויסן זאַל וואו עס האָבן זיך געפונען הונדערטער לאַנדסלייט מיט זייער פרויען און קינדער, איז געווען יום־טובדיק. כאָטש עס זיינען געווען אויך מאָמענטן פון טיפן טרויער. דאָס איז געשען בעת די רעדנער האָבן דערמאָנט דעם חורבן פון זייער היימשטאָט און די הונדערטער קדושים־וטהורים. אויף די אַלע שבחים און לויב־געזאַנגען האָט יוסף געענטפערט מיט אַ קורצער רעדע. ער האָט געדאַנקט פאַר דעם צוגעטיילטן כבוד:

— „איך בין ניט זיכער," — האָט ער געזאָגט, — „צי איך האָב באמת פאַרדינט איר זאָלט מיר אָפּגעבן אַזוי פיל כבוד און אַזעלכע שיינע רעדעס האַלטן וועגן מיר. בשעת איר האָט גערעדט, האָב איך זיך געפרעגט, ווי באַנטשע שוויג ביי פּרצן, צי מיינט מען דאָס טאַקע מיך? „יאָ", — האָט יוסף

פאַרענדיקט — „מיינע טייערע לאַנדסלייט, ווען נישט דער שרעקלעכער חורבן וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק מיט זעכצן יאָר צוריק, וואָלט איר אפשר אָפּגעבן כבוד אַן אַנדערן, נישט מיר. אָבער אַזוי האָט דער גורל גע־וואָלט, אַז איך זאָל זיך ראַטעווען באַצייטנס און קומען אַהער, און טאָן די אַרבעט וואָס מיין האַרץ האָט מיר דיקטירט. נו, נעם איך אָן באהבה די שיינע רייד וועגן מיר. אייך אַלעמען קומט אַ גרויסן יישר־כוח פאַר דער הילף וואָס איר, טייערע לאַנדסלייט, האָט געגעבן און גיט נאָך. באַזונדערס מעגט איר שטאָלץ זיין וואָס איר, יידן פון וואַרטע, האָט געוויזן אַ וועג ווי אַזוי צו פאַראייביקן די גייסטיקע ירושה פון אונדזערע אבות. אַז אויך אַנדערע שטעט אין פוילן זאָלן קריגן אַ תיקון! מ׳גיט איצט אַרויס ביכער, וואָס פאַראייביקן די דאָזיקע אַמאָליקע יידישע שטעט, וואָס זיינען מער נישטאָ. זיי וועלן אָבער בלייבן לעבן אין די געדענקביכער. און אַ מוסטער פון דעם ווי אַזוי דאָס צו טאָן האָבן מיר, יידן פון וואַרטע, געגעבן!"

דער עולם האָט לאַנג אַפּלאָדירט יוספס רייד. אַ יום־טובדיקער און אַ צופרידענער פון דעם, וואָס ער האָט יענעם אָוונט איבערגעלעבט, איז יוסף מיט גאָלדען געגאַנגען אַהיים.

אין דעם זשורנאַל איז צום אויסדרוק געקומען די אַלע אויפטוען יוספס אין משך פון די פופציק יאָר קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. עס זיינען אין דעם זשורנאַל אַריין אַרטיקלען פון יידישע שרייבער, וואָס קומען פון פוילן, כאָטש זיי זיינען נישט פון דער זעלבער שטאָט פון וואַנען יוסף קומט, ווייסן זיי פון יוספס אַרבעט פאַר די „צישאָ"־שולן אין וואַרטע און אין וואַרשע, און פריער פון זיין פראָפעסיאָנעלער אַרבעט ביים אָרגאַניזירן די אַרבעטער־פאַראיינען אין וואַרטע, און אין וואַרשע. אין די זכרונות, גע־שריבן פון די נאָענטע פריינד, איז געקומען צום אויסדרוק די אָפּפערווייליקייט, די געטריישאַפט פון יוספן פאַר דעם יידישן אַרבעטער אין פוילן און דאָ הי. אויך די אַרבעט זיינע ביים רעדאַקטירן דאָס בוך: „יידן פון וואַרטע".

# 54



י יאָרן זיינען געלאָפן איין טאָג ענלעך צום אַנדערן. איז ער, יוסף, גליקלעך אין די לעצטע רייכע טעג פון זיין לעבן? שווער וואָלט אים געווען צו ענט־פערן אויף דער דאָזיקער פראַגע. די בעסטע שעהען פון טאָג זיינען געווען פאַר אים די שעהען פון פרימאָרגן. ער הערט אויף דער ראַדיאָ די נייס פון טאָג, ער הערט דעם יידישן קאָמענטאַטאָר, וואָס ער קען פערזענלעך ווי אַ גוטן פריינד. און ער האָט הנאה פון דעם גוטן יידיש, וואָס קלינגט אָפּ אַזוי פריי און אַזוי שטאָלץ איבער דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וואו עס לעבן יידן, כן־ירבו, און וואו יידן פילן זיך אַזוי פריי. ער איז איצט איינער פון די דאָ־זיקע שטאָלצע אַמעריקאַנער יידן! ער איז שוין אַ בירגער פון דעם לאַנד, מיט שטים־רעכט אויסצוקלייבן סענאַטאָרן, קאָנגרעסלייט און אַפילו אַ פּרע־זידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן! די שטימע פונעם נייס־קאָמענטאַטאָר בלייבט שטיל, און עס הערן זיך די וואונדערלעך שיינע קלאַנגען פון יידי־שער און קלאַסישער מוזיק, וואָס ער האָט אַזוי ליב צו הערן אין די פרי־מאָרגן־שעהען. אָט שטייט אים פאַר אַ טאָג אַרבעט. אַרבעט אַרום יידישע ביכער, יידישע צייטשריפטן. אַרומגערינגלט פון קולטור־טוער, שרייבער, לערער, אין אַ סביבה, וואָס איז אים אַזוי ליב און איינגעבאַקן אין האַרצן. ווער ער זיך דאַרפן אַ מאָל שיידן מיט אָט דער וואונדערלעכער סביבה? ער עפנט די טיר, וואָס פירט צום שלאָפצימער. ער טוט אַ בליק צום בעט וואו גאָלדע, דאָס ווייב זיינס, שלאָפט.

זי האָט ליב צו שלאָפן שפעט. זי אָטעמט אַזוי לייכט. ווי אַ חלום וואָלט געשוועבט איבער איר. ער האָט ליב צו קוקן אויף גאָלדען בעת זי שלאָפט.

אַלע עוולות קעגן איר, אַלע פאַרדראָסן וואָס זאַמלען זיך אָן פאַרשווינדן פון זיין זכרון. דאָס פּנים אירס איז אים ליב. ער איז איר דאַנקבאַר פאַר די יאָרן פון גליק, די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. נאָר עפּעס פילט ער זיך לעצטנס ניט מיט אַלעמען. די כחות לאָזן זיך אויס. ער איז שוואַך און אַ מידקייט באַפאַלט אים. נאָר בייטאָג, ביי דער אַרבעט פאַרגעסט ער זיך אין זיין געזונט. ער אַרבעט, אין אָוונט אָבער פאַלט ער אַוועק אַ מידער גלייך נאָכן אָוונט־ברויט.

אָט אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן איז יוסף אויפגעשטאַנען ווי געוויינלעך, זיך אַרומגעוואַשן און איז צוגעגאַנגען צום טישל, וואו די ראַדיאָ איז געשטאַנען. ער האָט פריער פאַרמאַכט די טיר וואו גאָלדע איז געשלאָפן און געפּרואווט אויפדרייען די ראַדיאָ, פּלוצעם דערפילט ער אַ ווייטאָג אין דער לינקער זייט פון האַרצן, אַ שטעכעניש ווי מיט נאָדלען. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן ברעג פון טישל בישט אומצופאַלן. עס האָט אים געשווינדלט ווי אויף צו חלשן. אַ מינוט־צוויי האָט געדויערט. די ווייטאָגן זיינען געווען אין לשער. אָבער ס׳איז אַריבער און ער האָט זיך דערפילט בעסער. גלייך איז ער צו צום וואַסער־קראַן, געלאָזט לויפן קאַלט וואַסער און זיך באַשפּריצט דאָס פּנים, געטרונקען פונעם פליסנדיקן קאַלטן וואַסער, און זיך געפילט דערפרישט. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול.

ער איז געזעסן אַ ווײַלע אין דער שטילקייט פונעם פרימאָרגן ביים טישל נעבן דער קליינער ראַדיאָ און געטראַכט: „יאָ דערציילן גאָלדען, — אָדער ניט?" ער האָט באַשלאָסן איר ניט דערציילן. זי וועט זיך דערשרעקן און ס׳וועט זיך אָנהייבן אַ מעשה מיט דאָקטוירים און וויזיטן ,אפשר גאָר אַ שפּיטאָל, וואָס איז דאָס פאָדערהויז צו דער אייביקייט. אָנשטאָט צו טראַכטן וועגן בלייבן אין הויז און גיין צו אַ דאָקטער, איז יוסף שטיל אַרויס פון שטוב. ער האָט זיך קוים, אַ שוואַכער נאָך די פרימאָרגנדיקע האַרץ־קראַמפן, זיך דערשלעפּט צו דער ביוראָ אויף איסט־בראָדוויי.

אַריין אין אַרבעטס־צימער, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאָר בייגנס ווייס פּאַפּיר און גענומען שרייבן אַ בריוו, אַ מין צוואה, צו גאָלדען און מרדכין.

— — — — — — — — — — — — —

דעם דאָזיקן בריוו האָט גאָלדע ערשט צומאָרגנס, נאָך יוספס טויט, געפונען אין דעם גרויסן שופלאָד פון יוספס שרייב־טיש:

„מיינע טייערע, איך שרייב דעם בריוו צו אייך ביי דער אַרבעט אין אָפיס. עס איז נאָך זייער פרי. קיינער פון די אָנגעשטעלטע זיינען נאָך ניטאָ. די זון איז נאָר־וואָס אויפגעגאַנגען און איך זע די יונגע פרימאָרגן־שטראַלן דורכן פענצטער גלאַנצן איבערן איסט־ריווער.

אַלץ וואַכט אויף צום לעבן. די מאַנהעטן־בריק, דער סימבאָל פון גבורה, הייבט אָן זיין טאָג. אַלץ איז איצט אַזוי הערלעך־שיין, אַז עס וואָלט זיך געוואָלט נאָך לעבן און געניסן פון לעבן... אָבער איך פיל אַז די כחות גייען מיר אויס. איך האָב מיט אַ שעה צוריק געהאַט אַ האַרץ־אַטאַקע, אָבער איך האָב זיך איינגעהאַלטן דיך ניט אויפצואוועקן, און אויך דיך, מרדכי, ניט געוואָלט באַלעסטיקן. צו וואָס? כ'וועל אפשר פּרובירן צוגיין צו אַ דאָקטאָר. אָבער איך צווייפל צי ער וועט מיר שוין קענען העלפן. איך פיל דעם סוף וואָס דערנענטערט זיך. איך וועל דעם בריוו, די צוואה מיינע, שרייבן ווען איך בין נאָך אַביסל ביי די כוחות. בעסער איצט, ווייל שפּעטער — קען זיין צו שפּעט.

„איר, מיינע טייערע, גאָלדע און מרדכי, זייט נאָך יונג, כאָטש אין איבערלעבונגען, אין יסורים און פּיין, זייט איר אפשר עלטער פון מיר. איך בעט אייך, נעמט אויף מיין אַוועקגיין פון אייך אָן צער און אָן געוויין. אוודאי וואָלט איך וועלן נאָך זיין מיט אייך כאָטש נאָך אַ פּאָר יאָר. נאָר ווי איך פיל, וועט עס ניט לאַנג דויערן, און איך וועל גיין אַהין וואו יעדער בשר ודם מוז גיין זיין לעצטן וועג... און כאָטש איך ווייס, אַז איר דאַרפט מיך אפשר מער ווי איך אייך, בין איך אָבער אייך דאַנקבאַר פאַר די יאָרן מיט אייך. דעם שטילן נעסט אויף איינע פון די געסלעך אין דעם גרויסן ניו־יאָרק, וואָס איר, אַפריער גאָלדע, מיין ווייב, און שפּעטער דו, מיין ליבער מרדכי, האָבן מיר געהאָלפן אויפצובויען.

„דאָס זיין מיט אייך זיינען געווען ערלעכע טעג און נעכט, נאָך אַזוי פיל יאָרן פּיין אין בלאָנדזשעניש; דאָס יאָגן זיך מיינס נאָך דעם פּיצל גליק, ווי נאָך אַ פייגעלע אויף מיין פענצטער; אָט־אָט האָב איך עס אין מיין האַנט, און אָט איז דאָס פייגעלע, דאָס גליק מיינס, פאַר־שוואונדן.

„יאָ, מיינע טייערע! איך גיי פון דער וועלט מיט גרויסע טענות צום האר פון די וועלטן. און מער טענות נאָך צו דער מענטשהייט! מיין טענה איז נישט מיינע אַליין. איך פיל, אַז איך קען ריידן אין נאָמען פון טויזנטער אַנדערע, ענלעכע צו מיר, וואָס ווילן זען די וועלט אַן אַנדערע, מיט מער יושר און גערעכטיקייט, און מיט וויני־ציקער שנאה און קנאה איינער צום אַנדערן, ווי ער, דער רבונו־של־עולם, האָט דאָס וועלטל זיינס אַזוי באַשאַפן, אַז איינס דאָס אַנדערע זאָל זיך אויסקוילן און מער נאָך פון אַלע פעלקער זאָלן מיר, יידן, ליידן, ליידן אָן אַ סוף!...

ביים לעבן האָב איך, דוכט מיר, חלילה קיינעם נישט באַוועלהט. פאַרקערט, אַנדערע האָבן מיך באַליידיקט און עוולות אָפּגעטאָן און אַ מאָל טאַקע אויס רייַנער רשעות. פון וואַנען נעמט זיך דאָס שלעכטס ביי מענטשן? פאַרוואָס? פאַרוואָס קען דער מענטש, דער בחיר־היצירה, ניט זיין גוט, טאַקע אויף אַן אמת גוט? דעמאָלט וואָלט דאָך גאָר קיין שלעכטס ניט געווען, און יעדער וואָלט געקענט אַוועקגיין פון דער וועלט און אָפּגעזעגענען זיך מיטן לעבן אין גוטע מינוטן נישט ווי איך אַצינד אין ביטערניש, אין צווייפל און אין גרויסער אַנטוישונג...

„מיין בקשה צו אייך, גאָלדע און מרדכי, איז ווי צו די סאַמע נאָענטסטע אין מיין לעבן. ווי אַ פאָטער צו זיינע קינדער רעד איך צו אייך, ווייל אָפּט האָב איך געפילט צו אייך ביידן, ווי צו מיין אייגן בלוט און פלייש, — ווי איר וואָלט קינדער מיינע געווען...

„טייערער מרדכי! די ליבע און די געטריישאַפט פון דיין שוועס־טער גאָלדע צו דיר, איז איר גאַנץ לעבן. איר איבהאַלט, איר עק־סיסטענץ. נעם נישט צו פון איר אַט די געטריישאַפט. אַנטויש זי נישט! און זיי מיט איר, ווייל נאָר דיין נאָענטקייט וועט אויפהאַלטן איר לעבן.

„גאָלדע און מרדכי, פאַרטיפט אייער משפחה־געפיל. האַלט זיך צוזאַמען! איך גלויב דאָך, אַז דאָס מענטשלעכע אין מענטשן, דאָס גוטע וועט גובר זיין דאָס שלעכטס, און איר קענט זיין ווי אַ מוסטער פון גוטסקייט פאַר אַנדערע מענטשן.

„זייט גוט צו דעם איבערבלייב פון מיין משפחה, די קרובים מיינע, וואָס איך האָב געוואָלט זען זייער גליק, און צום טייל איז עס מיר געלונגען! איך גיי אַוועק פון דער וועלט מיטן באַוואוסטזיין פאַר די פאָר גוטע מעשים וואָס איך האָב געטאָן סיי פאַר מיינע אייגענע, סיי פאַר סתם יידן, — די לאַנדסלייט פון מיין טייערער היימשטאָט וואַרטע.

„איך בין אַ לעצטער פון אַ דור, וואָס האָט געוואָלט זען אַ נייע וועלט פון יושר און גערעכטיקייט! זייט איר מיינע יורשים און טוט אַלץ אויסצוראָטן דאָס שלעכטס צווישן מענטשן...

„היט אָפּ מיינע ביכער, מיין גייסטיק פאַרמעגן, אין די שענקלעך, אַזוי ווי איך לאָז זיי איבער. קוקט אַריין אין זיי, לערנט און געפינט טרייסט אין די וואונדערלעכע רייד פון אונדזערע שרייבער און דענ־קער.

„מיין לוויה זאָל דער „בונד" דורכפירן. ווייל מיט דעם „בונד" האָב איך באַהאָפטן מיין נשמה. קיין רעדעס זאָל קיינער ניט האַלטן איבער

מיין ארון. און ווער עס וויל וויסן פון מיין לעבן וועט ער עס קענען אַרויסלייענען פון מיין בוך, וואָס איך לאָז איבער אין מאַנוסקריפּט, און וואָס איך האָף, אַז איר, ווי יורשים, וועט דאָס אַרויסגעבן.

„אין דעם בוך ,וואָס איך לאָז איבער, וועלן אַלע קענען זען סיי מיינע מעלות און סיי מיינע חסרונות. איך האָב זיי בידן געהאַט, ווי יעדער בשר־ודם אויף דער זינדיקער ערד...

„דאָס בוך — דאָס איז מיין קדיש!

„וויינט נישט ביי מיין לוויה. זינגט די בונדישע שבועה מיט די חברים ביי מיין קבר, אָן טרערן.

„אייער איבערגעבענער אין גרויס ליבשאַפט,

יוסף.”

געשטאָרבן איז יוסף, אין דעם זעלבן טאָג, וואָס זיין טעכטערל, שרהלע, איז געשטאָרבן. דאָס איז געווען אין אַ מיטוואָך אין דער פרי, אין חודש אָקטאָבער.

צוריקגייענדיק פון דער לוויה האָבן גאָלדע און מרדכי נישט געקענט אַריינגיין אין שטוב. פאַר גרויס צער און צעבראָכנקייט זיינען זיי אַריין אין דעם קליינעם פּאַרק, וואו יוסף האָט אַלע מאָל ליב געהאַט צו זיצן. זיי זיינען צו צו דער באַנק, וואו יוסף פלעגט אָפט אויסקלייבן, צווישן צוויי הויכע סאָסנע־ביימער. דאָ האָבן זיך מרדכי און גאָלדע אַוועקגעזעצט. אין האַרצן האָט, אין יעדן פון זיי, געוויינט. די אויגן ביי גאָלדען זיינען געווין טרוקן. ווי דער קוואַל פון טרערן וואָלט אויסגעטריקנט געוואָרן פון טיפן צער, פון פּיין, וואָס האָט געקלעמט אין איר האַרץ.

אַ מחנה ווייסע טויבן זיינען אָנגעפלויגן און געקרייזט אַרום זיי, ווי זיי וואָלטן געקומען טרייסטן די צוויי איינזאַמע אבלים נאָך זייער נאָענטסטן און האַרציקסטן וואָס איז פון זיי צוגענומען געוואָרן.

— „זע, טויבן”, — האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן.

— „יאָ,” — האָט גאָלדע אים געענטפערט. דער קוואַל פון טרערן האָט זיך ווידער געעפנט. זי האָט זיך צעוויינט. טרערן זיינען איצט געפאַלן אויף אירע באַקן:

— „דאָס זיינען די זעלבע ווייסע טויבן, וואָס האָבן מיך און יוספן אַרומגערינגלט ווען איך בין מיט אים צו דער חופה געגאַנגען”...

מרדכי האָט געגלעט אירע צוקנדיקע אַקסלען...

— — — — — — — — — — — — —

ניו־יאָרק, 55־1953